מאַרק כינאָי

# פון צאַרישן און סאָוועטישן אונטערגרונט

פּאָליטישע און ביאָגראַפישע עטאַפּן אין מיין לעבן

פאַרלאַג „דער וועקער"
175 איסט בראָדוויי, ניו־יאָרק
תל־אביב, תשכ"ה — 1965

**MARK KHINOY**

# FROM THE CZARIST AND THE COMMUNIST UNDERGROUND

**מאַרק כינאָי**

# פון צאַרישן און סאָוויעטישן אונטערגרונד

"Der Weker" Jewish Socialist Verband
175 East Brodway, New-York

Printed in Israel 1965
נדפס בישראל תשכ"ה

דפוס „אורלי", רח' יסוד המעלה 27, תל־אביב

# אינהאַלט



מאַרק כינאָי, געבוירן דעם 21סטן אָקטאָבער 1884 לעבן אַ דערפל אין סוראַזשער דיסטריקט, טשערניגאָווער געגנט, אוקראַינע. זיין פאָטער האָט געאַרבעט ווי אַן אָנגע־שטעלטער אין אַ וואַלד. פון קינדווייז אָן אַרומגעוואַנדערט, צו ערשט מיט די עלטערן, דערנאָך אַליין. געלערנט אין חדר אין די שטעטלעך טשעטשערסק, זשוראַוויטשי און בעליצע, מאָהילעווער געגנט. נאָכן ענדיקן די רוסישע שטאָט־שול אין נאָוואָבעליצע, לעבן האָמעל, געאַרבעט אין אַן אַפּטייק, זיך געלערנט אויף פאַרמאַצעווט. 1899 אַוועק קיין ווילנע, וווּ ער איז געוואָרן אַ שריפטזעצער, צוגעשטאַנען צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און אין שליחות פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פאַרטיי אָרגאַניזירט אומלעגאַלע דרוקערייען אין פאַרשיידענע שטעט אין דרום־רוסלאַנד. פאַרנומען פאַרשיידענע אַמטן אין דער פאַרטיי, געשריבן אין אירע אומלעגאַלע פרעסע־אָרגאַנען. 1905 געווען מיטגליד פון יעקאַטערינאָסלאַווער סאָוועט פון אַרבעטער־דעפּו־טאַטן, זומער 1906 סעקרעטאַר פונעם לעגאַלן פאַראיין פון די מוניציפּאַלע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע אין מאָסקווע. געווען אַרעסטירט אין יעקאַטערינאָסלאַוו, מאָסקווע און דאָס לעצטע מאָל (1908) אין פּט״ב אין דער דרוקעריי פון מיניסטעריום פאַר אינעווייניקסטע ענינים, ווו געאַרבעט — מיטן וויסן פון דער פאַרטיי — אונטער אַ פאַלשן נאָמען — לעמבערג — ווי אַ פאַרוואַלטער פון די לינאָטיפּ־מאַשינען אין דער געהיימער אָפּטיילונג פון מיניסטעריום. צוויי מאָל אויך געווען פאַרשיקט קיין סיביר און ביידע מאָל פון דאָרט אַנטלאָפן. סוף 1908 עמיגרירט קיין פאַריז, געאַרבעט דאָרט

צו ערשט ביי זיין פאַך, נאָך דעם ווי אַ פראַנצויזיש־רוסישער און רוסיש־פראַנצויזישער איבערזעצער. גלייכצייטיק געווען טעטיק אין דער רוסלענדישער ס״ד־פאַרטיי און געשריבן פאַר דער פראַנצויזישער פראָפּאַראיינישער פרעסע. 1913



מאַרק כינאָי אויפן וועג פון טורוכאַנסק קיין מאָסקווע

עמיגרירט קיין אַמעריקע און זיך באַזעצט אין שיקאַגאָ, ווו געווען (1914 — 1917) רעדאַקציע־סעקרעטאַר פון שיקאַגער אויסגאַבע פון דער רוסישער סאָציאַליס־טישער צייטונג „נאָווי מיר״. נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע (פעברואַר־מערץ, 1917) געווען עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר פון דער מידל־וועסט־קאָנפערענץ פון עמיגראַנטישע אָרגאַניזאַ־ציעס (רוסישע, יידישע, פוילישע, לעטישע, ליטווישע און

פינישע) און אַקטיוו מיטגעאַרבעט ביים אָרגאַניזירן דאָס צוריקפאָרן פון פאָליטישע עמיגראַנטן קיין רוסלאַנד, אָבער נאָך דער אָקטאָבער־איבערקערעניש אין 1917 איבערגעריסן אַלע פאַרבינדונגען ווי מיט „נאָווי מיר", אַזוי אויך מיט דער רוסישער פעדעראַציע פון דער אַמעריקאַנישער סאָציאַליס־טישער פאַרטיי, ווען די פעדעראַציע איז באַהערשט געוואָרן פון דער באָלשעוויסטישער ריכטונג. אין 1918 זיך באַטיי־ליקט אין דער ניו־יאָרקער מענשעוויסטישער וואָכ״ש „נאַ־ראָדנאַיאַ גאַזעטאַ". 1919 — אין דער שיקאַגער אומפּאַר־טייאישער רוסישער צייטונג „סוואָבאָדנאַיאַ ראָסיאַ". 1921 זיך באַזעצט אין ניו־יאָרק און אָנגעהויבן שרייבן יידיש. אָפּ־געדרוקט אין „פאָרווערטס" (א״פ ס. מידאָוויטש) אַ סעריע אַרטיקלען וועגן דעם צושטאַנד פון דער סאָציאַליסטישער און קאָמוניסטישער באַוועגונג אין אַלע לענדער און זיינט דעמאָלט שוין פאַרבליבן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פון דער צייטונג, ווו ער איז דערנאָך געוואָרן איינער פון די לייט־אַרטיקלען־שרייבערס. איז אויך געווען (ביז מערץ 1923) אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער און רעדאַקציע־מיטגליד פון „דער וועקער", אָרגאַן פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַר־באַנד אין אַמעריקע. כינאָי שרייבט איבער אינטערנאַציאָ־נאַלער פּאָליטיק, פּראָבלעמען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין דער וועלט, סאָציאַל־עקאָנאָמישער און פּאָליטישער לאַגע אין רוסלאַנד, טעאָריע און פּראַקטיק פון קאָמוניזם. שרייבט אויך פאַר דער ניו־יאָרקער סאָציאַליסטישער וואָכ״ש „ניו לידער" (ענגליש), ווו געווען (1933—1938) אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער. איז אויך אַ רעגולערער מיטאַרבעטער פון רוסישן מענשעוויסטישן זשורנאַל „סאָציאַליסטיטשעסקי וועסטניק" (נ״י), ווו ער שרייבט איבער אַמעריקאַנער פּראָב־לעמען. 1934 געמאַכט אַ רייזע קיין סאָוועט־רוסלאַנד און זיינע איינדרוקן פון דער רייזע באַשריבן אין ניו־יאָרקער „פאָרווערטס" אין אַ פיר צענדליק אַרטיקלען, וואָס זיינען, אויסער אין דער יידישער פּרעסע פון אַ ריי לענדער, איבער־

מ אַ ר ק כ י נ אָ י

געדרוקט געוואָרן אויך אין ענגלישע, שוועדישע, דייטשישע און רוסיש־עמיגראַנטישע צייטונגען. שרייבט אויך א״פ: ק. לעמבערג, ל. מאַרקין, מ. סאַמאָליאָוו, ל. בערג. וווינט אין ניו־יאָרק.

איבערגעדרוקט פון „לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור״, באַנד 5, ז״ז 395—396.

## פייערלעכע אויפנאַמע פון ערשטן אַמבאַסאַדאָר פון פרייען רוסלאַנד, דעם 4טן אויגוסט 1917 אין גרויסן שטאָטישן טעאַטער פון שיקאַגאָ

באַגריסונגס־רעדעס האָבן געהאַלטן די פאַרטרעטער פון דער רוסישער קאָלאָניע:

מאַרק כינאָי, אין נאָמען פון דעם רוסישן סאָציאַל־דעמאָקראַטישן קלוב,

זשאַן מיל, אין נאָמען פון „בונד" אין אַמעריקע,

ל. יורגעליאָניס, אין נאָמען פון ליטווישן סאָציאַליסטישן סאָוועט און פון דער רעדאַקציע פון דער צייטונג „נאַויענאָס",

מיכאַיל בערג, (גרוזענבערג, שפּעטער אין רוסלאַנד און אין כינע „באָראָדין"), אין נאָמען פון סאָציאַליסטישן רויטן קרייץ,

איוואַן יעריך, אין נאָמען פון די רוסישע פּראָגרעסיווע אַרב.־אָרגאַניזאַציעס.

## רעדע פון מאַרק כינאָי

גראַזשדאַנין אַמבאַסאַדאָר, חשובע מיטגלידער פון דער ספּעציעלער דיפּלאָמאַטישער מיסיע!

אין נאָמען פון דער שיקאַגער גרופּע פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי, האָב איך דעם כבוד צו באַגריסן אייך, די ערשטע פאַרטרעטער פון דער נייער, פרייער, אין דער רעוואָלוציע געבוירענער רעגירונג.

איך טו דאָס באַזונדערס גערן, ווייל דאָס גיט מיר די געלעגנהייט איבערצושיקן דורך אייך אונדזער חברישן גרוס צו דעם „ראַט פון אַרבעטער־, פּויערים־ און סאָלדאַטן־דעפּוטאַטן" און זיין מלוכה־אָרגאַן, דעם אָרגאַן פון דער גאַנצער רוסישער דעמאָקראַטיע — דער צייטווייליקער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג.

זעכצן יאָר זיינען זיך פאַרלאָפן זינט איך האָב אָנגעהויבן צו באַטייליקן זיך אַקטיוו אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון רוסלאַנד. אַ סך גוטע, הערלעכע און אומפאַרגעסלעכע מאָמענטן האָב איך דורכגעלעבט פאַר דער צייט. אָבער אויך ניט ווייניק פּיינלעכע און גאָר פּיינלעכע. איבעראַל אָבער — אויף דער פרייהייט, אין די טורמעס, אין סיביר און אין גלות אין אויסלאַנד; אין דער נאָך מער געהיימער דרוקעריי פון סטאָליפּינס אינערן־מיניסטעריום אין סאַנקט־פּעטערבורג, וווהין מיר איז געלונגען אַריינצושמוגלען זיך נאָך יאָרן טורמע און סיביר — און, נאַטירלעך, אונטער אַ פרעמדן נאָמען; אויך אונטער דעם שאָטן פון דער תליה, וואָס האָט געשוועבט איבער מיין קאָפּ דריי טעג און דריי נעכט אין דער צעל פון סאָקאָלניצקער פּאָליציי־טורמע אין מאָסקווע — האָב איך ניט פאַרלאָרן דעם גלויבן, אַז די קברות־לייט פון דער צאַרישער זעלבסטהערשאַפט — די אַרבעטנדיקע מאַסן — וועלן דערפילן זייער היסטאָרישע מיסיע, און מיט דער הילף פון אַנדערע געזעלשאַפטלעכע גרופּירונגען און קלאַסן, באַפרייען זיך און דאָס גאַנצע רוסישע פאָלק פון די פּעאָדאַלע קייטן, וואָס די זעלבסטהערשאַפט האָט אויף די אַרבעטנדיקע מאַסן אָנגעטאָן.

וואַרטן איז אויסגעקומען לאַנג — קנאַפּע צוויי צענדליק יאָר. דאָס וואַרטן איז געווען אָפט זייער פּיינלעך, ביז ניט אויסצוהאַלטן.

אַרבעטנדיק אָבער אַן איבעררייס, האָט די רעוואָלוציאָנערע דעמאָ־קראַטיע דערגרייכט איר ציל. רוסלאַנד איז פריי, און די רוסישע מאַסן טוען אַלץ, וואָס די שווערע ירושה פון דער ניט פאַרענדיקטער מלחמה דערלויבט, אַז די פרייהייט, וואָס זיי האָבן דעראָבערט, זאָל זיין אַ פולע און זאָל געפינען איר ענדגילטיקע לייזונג אין אַן עכטער דעמאָקראַטישער רעפובליק, אַ רעפובליק, וואָס זאָל באמת אויס־דריקן די אינטערעסן פון די אַרבעטנדיקע אין שטאָט און דאָרף.

אפשר דערפאַר טאַקע איז דער סאָוועט פון די אַרבעטער־ און סאָלדאַטן־דעפוטאַטן באַשטאַנען אויף דעם, אַז דער גרויספירשט מיכאל זאָל זיך אָפּזאָגן פון דער קרוין, אַז דער צאַר און זיין גאַנצע פאַמיליע זאָל פאַרשיקט ווערן קיין טאָבאָלסק, סיביר; אַז די אַרמיי זאָל זיך באַפרייען פון אַלע ראָמאַנאָווס; אַז מען זאָל וואָס שנעלער דורכפירן די וואַלן צו אַ גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, אויסגעקליבן לויט דעם פרינציפּ פון אַלגעמיינע, גלייכע און געהיימע שטים־רעכט, אָן אונטערשייד פון געשלעכט, ראַסע, נאַציאָנאַליטעט און רעליגיע.

צוליב דער זעלבער סיבה האָט די צייטווייליקע רעגירונג אַרויסגערוקט אין פאָדערגרונט דאָס אַגראַר־פּראָבלעם, דאָס פּראָגראַם פון ערד פאַר די באַדנלאָזע פויערים. און ווייל דאָס איז איינס פון די וויכטיקסטע פּראָבלעמען, וועמענס שנעלע לייזונג וואָלט געקענט פאַרזיכערן די סאָציאַל־פּאָליטישע דעראָבערונגען פון דער רעוואָלו־ציע, האָט די צייטווייליקע רעגירונג באַשלאָסן צו קאָנפיסקירן אַלע לאַנד־רעזערוון פון דער צאַרישער פאַמיליע און פון די מאָנאַסטירן, צוזאַמען מיט די גיטער און וועלדער פון די גרויסע ערדבאַזיצער, און אַרבעט איצט אויף די פּראַקטישע דעטאַלן פון דער גרויסער אַגראַר־רעפאָרם.

געשטויסן פון דעם זעלבן מאָטיוו קעמפט איצט די פּאַרטיי, צו וועלכער איך געהער — די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי — אַז מען זאָל אינעם גאַנג פון דער רעוואָלוציע דורכפירן דעם גאַנצן קנויפּ פון דעמאָקראַטישע רעפאָרמען, וואָס ווערן אויסגערעכנט אין אונדזער פּראָגראַם־מינימום, רעפאָרמען, וואָס מען מוז רעאַליזירן און מאַכן פאַר אַן אָרגאַנישן טייל פון טאָגטעגלעכן לעבן פון לאַנד. אָן דעם איז ניט מעגלעך קיין אמתע פּאָליטישע פרייהייט, קיין סאָ־

ציאַלע גלייכהייט פון די אַרבעטנדיקע, איז ניט מעגלעך קיין סאָציאַ־ליזם.

ווען מיר האַנדלען אַזוי, פאַרגעסן מיר ניט, אַז מיר, אַרבעטער פון די פאַבריקן און שעפער, שטעלן פאַר מיט זיך אַ קליינע מינ־דערהייט פון דער באַפעלקערונג — בלויז אַ פאַר מיליאָן. מיר פאַר־געסן ניט און טאָרן ניט פאַרגעסן, אַז די אינדוסטריעס פון אונדזער לאַנד זיינען שטאַרק אָפּגעשטאַנען אין פאַרגלייך מיט די לענדער פון מערב־אייראָפּע און צפון־אַמעריקע. דעריבער האַלטן מיר, אַז עס איז נאָך ניט געקומען די צייט צו ריידן וועגן אָפּשאַפן פּריוואַט־אייגנטום אויף אַלע פאַבריקן און שעפער, ריכטיקער, אויף אַלע מיטלען פון פּראָדוקציע, האַנדל און פאַרקער, און אַז עס זיינען דעריבער שעדלעך די פּרווון דורכצופירן שוין איצט די דאָזיקע פאָדערונגען אין לעבן, ווי דאָס פאָדערן אונדזערע אַמאָליקע חברים, די באָלשעוויקעס.

מיר האַלטן, אַז אַזעלכע שריט זיינען איצט פון פאָרויס פאַר־אורטיילט צו אַ דורכפאַל, און קענען בלויז אָפּשוואַכן די פרייהייט־לעכע כוחות פון לאַנד, קענען בלויז ברענגען נוצן די רעאַקציאָנערע, קאָנטררעוואָלוציאָנערע קרעפטן פון אונדזער היימלאַנד.

און מיט די קאָנטררעוואָלוציאָנערע כוחות פירט זיך און מוז זיך ווייטער פירן אַן ענערגישער, אומברחמנותדיקער קאַמף.

בירגער! עס הערן זיך אָפט שטימען, אַז די רעוואָלוציע שוואַכט אָפּ די קאַמפּס־פעיִקייט פון דער אַרמיי... צום באַדויערן, איז אין דעם פאָרוואורף זיכער דאָ אַ טייל אמת.

דאָס באַפרייטע רוסלאַנד האָט ניט, און דאַרף ניט האָבן קיין דעראָבערונגס־פּלענער, קיין אימפּעריאַליסטישע צילן.

די פעלקער פון רוסלאַנד נייטיקן זיך ניט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, און קענען גאַנץ גוט אויסקומען אָן דער טערקישער אַרמעניע, אָן די באַלקאַנען, און אָן גאַליציע...

נאָך מער. מיר זיינען איבערצייגט, אַז אַפילו די יונגע רוסישע בורזשואַזיע נייטיקט זיך ניט אין אַט די לענדער, ווי דאָס האַלטן אין איין איבערחזרן אייניקע רוסישע הוראַ־פּאַטריאָטן.

די רעוואָלוציע האָט געבראַכט רוסלאַנד אַזעלכע גרויסע מעג־לעכקייטן פאַר אַ שנעלן סאָציאַל־עקאָנאָמישן אויפבלי, אַז אונדזערע

אינדוסטריעס וועלן קוים קענען ספּראַווען זיך מיט דער פאַבריקאַ־ציע פון פּראָדוקטן פאַר די געברויכער פון אונדזער אייגן לאַנד.

דער דאָזיקער עקאָנאָמישער אויפבלי איז, גלייב איך, אומפאַר־מיידלעך. צום באַדויערן, איז ניט מעגלעך צו האָפן, אַז די דאָזיקע שפּע זאָל קומען כל זמן עס דויערט דער וועלט־קריג. כל זמן די מלחמה דויערט, איז ניט מעגלעך צוצוטרעטן צו דעם ווידעראויפבוי פון די פּראָדוקציע־מיטלען, וואָס דער טראַגישער געראַנגל אויף די פראָנטן האָט פאַרקריפּלט אָדער אין גאַנצן צעשטערט, איז אומ־מעגלעך צו בויען אַ פעסטן פונדאַמענט פאַר דער רעוואָלוציע, אומ־מעגלעך צו דערוואַרטן אַ סוף צו די טראַגיש טרויעריקע נייעס, וואָס בייזע ווינטן ברענגען איצט פון אונדזער היימלאַנד.

מיט דעם דערקלערט זיך פאַר וואָס די מערהייט פון די רוסישע סאָציאַליסטן זיינען איינשטימיק אין זייער שטיצע פון די שריט, וואָס די רעגירונג מאַכט אין איר פּרווו צו ברענגען אַ באַלדיקן שלום אָן אַרויפגעצוווּנגענע אַנעקסיעס און אָן שענדלעכע קאָנטריבוציעס פאַר די „זיגער", — ווער זיי זאָלן ניט זיין. אַ שלום אָן זיגער און אָן באַזיגטע.

ווען מיר טוען דאָס, ווילט זיך אונדז האָפן, אַז אָט די נאָבעלע און נייטיקע דיפּלאָמאַטישע שריט פון די מאַכטהאָבנדיקע קערפּער־שאַפטן פון דעם פרייען רוסלאַנד, וועלן קריגן די נייטיקע שטיצע פון דער עלטסטער רעפּובליק, וואָס איז געווען די ערשטע קלאָר צו מאַכן, אַז זי, די רעפּובליק פון די פאַראייניקטע שטאַטן, איז ניט פאַראינטערעסירט אין וועלכע עס איז טעריטאָריאַלע דעראָבערונגען אין דער מלחמה.

עס ווילט זיך אויך גלייבן, אַז מיט די געמיינזאַמע פּרוון פון די צוויי מעכטיקסטע רעפּובליקן פון דער אַלטער און נייער וועלט וועט זיך שוין אין נאָענטע חדשים איינגעבן צו ליקווידירן די גרויליקע מלחמה.

זאָל לעבן אַן אַלגעמיינער דעמאָקראַטישער שלום!
זאָל לעבן אַ פריי דערוויילטע גרינדונגס־פאַרזאַמלונג!
זאָל לעבן די דעמאָקראַטישע רעפּובליק פון פרייען רוסלאַנד!

„סוואָבאָדנאַיאַ ראָסיאַ", שיקאַגאָ

סטענאָגראַפישער באַריכט פון רעדאַקטאָר אָרלאָווסקי

## מיין ערשטע באַגעגעניש מיט אַב. קאַהאַן

סוף אָקטאָבער 1921 איז דער רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס", אב. קאַהאַן, געקומען קיין שיקאַגאָ אויפקלערן די דאָרטיקע פּאַרטיי־געגאָסן די סיבות פון דער שפּאַלטונג אין דער יידישער סאָציאַ־ליסטישער פעדעראַציע, וואָס איז פאָרגעקומען מיט עטלעכע וואָכן פריער, און קלאָר מאַכן פאַר זיי די שטעלונג, וואָס די „פאָרווערטס"־אַסאָסיאיישאָן האָט גענומען צו דער טראַגישער פּאַסירונג.

ווען עס איז באַקאַנט געוואָרן די כוונה פון קאַהאַנס וויזיט, האָבן מיר אַלע געוואַרט מיט אומגעדולד אויף דעם עפנטלעכן מיטינג, וואָס איז אין פאַרבינדונג מיט דעם אַנאָנסירט געוואָרן. ביי דעם וויזיט האָב איך צום ערשטן מאָל באַגעגנט קאַהאַנען, און ביי דער באַגעגעניש האָט קאַהאַן אַרויסגעוויזן אַזאַ שטריך אין זיין כאַראַקטער, וואָס מען זעט זייער זעלטן ביי באַרימטע פּערזענלעכ־קייטן. איך, יעדנפאַלס, וועל אָט די דאָזיקע גורלפולע באַגעגעניש קיין מאָל ניט פאַרגעסן.

מיך האָט באַזונדערס שטאַרק אינטערעסירט וואָס קאַהאַן האָט צו זאָגן וועגן דער שפּאַלטונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין זיין אָפּוועזנהייט איידער ער האָט זיך צוריקגעקערט פון זיין לעצטער רייזע איבער אַ צאָל אייראָפּעיִשע לענדער. ביי דער קאָנפערענץ האָט די מערהייט פון דער יידישער פעדעראַציע פאַרלאָזט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי און געהאַלטן ביים פאַראייניקן זיך מיט די קאָמוניסטן. נאָך מער אומפאַרשטענדלעך איז געווען דער פאַקט, וואָס צוזאַמען מיט דעם פעדעראַציע־פירער סאַלוצקי זיינען אַוועק פון „פאָרווערטס" 8 וויכטיקע שרייבער און זשורנאַליסטן.

ווען איך בין אַריין אין זאַל (אויב איך מאַך קיין טעות ניט איז דאָס געווען די דאַגלאַס־אוידיטאָריע), איז ער געווען געפּאַקט און צווישן עולם האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן אַ גאָר גרויסע

צאָל קעגנער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און קעגנער פון דעם ניי־געגרינדעטן יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד און זיין נייעם אָרגאַן, „דער וועקער". דאָך, ווען קאַהאַן האָט זיך באַוויזן אויף דער בינע, האָבן די פאַרזאַמלטע אים אויפגענומען מיט שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן און אַ גרויסע צאָל האָט זיך אויפגע־שטעלט און דעמאָנסטראַטיוו פאַרגעזעצט צו אַפּלאָדירן.

נאָך אַ קורצן אַריינפיר האָט דער פאָרזיצער פאָרגעשטעלט דעם גאַסט. דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל וואָס איך האָב געהערט קאַהאַנען ריידן. מיט זיין אויסזען, מיט זיין הויכער שלאַנקער פיגור און קלוגן, ענערגישן, ווי אויסגעטאָקטן פּנים, האָט ער אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. אָבער ניט מיט זיין רעדנער־קראַפט. אַמווייניקסטן, ניט ביים אָנהייב פון זיין פאָרטראַג. וואָס לענגער אָבער ער האָט גערעדט, האָבן זיך אַלץ שטאַרקער געלאָזט פילן די אומזעבאַרע פעדעם, וואָס האָבן זיך געצויגן כמעט אָן אָן איבעררייס צווישן דעם רעדנער און דעם עולם אין זאַל. מיט אַ מאָדנער שפּאַנונג האָבן די פאַרזאַמלטע זיך צוגעהערט צו די ווערטער און אַרגומענטן פון אָראַטאָר. אייניקע האָבן אַפילו פון צייט צו צייט איבערגעריסן זיין רעדע מיט שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן. פאַסירט האָט דאָס ווען ער האָט חוזק געמאַכט פון די ר־ר־רעוואָלוציאָנערן אַלגין, צביון, ליליפּוט, נאָוויק און זייערע חברים, וועלכע האָבן געקראָגן אַ דראַנג צום קאָמוניזם און צו אַ באַלדיקער רעוואָלוציע אין אַמעריקע אויפן רוסישן שטייגער; ר־ר־רעוואָלוציאָנערן, וועלכע האָבן איבערגעריסן מיט דער סאָציאַ־ליסטישער פאַרטיי, ווייל זי איז ניט גענוג ראַדיקאַל פאַר זיי, און מיטן „פאָרווערטס", וועלכער שטיצט אָט די פּאַרטיי, וואָס איז אַזוי „רעאַקציאָנער", אַז זי וויל זיך ניט אונטערוואַרפן דעם דיס־ציפּלין פון דעם דריטן קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל; וויל ניט אָננעמען לענינס פּלאַן פון באַלדיקער רעוואָלוציע אין אַמעריקע און וואָס איז אפשר נאָך מער „סקאַנדאַליעז" — האָט קאַהאַן געזאָגט — זאָגט זיך אָפּ אויסצושליסן פון אירע רייען אַזעלכע „רעאַקציאָנערן" און „פאַררעטער", ווי: מאָריס הילקוויט, וויקטאָר בערגער, מאיר לאָנדאָן, אַלדזשערנאָן לי, יודזשין אָניל און אַנ.

קאַהאַן — ווי דאָס האָט געפאָדערט דער קאָמוניסטישער אינטער־נאַציאָנאַל אין זיין ענטפער אויף דער אַפּליקאַציע, אַז מען זאָל די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אַרייננעמען אין דעם ניי־געשאַפענעם „דריטן אינטערנאַציאָנאַל“.

ווען קאַהאַן האָט געענדיקט, האָט דער פאָרזיצער געמאָלדן אַז די פאַרזאַמלטע קענען שטעלן פראַגן, אויף וועלכע גענאָסע קאַהאַן וועט גערן ענטפערן.



אב. קאַהאַן

פראַגן זיינען געווען אַ סך, אַ טייל פון די פראַגן־שטעלער האָבן זיך אָבער ניט באַנוגנט מיט פראַגן, זיי האָבן פּרובירט אָפּפרעגן קאַהאַנס מיינונג וועגן די סיבות פון דער שפּאַלטונג

אָדער די מאָטיוון פון די, וועלכע זיינען אַרויס פון דער סאָציאַליס־טישער פּאַרטיי און זיך געשטעלט אויפן וועג, וואָס פירט, לויט קאַהאַנס מיינונג, צום מאָסקווער נוסח פון קאָמוניזם. אַנדערע האָבן פּאַרקערט, באַדויערט, וואָס קאַהאַן און דער „פאָרווערטס" האָבן ניט נאָכגעפאָלגט דעם ביישפּיל פון די אָלגינס, די צביונס, די ראָגאָווס, די גאָוויקס און די ליליפּוטס.

גייענדיק צום מיטינג בין איך געווען זיכער, אַז איך וועל זיך ניט באַטייליקן אין דער דיסקוסיע. איך האָב ניט געהאַט קיין צוטרוי צו מיין יידיש לשון, מיט וועלכן איך האָב זיך ניט באַנוצט מער ווי 20 יאָר. דערצו האָב איך אין מיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט קיין מאָל ניט אויסגעצייכנט זיך ווי אַ רעדנער פאַר אַ גרעסערן עולם. דאָך האָב איך אין דער לעצטער מינוט ניט אויס־געהאַלטן, אומדערוואַרט פאַר זיך אַליין האָבן איך געבעטן דאָס וואָרט — און עס גליך באַקומען. ניט טראַכטנדיק לאַנג בין איך אַרויס מיט שווערע טענות צו קאַהאַנען; פאַרזיכערט אים, אַז לויט מיין מיינונג האָט ער געדאַרפט זיין דער לעצטער צו קרי־טיקירן די אָלגינס און די צביונס פאַר שטעלן זיך מיט דער פּלייצע צו דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און פאַר זייער ניי־אַנטדעקטער ליבע צום קאָמוניזם. איך האָב אים דערמאָנט, אַז אין די לעצטע דריי יאָר האָט דער „פאָרווערטס" אונטער זיין, קאַהאַנס, רעדאַק־ציע, געהאָלפן שטאַרקן ביים יידישן עולם די אילוזיע, אַז לענין און זיינע תלמידים פירן איין מיט דער הילף פון זייער „מיליטערישן קאָמוניזם" אַ סאָציאַליסטישע אָרדענונג אין רוסלאַנד; און דער־מאָנט, אַז איינציייטיק מיט דעם האָט דער „פאָרווערטס" ניט דורכ־געלאָזט די געלעגנהייט צו שילדערן אין העלע פאַרבן די „גרויסע זיגן", וואָס דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל זאָל האָבן אָפּגע־האַלטן איבער דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל אין אַ ריי לענדער, און אין גאַנצן פאַרשוויגן די מפּלות, וואָס די קאָמוניסטישע פירער האָבן געליטן אין זייער שטרייט מיט זייערע סאָציאַליסטישע קעגנער אין גאָר אַ גרויסער צאָל לענדער פון מערב־אייראָפּע. ניט בלויז אָט די זיגן האָט דער „פאָרווערטס" פאַרשוויגן, ער האָט סיסטעמאַטיש איגנאָרירט דעם העלדישן ווידערשטאַנד, וואָס אונ־

דזערע פּאַרטייען האָבן אַרויסגעוויזן צום קאָמוניזם אין אַזעלכע לענדער, ווי: פראַנקרייך, עסטרייך, דייטשלאַנד, טשעכאָסלאָוואַקיע, ענגלאַנד, בעלגיע און די סקאַנדינאַווישע לענדער. ווער רעדט שוין וועגן דעם גאַר העלדישן קאַמף, וואָס אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין רוסלאַנד, אַריינגערעכנט די ראַדיקאַלסטע גרופּירונג צווישן זיי — די וואָס ווערט אָנגעפירט פון מאַרטאָוון, אַבראַמאָוויטשן, דאַנען און זייערע חברים — פירן אָן קעגן דעם קאָמוניסטישן רעזשים. און אָט די אַלע פאַקטן — האָב איך געזאָגט — ווערן אין גאַנצן ניט דערמאָנט אין „פאָרווערטס"... נישט קענענדיק, צוליב מאַנגל אין צייט, שילדערן זיי אַלע, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט בלויז אויף אַ פּאָר פון זיי. צווישן אַנדערן האָב איך דערמאָנט דעם דורכפאַל, וואָס די פירער פון דריטן אינטערנאַציאָנאַל, זינאָוויעוו און לאָזאָווסקי, האָבן געהאַט אויף דעם ספּעציעלן צוזאַמענפאָר פון דער לינקער „אומאָפּהענגיקער" סאָציאַליסטישער פּאַרטיי פון דייטשלאַנד, וועלכע האָט מיט אַ געוואַלדיקער מערהייט צוריקגעוויזן זייער אַפּעל אָנצושליסן זיך אין דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל און מיט לאַנגדויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן אויפגענומען דעם דעלעגאַט פון די רוסישע מענשעוויקעס און באַשלאָסן אָפּצודרוקן אין טויזנטער עקזעמפּלאַרן, אין אַ באַזונדער בראָשור, מאַרטאָווס היסטאָרישע רעדע. און געשען איז דאָס ניט אויפן צוזאַמענפאָר פון די רעכטע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, נאָר פון זייערע לינקע קעגנער, וואָס האָבן געציילט צווישן זייערע פירער אַזעלכע חשובע אין קאַהאַנס אויגן פירער ווי ברייטשייד, קריספּי, הילפערדינג און קאַוטסקי.

קוים האָב איך זיך אַוועקגעזעצט, ווי מיינע שכנים און פּאָליטישע פריינד בלומין און פישער, פון דער „פאָרווערטס"־משפחה, זיינען צוגעקומען און געמאַכט מיר אַ שטרענגן פאָרוואורף: „איר'ט ניט געטאָרט אַזוי ריידן. קאַהאַן וועט דאָס אייך קיין מאָל, קיין מאָל ניט מוחל זיין! קיין מאָל..."

קאַהאַן האָט ווידער געקראָגן דאָס וואָרט. גערעדט מיט טעמפּעראַמענט און לאַנג, געענטפערט אַלע פראַגן־שטעלער און אַלע אָפּאָנענטן — אַריינגערעכנט מיין ווייניקייט. וועגן מיר האָט ער

גערעדט קורץ און, צו מיין איבערראַשונג, זייער העפלעך; געפּרוווט אַפילו וואַרפן די שולד פאַר די זינד און בלויזן, וואָס איך האָב דערמאָנט, אויף אַנדערע — אויף די נייעס־שרייבער, אויף דעם סיטי־עדיטאָר מ. אַשעראָוויטש און אויף זיין „עקספּערט" איבער סאָציאַליסטישע נייעס פּ. נאָוויקן.

די פאַרזאַמלונג איז געשלאָסן. דער עולם הייבט אָן צו פאַר־לאָזן דעם זאַל. אויך מיר, מיין פרוי און איך, הייבן זיך אויף און שטופּן זיך צו דער טיר. פּלוצים דערהערט זיך קאַהאַנס שטימע: „טאָוואַרישטש! טאָוואַרישטש, אָבאָזשדיטע, וואַרט אַ מינוט!" — און דער 60יאָריקער קאַהאַן גיט פּלוצים אַ שפּרונג פון דער בינע און לאָזט זיך לויפן צו דער טיר. עמעצער פון מיינע שכנים גיט אַ זאָג: „כינאָי, דאָס רופט קאַהאַן אייך". איך גיב אַ קוק אויף צוריק, יאָ, קאַהאַן לויפט אין מיין ריכטונג. איך וווּנדער זיך, זאָל דאָס מיינען, אַז דער אימפּולסיווער קאַהאַן קלייבט זיך אָפּרעכענען מיט דעם שייגעץ, וועלכער האָט זיך דערלויבט זאָגן אים מוסר ביי אָן עפנטלעכן מיטינג? — לויפט מיר דורך אַ געדאַנק.

קאַהאַן איז צוגעגאַנגען, אָנגענומען מיין האַנט, געשוויגן אַ מינוט — אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם — און אַ פרעג געטאָן:

— גענאָסע כינאָי, וואָלט איר געוואָלט אָנשרייבן פאַר מיר די אַלע פאַקטן און אַנטוויקלונגען אין דער סאָציאַליסטישער און קאָמוניסטישער וועלט, וואָס איר האָט דאָ היינט דערמאָנט אין אייער בייזער קריטיק?

איך קוק אויף אים, און פון גרויס איבערראַשונג קען איך גיט ענטפערן.

ער האָט, ווי עס שיינט, פאַרשטאַנען מיין פאַרלעגנהייט, און פאַרגעזעצט: „איך מיין דאָס ערנסט, טאָוואַרישטש, זייער ערנסט".

— איר ווילט, איך זאָל נאָך מיין היינטיקער רעדע שרייבן פאַרן „פאָרווערטס" — און אין יידיש?

— יאָ, אין „פאָרווערטס", און אין יידיש.

איך בין זיכער, אַז ער שפּאַסט און דאָך זאָג איך אים, אַז דאָס איז גיט מעגלעך. זינט איך האָב מיט 23 יאָר צוריק פאַרלאָזט

מײנע עלטערן, האָב איך געלעבט כסדר צווישן רוסן, מערסטנס אין טיף רוסלאַנד און קיין יידיש ניט גערעדט און ניט געשריבן.

קאַהאַן לאָזט זיך ניט איבעררײדן, דערמאָנט מיר, אַז איך בין זיכער אַ מאָל געגאַנגען אין חדר און גערעדט יידיש מיט מײן מוטער און אפשר אויך מיט דעם פאָטער, און געבעטן פּרובירן צו שרײבן יידיש. אויב עס וועלן דאָרט זײן רוסיציזמען, וועט מען זיי אין רעדאַקציע קאָרעגירן... אין ערגסטן פאַל — האָט ער געזאָגט — קענט איר שרײבן אין רוסיש און מיר וועלן עס איבערזעצן אין יידיש...

איך קען נאָך אַלץ ניט קומען צו זיך פון קאַהאַנס האַנדלונג. איך קוק זיך אַרום און זע לעבן אונדז אַ גרויסן קרײז מענטשן, וועלכע פאָלגן נאָך אונדזער געשפּרעך מיט אָנגעשפּיצטע אויערן — און באַשליס צו פּרובירן. איך פרעג, ווען ער דאַרף האָבן דעם אַרטיקל.

— וואָס שנעלער, אַלץ בעסער — איז געווען קאַהאַנס ענטפער.

— נו גוט, איכ׳ל פּרובירן — האָב איך געזאָגט, און אַלײן ניט געגלויבט, אַז איך וועל דאָס קענען באַווײזן.

און צו מײן איבעררַאַשונג האָב איך באַוויזן צו זײן פּאַרטיק אין אַ פּאָר טעג אַרום, ווי דאָס ווײזט די טעלעגראַמע פון קאַהאַנען, וואָס איך האָב דערהאַלטן פון אים דעם 30סטן אָקטאָבער. ער שרײבט אין איר:

„דער אַרטיקל איז אַלרײט. שיקט אַרויס פּאָרזעצונג באַלד. דעקט אַלע לענדער וואָס איר האָט דערמאָנט, און שנעל. איך מוז האָבן אַלע אַרטיקלען אײדער מיר הייבן אָן זיי צו דרוקן. לאָזט מיר וויסן, צי איר וואָלט צוגעשטימט צו קומען קיין ניו־יאָרק אויף אַ פּראָבע ווי אַ שרײבער פון נײעס און אַרטיקלען אין אונדזער צײטונג.

אב. קאַהאַן“

אַן אַ פּאָר טעג אַרום האָב איך דערהאַלטן פון קאַהאַנען אַ לאַנגן בריוו אין וועלכן ער דאַנקט פאַר מײן שנעלן ענטפער און דריקט אויס זײן פרייד מיט דעם, וואָס איך האָב דעם אָנבאָט צו קומען

אַרבעטן אין ניו־יאָרק אָנגענומען. ער שרייבט אויך אויספירלעך אויף וועלכע באַדינגונגען און אין וואָס עס וועט באַשטיין מיין אַרבעט. ער בעט איך זאָל אים לאָזן וויסן, אויב איך נעם אָן די באַדינגונ־גען, און ער וועט טעלעגראַפירן דעם מענעדזשער פון שיקאַגער אָפיס, אַז ער זאָל מיך באַזאָרגן מיט דער נייטיקער סומע אויף דער רייזע קיין ניו־יאָרק. צום שלוס איז געקומען אַ נייע דערמאָנונג, אַז ער וואַרט אויף דער פאָרזעצונג וועגן דריטן אינטערנאַציאָנאַל.

אין אַ וואָך אַרום, דעם 8טן נאָוועמבער, בין איך שוין געווען אין ניו־יאָרק און געוואָרן צו ערשט אַ צייטווייליקער מיטאַרבעטער פון „פאָרווערטס" און אין וויניקער ווי דריי חדשים — אַ שטענ־דיקער נייעס־ און עדיטאָריעל־שרייבער פון „פאָרווערטס" און פון „וועקער", און גלייכצייטיק אויך אַ מיטגליד פון דער „פאָרווערטס"־אַסאָסיאיישן".

אין פאַרלויף פון די מער ווי דרייסיק יאָר, וואָס איך האָב געאַרבעט אונטער קאַהאַנס רעדאַקציע זיינען געווען צייטן, ווען ער, דער רעדאַקטאָר, האָט מיר שטאַרק וויי געטאָן. אָבער ווען איך פלעג זיך דערמאָנען ווי גרויסמוטיק און שיין ער האָט געהאַנדלט צו מיר ביי יענער ערשטער באַגעגעניש אונדזערער, בין איך גרייט געווען צו פאַרגעסן די קליינע אויסברוכן פון קאַהאַנס גרויסער פערזענלעכקייט. און גאַנץ אָפט האָב איך טאַקע פאַרגעסן.

אָרגאַן פון אַרבעטער־רינג „דער פריינד", יאַנ.־פעברואַר 1961

# קעגן קאָלטשאַקיזם און קעגן קאָמוניזם

אין דעם זשורנאַל „די נייע וועלט״ (פון דעצעמבער 1921) איז דערשינען אַן אַרטיקל פון דעם פּראָמינענטן אַמאַלגאַמעיטעד־טוער און אַמאָליקן סאָציאַליסט היימאַן שנייד פון שיקאַגאָ. אין אים דערציילט הער שנייד, אַז דער נייער מיטאַרבעטער פון „פאָר־ווערטס״, וועלכער האָט לעצטנס אָפּגעדרוקט אין דער צייטונג אַ סעריע אַרטיקלען אויף דער טעמע: „ווי האַלט עס איצט מיט דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל״ — אונטער דעם פּען־נאָמען ס. מי־דאָוויטש. איז דאָס ניט זיין אמתער נאָמען. עס איז אַ פּסעוודאָנים, פאַרזיכערט ער. זיין אמתער נאָמען איז מאַרק כינאָי פון שיקאַגאָ. דערביי דערציילט ער אַ סוד פון דער רעדאַקציע. ער דערציילט. אַז „אָט דער מאַרק כינאָי איז דער אויטאָר אויך פון אַ נייעם פּיטשור אין „פאָרווערטס״, וואָס גייט אונטער דעם קעפּל „וואָס הערט זיך אין דער סאָציאַליסטישער וועלט?״. און דאָ קומט אַ סענסאַציע, נעמלעך „דער מאַרק כינאָי איז אַ באַרימטער פּאַר־שוין, און באַרימט האָט ער זיך מיט דעם, וואָס אין די ערשטע יאָרן פון די קאָלטשאַקס און די קאָרנילאָווס, ווען זיי, די קאָנטררע־וואָלוציאָנערע גענעראַלן האָבן געהאַלטן ביים שטירצן די סאָוועטן־רעגירונג, האָט דער ס. מידאָוויטש (כינאָי) געפירט אונטערהאַנד־לונגען און געשעפטן מיט די שוואַרצע כוחות פון דעם אַלטן רוסישן פאָרשטייער אין אַמעריקע, מיט די אַגענטן פון באַכמאַטיעוו״ (מיינענ־דיק דעם לאַנגיאָריקן צאַרישן אַמבאַסאַדאָר באַכמעטיעוו).

דערציילנדיק דעם „סוד״ האָט היימאַן שנייד געברויכט אַזעלכע חנוודיקע אויסדריקן ווי „נפש״, „פאַרשוין״, „בריאה״ און אַזוי ווייטער...

איך האָב לכתחילה געהאַט בדעה בכלל צו איגנאָרירן שניידס פּאַשקוויל, פּונקט ווי מיט אַ צייט פריער — אַן ענלעכן אויסברוך פון

דעם קאָמוניסטישן כוהן גדול יוסף בערמאַן (אמתער נאָמען שכנא עפּשטיין), ווען ער איז אַרויס אין דעם קאָמוניסטישן „עמעס" מיט אַן ענלעכער פאַרלוימדונג... איך האָב אָבער געענדערט מיין באַ־שלוס, געטראַכט, אַז שניידן דאַרף מען ענטפערן. ער איז דאָך אַ נייער תלמיד אין דעם קאָמוניסטישן חדר. ער האָט אַמאָל געשמט ווי אַן ערלעכער און ערנסטער סאָציאַליסט.

*

פיר יאָר זיינען פאַרלאָפן זינט דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. איך האָב פאַר דער צייט געשריבן סיי אונטער מיין אייגענעם נאָמען (מאַרק כינאָי, אָדער מ. כ.), סיי אונטער די פּסעוודאָנימען: מ. סאַ־מאָילאָוו, מאַרק אַנין, ס. מידאָוויטש און ק. לעמבערג. איך האָב געשריבן וועגן מענשעוויזם און באָלשעוויזם, וועגן אינטערווענץ און בלאָקאַדע, וועגן האַנדלס־באַציִונגען מיט רוסלאַנד און וועגן דער אָנערקענונג פון דער סאָוועטן־רעגירונג, וועגן קאָלטשאַקן און דעניקינען, וועגן יודעניטשן און וראַנגעל, וועגן דעם הונגער אין רוסלאַנד און דער אָנערקענונג פון די צאַרישע חובות. און כ'וועל דאַנקבאַר זיין הער שניידן, אָדער עמעצן אַנדערש פון זיינע פריינד, אויב זיי וועלן מיר אָנווייזן אין מיינע אַרטיקלען כאָטש איין שורה, איין אויסדרוק, איין וואָרט, וואָס קען אויסגעטייטשט ווערן ווי פריינדלעך צו די קאָלטשאַקס און די דעניקינס, די יודעניטשעס אָדער די וראַנגעלס. ער וועט דאָס נישט קענען באַווייזן, דערפאַר, ווייל איך בין די גאַנצע צייט געווען אַן אויסגעשפּראָכענער קעגנער פון די דערמאָנטע קאָנטררעוואָלוציאָנערע גענעראַלן.

איך בין אַן אַלטער רוסיש־יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַט־מענ־שעוויק. אַ מיטגליד פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישער פאַרטיי פון דעם יאָר 1901, האָב איך זיך אָנגעשלאָסן אין דער מענשעוויסטישער פראַקציע פון דער פאַרטיי באַלד נאָך איר שפּאַלטונג אין יאָר 1903, דאָס הייסט, באַלד נאָך דעם ווי זי האָט זיך צעטיילט אויף צוויי פראַקציעס — דער באָלשעוויסטישער מיט לענינען ווי איר גייסטיקן פירער, און דער מענשעוויסטי־שער — מיט מאַרטאָוון בראש.

באַלד נאָך דעם ווי איך האָב געקראָגן די מעגלעכקייט איבער־צולייענען אויפמערקזאַם לענינס פּראָגראַם אין זיין ביכל „וואָס טאָן?“, האָב איך באַשלאָסן, אַז די באָלשעוויסטישע טאַקטיק איז מסוגל בלויז צו ברענגען שאָדן דער אַרבעטער־באַוועגונג. ווי אַ געזעלשאַפטלעכער טוער האָב איך זי שטענדיק באַקעמפט. די לעצטע רעוואָלוציע האָט מיין פּאָזיציע נישט געענדערט. איך בין געווען איבערצייגט, אַז דער פּרווו איינצופירן קאָמוניזם, אָדער אַפילו סאָציאַליזם, אין אַן אָפּגעשטאַנענער, האַלב ווילדער און עקאָנאָמיש רויִנירטער רוסלאַנד וועט זיין אַ דורכפאַל, וועט רויִנירן די ווירטשאַפט פון רוסלאַנד, וועט שעדיקן דעם אַרבעטער־קלאַס, וועט פאַרקלענערן די מעגלעכע סאָציאַלע און פּאָליטישע דעראָ־בערונגען פון דער רעוואָלוציע און וועט ברענגען גרויס שאָדן די פרייהייט־באַוועגונגען פון דער גאַנצער וועלט. איך האָב אָבער געקוקט אויף דעם באָלשעוויזם ווי אויף אַ צייטווייליקן עטאַפּ אין דער רעוואָלוציע, און אויף די באָלשעוויקעס — ווי אויף די פירער און וואָרטזאָגער פון דעם אומוויסנדיקן טייל פון דעם אַרבעטער־קלאַס, וועלכער ווייסט נישט פון טעאָריעס און טראַכט נישט מיטן קאָפּ, נאָר מיטן מאָגן... איך האָב דעריבער געהאַלטן, אַז באַוווסט־זיניקע און אינטעליגענטע אַרבעטער־פירער דאַרפן אין זייער קאַמף מיטן באָלשעוויזם געברויכן בלויז פּאָליטישע, בלויז אידעי־שע מיטלען, און טאָרן נישט אונטערשטיצן קיין שום באַוואָפנטע אויפשטאַנדן, סיי די היימישע פון די רוסישע פּאָלקס־מאַסן און סיי די, וואָס קומען פון די אויסלענדישע עמיגראַנטישע גרופּעס.

און דערפאַר בין איך געווען קעגן קאָלטשאַקן... ווען קאָלטשאַק האָט פאַרכאַפּט די מאַכט פון דער אָמסקער רעגירונג דעם 18טן נאָוועמבער 1918, בין איך באַלד נאָך דעם, אויף אַ מיטינג פון באַרימטן רוסישן פרייהייטס־קעמפער קאָנסטאַנטין אָבערוטשעוו אין שיקאַגאָ, אַרויסגעטראָטן קעגן קאָלטשאַקס קאָנטררעוואָלו־ציאָנערער טאַט. מיט דריי וואָכן שפּעטער איז אין ניו־יאָרק פאַר־געקומען אַ צוזאַמענפאָר פון רוסישע אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע. נאָך דעם ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויף דעם צוזאַמענפאָר זיינען אויך פאַרטראָטן אָנהענגער פון קאָלטשאַקן, איז דער צוזאַ־

מענפאָר איבערגעריסן געוואָרן. די ניו־יאָרקער באָלשעוויסטישע ציַיטונג האָט אויף צומאָרגנס געשריבן, אַז דעם קאָנגרעס האָבן צעשטערט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע דעלעגאַטן פון דעטראָיט, באַלטימאָר און שיקאַגאָ. שיקאַגאָ האָט דאָרט געהאַט בלויז איין דעלעגאַט, און דאָס איז געווען מאַרק כינאָי, וועלכער ווערט איצט באַשולדיקט אין סימפּאַטיע מיט קאָלטשאַקן.

מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער, ווען ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די ניו־יאָרקער ציַיטונג, וואָס די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן און די רעכטע מענשעוויקעס האָבן אַרויסגעגעבן אונטער דעם נאָמען „נאַראָדנאַיאַ גאַזעטאַ", מיט וועלכער איך בין דעמאָלט געווען פאַרבינדן, ווי איר פּאַרטרעטער אין שיקאַגאָ, האָט זיך געוואַקלט אין דער קאָלטשאַק־פראַגע, האָב איך באַלד איבערגעריסן אַלע מיינע פאַרבינדונגען מיט דער ציַיטונג. די „נאַראָדנאַיאַ גאַזעטאַ" האָט דעמאָלט אָפּגעדרוקט מיין לעצטן אַרטיקל, אין וועלכן איך און מיינע שיקאַגער חברים האָבן פאַראורטיילט די שטעלונג פון דער ציַיטונג און אָנגעוויזן, אַז דער באָלשעוויזם, טראָץ אַלע זיינע טעותים און טראָץ זיינע טעראָר־מעטאָדן, גייט דאָך דערוויַיל אין די וועגן, וואָס קענען פירן צו אַ נצחון פון דער דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע, און אַז פאַרקערט, אַ זיג פון די קאָנטררעוואָלוציאָנערן שטעלט אין געפאַר אַלע דעראָבערונגען פון דער רעוואָלוציע און קען ווידער צוריקברענגען דעם צאַרישן אַבסאָלוטיזם.

אגב, בין איך אויך געווען קעגן דער אַרייַנמישונג פון אויס־לענדישע רעגירונגען אין רוסלאַנד. נאָך אין יולי 1918 האָב איך אונטערגעשריבן אַ טעלעגראַמע צום פּרעזידענט ווילסאָן, אין וועלכער מיר, די שיקאַגער מענשעוויקעס, האָבן פּראָטעסטירט קעגן אינטערווענץ און קעגן דער הונגער־בלאָקאַדע פון רוסלאַנד.

נאָך מער, די שיקאַגער „אַרבעטער־וועלט" האָט דעם 4טן מערץ איבערגעזעצט און אָפּגעדרוקט מיינעם אַן אַרטיקל „הענדס אָף ראַשאַ!", וואָס איך האָב אָנגעשריבן פאַר דעם „רעקאָרד־העראַלד" פון שיקאַגאָ. אין דעם אַרטיקל האָב איך באַקעמפט די אידעע פון אינטערווענץ.

דעם 6טן יוני 1918 איז קיין שיקאַגאָ געקומען פון וואַשינג־

טאָן פּראָפעסאָר י. ראָזעט, וועלכער איז דעמאָלט געווען דער הויפּט פון רוסישן דעפּאַרטמענט פון דער רעגירונגס־ביוראָ פאַר „פּאַבליק אינפאָרמיישאָן" און איז אין קורצן געוואָרן דער הויפּט פון דעם אַמעריקאַנער רויטן קרייץ אין סיביר. ער האָט זיך באַ־רימט געמאַכט מיט זיינע אַרטיקלען אין דער „ניו ריפּאַבליק" וועגן דעם „טויטן־צוג" און וועגן דעם באַרבאַרישן כאַראַקטער פון דער קאָלטשאַק־רעגירונג.

געקומען איז ער צו מיר מיט אַ בריוו פון מיינע ניו־יאָרקער פריינד ד"ר סערגיי אינגערמאַן און ד"ר דזשיימס, און מיטגעבראַכט קרעדענשעלס פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג. די טרויעריק־באַרימטע סיסאָן־דאָקומענטן זיינען דאַן ערשט דערשינען און ער האָט געזוכט די מיינונג פון די רוסישע סאָציאַליסטן וועגן זיי. די וואַשינגטאָנער רעגירונג האָט דאַן ערנסט געטראַכט וועגן אָנערקענען סאָוועט־רוסלאַנד און די רעאַקציאָנערע אַנטי־באָלשע־וויסטישע כוחות האָבן עס דאַן אויסגענוצט די „דאָקומענטן", צו באַווייזן, אַז די פירער פון דער באָלשעוויסטישער רעגירונג זיינען אַלע דייטשע אַגענטן.

אין אַ געשפּרעך מיט אים, וואָס האָט געדויערט צוויי טעג, האָב איך געזוכט מיט פאַקטן און דאָקומענטן צו איבערצייגן דעם ד"ר ראָזעט, און דורך אים דעם סטייט־דעפּאַרטמענט, ווי אומבאַ־גרינדעט די באַהויפּטונג איז, ספּעציעל ווען עס האַנדלט זיך וועגן דעם פירער פון דער רוסישער אויסלענדישער פּאָליטיק — געאָרגי טשיטשערין.

כדי צו ווייזן ווי נאַריש די באַשולדיקונג איז, האָב איך אים געוויזן אַ פּאָר הונדערט פערזענלעכע בריוו פון טשיטשערינען צו מיר, געשריבן אין 1915—1916. איך האָב אים אויך געוויזן קאָפּיעס פון בריוו, וואָס טשיטשערין האָט געשריבן צום פירער פון דער מענשעוויסטישער פּאַרטיי, צו מאַרטאָוון — קאָפּיעס, וועלכע טשיטשערין אַליין האָט מיר צוגעשיקט. די אַלע בריוו זיינען געשריבן געוואָרן אין דער צייט פון קריג און אין זיי ווייזט זיך טשיטשערין אַרויס ווי אַן איבערצייגטער פריינד פון די פאַר־בינדעטע. מיט ציפערן און פאַקטן זוכט ער צו באַווייזן, אַז סאָ־

ציאַליזם איז פאַראינטערעסירט אין זיג פון די פאַרבינדעטע, ספּע־ציעל פון ענגלאַנד, און אַז, פאַרקערט, אַ זיג פון דייטשלאַנד וואָלט געווען דער גרעסטער אומגליק פאַר דער מענטשהייט. ער באַדויערט אין די בריוו (עטלעכע באַשטייען פון 40—50 זייטן) מאַרטאָווס צו־עקסטרעמען אינטערנאַציאָנאַליזם, זיין פּאַציפיזם, ער איז אָבער אויך קעגן פּלעכאַנאָווס פּאָזיציע. ער האָט געהאַלטן, אַז אונטער־שטיצן דירעקט דעם קריג, ווי פּלעכאַנאָוו האָט דאָס געוואָלט, דאַרפן מיר אויך ניט.

אַ פּאָר פון די אינטערעסאַנטע בריוו, צוזאַמען מיט זייער ענגלישער איבערזעצונג, וואָס איך האָב פאַר אים געמאַכט, האָט ד״ר ראָזעט גענומען מיט זיך אַלס באַווייז, אַז דער פירער פון דער אויסלענדישער פּאָליטיק פון דער סאָוועטן־רעגירונג איז ניט און קאָן ניט זיין קיין פּראָ־דייטש, אַז אין זיינע אינטימע בריוו ווייזט ער זיך גאָר אַרויס צו זיין אַ הייסער פריינד פון ענגלאַנד און די אַליאירטע לענדער.

איך האָב אויך געזוכט, ווי ווייט איך האָב געקענט, איבער־צוצייגן דעם פּראָפעסאָר ראָזעט אין דער נויטווענדיקייט אָפּצו־שאַפן די בלאָקאַדע קעגן רוסלאַנד און אָנבינדן מיט איר האַנדלס־באַציונגען.

פון די בריוו, וואָס איך האָב באַקומען מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער פון ד״ר ראָזעט אין וואַשינגטאָן, איז צו זען, אַז מיין מי איז ניט אין גאַנצן פאַרלאָרן געגאַנגען.

מיט אַ יאָר שפּעטער, אין 1919, האָבן איך דעם זעלבן שטאַנדפּונקט פאַרטיידיקט אין אַ סעריע אַרטיקלען, געשריבן פאַר דער רוסישער צייטונג „סוואבאָדנאַיאַ ראָססיַאַ״ אין שיקאַגאָ, אונ־טערגעשריבן „מ. סאַמאָילאָוו״.

קומט איצט הער שנייד און האָט דעם מוט צו שרייבן, אַז אין די ערשטע יאָרן ווען די קאָרנילאָווס און די קאָלטשאַקס... האָבן אָט־אָט געהאַלטן ביים איינגעמען סאָוועט־רוסלאַנד, האָט דער ס. מידאָוויטש (כינאָי) געפירט אונטערהאַנדלונגען און געשעפטן מיט די שוואַרצסטע כוחות פון דעם אַלטן רוסישן פאַרשטייער, מיט די אַגענטן פון באַכמעטיעוו.

אַ פּאָר ווערטער וועגן דער לעצטער באַהויפּטונג.

אויף ווי ווייט איך קאָן זיך דערמאָנען, זיינען די איינציקע „אַגענטן פון באַכמעטיעוו", מיט וועלכע איך האָב ווען געפירט „אונטערהאַנדלונגען און געשעפטן", געווען פּראָפעסאָר לאָמאָנאָ־סאָוו און י. א. אָמעלטשענקאָ.ביידע זיינען געקומען נאָך דער רעוואָלוציע פון רוסלאַנד, ווי מיטגלידער פון דער אויסערגע־ווײנלעכער מיסיע פון פינף מיט פּראָפעסאָר באָריס באַכמעטיעוו בראש. מיט ביידע האָב איך זיך באַקענט, ווייל נאָך דער רעוואָ־לוציע בין איך געוואָרן עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר פון דער שיקאַגער קאָנפערענץ פון אַלע רוסישע, יידישע, פּוילישע, פינישע, לעטישע און ליטווישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס, און ווי אַזעלכער בין איך אָנפאַרטרויט געווען מיט דער מיסיע צו קאָנטראָלירן און טראַנספּאָרטירן די פּאָליטישע עמיגראַנטן פון די אַמעריקאַנער איסטערן און מיד־וועסטערן סטייטס קיין רוסלאַנד. ווי אַזעלכער איז מיר אויך אויסגעקומען צו פאַרטרעטן די אינטערעסן פון די עמיגראַנטן־רעוואָלוציאָנערן אין מיינע פאַרהאַנדלונגען מיט די פאָרשטייער פון דער קערענסקי־רעגירונג. י. א. אָמעלטשענקאָ איז דאַן געווען דער „עמיגריישאָן־קאָמיסאַר".

איך מוז אָבער צוגעבן, אַז סיי לאָמאָנאָסאָוו און סיי אָמעל־טשענקאָ האָבן איבערגעריסן די באַציִונגען מיט זייער פריינד און שעף, באָריס באַכמעטיעוו, באַלד נאָך דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש, און ביידע האָבן זיי זינט דאַן געאַרבעט פאַר דער אָנערקענונג פון דער סאָוועטן־רעגירונג. פּראָפעסאָר לאָמאָנאָסאָוו איז איצט איינער פון די הויפּט־טוער פון סאָוועט־רוסלאַנד און י. א. אָמעלטשענקאָ האָט ביז זיין טויט אין ניו־יאָרק מיט אַ פּאָר יאָר צוריק געהאַנדלט מיט רוסלאַנד זיצנדיק אין ניו־יאָרק. אָמעל־טשענקאָ איז דער ערשטער אַרויס אין דער אַמעריקאַנער פּרעסע מיט באַווייזן, אַז די „סיסאָן־דאָקומענטן" זיינען פאַלשע...

ענדיקנדיק מיין אומדערוואַרט לאַנגן אַרטיקל דערלויב איך זיך צו ציִען הער שניידס אויפמערק צו דעם פאַקט, אַז אין ניו־יאָרק איז דאָ נאָך אַ מענטש, וואָס האָט די גאַנצע צייט „געפירט אונטערהאַנדלונגען" מיט דעם זעלבן אַגענט פון „דעם אַלטן (!)

רוסישן פאָרשטייער, פון באַכמעטיעוו״, מיט אָמעלטשענקאָ.

איך קען אַפילו אָנגעבן דעם נאָמען פון דעם מאַן. דאָס איז גישט קיין אַנדערער ווי י. ב. סאַלוצקי, דער רעדאַקטאָר פון דער „בייע וועלט״. זיי האָבן ביידע געהערט צו איין געזעלשאַפט: דער „ליג אָף סעלף דעטערמינײשאָן אָוו ראָשיאָ״.

איך חזר איבער: ווי אַ דעמאָקראַטישער סאָציאַליסט בין איך אַ פּרינציפּיעלער קעגנער פון באָלשעוויזם, פון זיין פילאָזאָפיע, פון זיין טאַקטיק און פון זיינע אָרגאַניזאַציאָנעלע מעטאָדן. איך האַלט, אַז עס איז די פליכט פון אַלע באַוווּסטזיניקע סאָציאַליסטן צו קריטיקירן דעם קאָמוניזם, און ווען נאָר מעגלעך, אָנפירן קעגן אים אַ פּאָליטישן קאַמף. סאָציאַליסטן טאָרן אָבער נים געברויכן קיין טעכנישע מיטלען קעגן אים; טאָרן ניט אָרגאַניזירן קיין אויפשטאַנדן קעגן דער סאָוועטן־רעגירונג; טאָרן ניט זוכן מיט געוואַלד אַראָפּצוּוואַרפן די איצטיקע רעגירונג; דאַרפן מיט אַלע כוחות באַקעמפן יעדן פּרווו פון אַ קאָנטעררעוואָלוציע; דאַרפן העלפן, ווען און ווו נאָר מעגלעך, דערפאָלגרייך דורכפירן די „בייע עקאָנאָמישע פּאָליטיק״; דאַרפן העלפן עטאַבלירן נאָרמאַלע האַנדלסבאַציִונגען מיט סאָוועט־רוסלאַנד, דאַרפן קעמפן פאַר דער שנעלסטער און פולער אָנערקענונג פון סאָוועט־רוסלאַנד.

די רוסישע סאָציאַליסטן, די סאָציאַליסטן פון דער גאַנצער וועלט, דאַרפן דאָס טאָן, טראַכטן דעם, וואָס דער אַרבעטער־קלאַס אין רוסלאַנד איז פּאָליטיש פאַרשקלאַפט און אויך טראַכטן דעם, וואָס דער גרעסטער און דער בעסטער טייל פון די רוסישע סאָציאַליסטן שמאַכט אין די טורמעס, אין סיביר און אויף קאַטאָרגע...*

* דעם אַרטיקל האָב איך געשריבן און אָפּגעדרוקט אין „וועקער״ פון דעצעמבער 1921. היינט אָבער, נאָך דעם סטאַלין־היטלער־פּאַקט, נאָך דעם מאַסן־מאָרד פון אַלע אַלטע באָלשעוויקעס, פון אַלע קאָמוניסטישע גענעראַלן און אָפיצירן, אַלע פּראָמינענטע מענשעוויקעס־סאָציאַל־דעמאָקראַטן און סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, אויך אַלע טאַלאַנטפולע יידישע שריפטשטעלער, דיכטער, געלערנטע און קולטור־טוער — וואָלט איך זיכער גאַנץ אַנדערש פאָרמולירט דעם לעצטן פּאַראַגראַף... אין קאַמף קעגן אַ טאָטאַליטאַרער דיקטאַטור פון אַ סטאַלין, אַ היטלער און זייער גלייכן קען מען זיך ניט באַנוגענען מיט ריין־פּאָליטישע אַרגומענטן. דאָ זיינען אַלע קאַמפס־מיטלען כשר און צוועקמעסיק.

# טשיטשערין, ענגלאַנד און סאָוועט־רוסלאַנד

## (אַן ענטפער אויף אַ בריוו פון אַ חשובן קאָלעגע)

קאָלעגע ה. וויינבערג, פון דעטראָיט, לייקנט אָפּ מיין באַהויפּטונג, אַז געאָרגי טשיטשערין, דער שפּעטערדיקער אויסערןקאָמיסאַר פון סאָוועט־רוסלאַנד, איז אין דער צייט פון קר״ג געווען אַ פּראָ־וואָר און פּראָ־עליים סאָציאַליסט.

דאָס, זאָגט ער, איז ניט אמת. ער האָט פּערזענלעך גוט געקענט טשיטשערינען אין ענגלאַנד און זיין איינדרוק איז, אַז ער איז די גאַנצע צייט געווען אַן אויסגעהאַלטענער קעגנער פון קריג, אַ הונדערטפּראָצענטיקער אינטערנאַציאָנאַליסט. און אַז אויף דער פראַגע, וועלכע קאָאַליציע איז בעסער? האָט טשיטשערין געהאַט איין ענטפער: ביידע זיינען ערגער...

און דער שרייבער באַמערקט דערביי ניט, אַז די פאַקטן און פּאַסירונגען פון טשיטשערינס ביאָגראַפיע, וועגן וועלכער ער רעדט, געהערן אַלע צום יאָר טויזנט ניין הונדערט זיבעצן. די מלחמה האָט זיך דאָך אָנגעהויבן אין אויגוסט 1914, און טשיטשערין האָט דאָך געקאָנט ביים אָנהייב קריג זיין מער אָדער ווייניק פּאַטריאָטיש געשטימט און ביים סוף פון קריג ענדערן זיין מיינונג.

אַזוי איז עס טאַקע געווען. און ווען איך האָב זיך דערלויבט — אין יוני 1918 — צו ווייזן דעם פּראָפעסאָר פון קאָלאָמביע־אוניווערסיטעט י. ראָזעט און דורך אים דעם סטייט־דעפּאַרטמענט, אייניקע בריוו פון טשיטשערינען, האָב איך שוין דאַן געוווּסט, אַז ער האָט שפּעטער — אין 1917 — אַ ביסל געביטן זיין מיינונג. פאַר מיין צוועק איז דאָס אָבער ניט געווען וויכטיק. פאַר מיר איז געווען וויכטיק מיט אַלע מעגלעכע מיטלען אָפּצושוואַכן די מיינונג פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג, אַז „די פירער פון דער אויסערן־

פּאָליטיק פון רוסלאַנד — טשיטשערין און טראָצקי — זיינען אַלע דייטשע אַגענטן"; פאַר מיר איז געווען וויכטיק, אַז די אַמעריקאַנער רעגירונג זאָל ניט אונטערשטיצן די הונגער־בלאָקאַדע קעגן רוסלאַנד און זאָל קומען צו אַן עקאָנאָמישער און פּאָליטישער פאַרשטענדיקונג מיט רוסלאַנד. אויך, אַז זיי זאָלן, אויב מעגלעך, העלפן איר פאַרטרייבן די דייטשע מחנות פון דער ריזיק גרויסער טייל פון רוסלאַנד, וואָס דייטשלאַנד האָט דאַן פאַרכאַפּט.

די זכרונות פון קוירנעל רעימאָנד ראָבינס, וואָס זיינען שפּעטער אָפּגעדרוקט געוואָרן, ווייזן, אַז די סאָוועט־רעגירונג האָט תחילת 1918 אין איר אויסערן־פּאָליטיק אויך געהאַט די זעלבע האָפענונגען און אירע פאַרשטייער האָבן דאַן דורך דעם הויפּט פון דעם אַמעריקאַנער רויטן קרייץ, קוירנעל רעימאָנד ראָבינס, און דורך דעם ענגלישן פאָרשטייער, געבעטן מיליטערישע און פינאַנציעלע שטיצע ביי די פאַרבינדעטע אין קאַמף קעגן דייטשלאַנד... לאָנדאָן און וואַשינגטאָן האָבן דאַן ניט אָנגענומען די רעקאָמענדאַציעס פון זייערע רוסישע האַלב־אָפיציעלע פאַרטרעטער און דאָס, זאָגט ראָבינס, האָט געצוווּנגען מאָסקווע אָנצונעמען דעם דייטשן אולטימאַטום און אונטערשרייבן דעם בריסקער אָפּמאַך...

איך האָב קיין מאָל ניט געוואָלט אויסנוצן טשיטשערינס בריוו צו מיר אויף וועלכע עס איז פּאָליטישע צוועקן אָן זיין דערלויבעניש. און דאָס טראָץ דעם, וואָס אונדזערע וועגן זיינען פאַר די לעצטע יאָרן זיך שטאַרק פונאַנדערגעגאַנגען. איך האָב זייער לייכט געקענט אויסנוצן די בריוו פאַר מיינע פּאָליטישע צוועקן. טשיטשערינס בריוו צו מיר און די קאָפּיעס פון זיינע בריוו צו מאַרטאָוון, וואָס געפינען זיך ביי מיר, האָבן דאָך אַנטהאַלטן זייער אַ רייכן און סענסאַציאָנעלן מאַטעריאַל, וואָס האָט געקענט זייער גוט אויסגענוצט ווערן קעגן מיינע „לינקע" און „אויסגעלינקטע" חברים. פאַר דער אַמעריקאַנער פּרעסע וואָלטן די בריוו געווען אַ זעלטענע סענסאַציע, ספּעציעל ביים אָנהייב פון דעם סאָוועט־רעזשים, ווען אַן אומבאַקאַנטער רוסישער עמיגראַנט, וואָס איז ערשט אַרויס פון דער ענגלישער טורמע, איז מיט אַ מאָל געוואָרן דער אויסערן־מיניסטער פון דעם גרויסן רוסלאַנד.

איך האָב זיך אָבער אָפּגעזאָגט צו פאַרעפנטלעכן די בריוו אָן דער דערלויבעניש פון מיין אַמאָליקן פריינד.

און בלויז די ניט קלוגע אָנגריפן פון טשיטשערינס נייע אַדוואָקאַטן אין אַמעריקע האָבן מיך געצוווּנגען צו דערמאָנען דעם „סאָציאַל־פּאַטריאָטישן" פּעריאָד אין טשיטשערינס פּאָליטישער קאַריערע...

בלעטערנדיק לעצטנס טשיטשערינס בריוו, האָב איך זיך אָנגעשטויסן אין אַ צושריפט, וואָס ער האָט מיר צוגעשיקט אין דעם יאָר 1915. ער שרייבט דאָרט בוכשטעבלעך אַזוי:

„אויב איר ווילט, קענט איר אָפּדרוקן אויסצוגן פון מיינע בריוו. דרוקט זיי אָבער אַלס אויסצוגן פון בריוו פון אַן „איירא־פּעישן חבר", אָן מיין נאָמען"...

צוליב פאַרשידענע סיבות האָב איך זיך דעמאָלט נישט געקענט באַנוצן מיט דער דערלויבעניש.

ה. וויינבערגס בריוו צווינגט מיך אָבער צו ברענגען „באַווייזן" און איך וועל עס טאָן. צום באַדויערן זיינען די בריוו צו לאַנג, אַז מען זאָל קענען איבערגעבן דאָ כאָטש איין בריוו אין גאַנצן. איך וועל דאַרום ברענגען דאָ בלויז איניקע ציטאַטן.

זיינען „ביידע ערגער"? „ניין", שרייבט מיר טשיטשערין אין זיין בריוו, דאַטירט פון לאָנדאָן, 12טן יאַנואַר, 1915, — „מיר טאָרן ניט וואַרפן אין איין קופּע אַלע אונטערשיידן (צווישן בורזשואַזע ריכטונגען)... איך קען ניט געברויכן דאָס וואָרט „דעמאָקראַטיע" און צושטעלן צו אים דאָס וואָרט „אַזוי גערופענע". איך האָב נאָך ניט פאַרגעסן אונדזער מינימום־פּראָגראַם. אַ זיגרייך דייטשלאַנד וואָלט פאַרניכטעט יעדן שפּור פון פאָלקס־פאַרוואַלטונג אין פּאָליטישן לעבן און דאָס וואָלט געמיינט אונדזער טויט.

„ווילהעלמס טרוים צו גרינדן אַ ריזיקע מלוכה, וואָס זאָל זיך ציִען פון נאָרד־קאַפּ ביז דער ענדע פון דער באַגדאַר־איַיזנבאַן (און וואָס זאָל אַריינציען אין זיך, — זאָגט טשיטשערין אין אַן אַנדער פּלאַץ, — די סקאַנדינאַווישע לענדער, דייטשלאַנד, עסט־רייך־אונגאַרן, רומעניע, בולגאַריע, סערביע, גריכנלאַנד און טער־קיי, ביז דעם פּערסישן ים, ווו די באַגדאַדער איַיזנבאַן־ליניע ענ־

דיקט זיך), — די אידעע פון אַזאַ „סופּער־שטאַט" איז שוין אויפ־געכאַפּט געוואָרן ביי די שוועדישע רעאַקציאָנערן, וועלכע האָפן מיט דער הילף פון פּאָטסדאַם (רעזידענץ־שטאָט פון קייזער — מ. כ.) דערשטיקן דעם סאָציאַליזם.

„עס איז אמת, אַז צוזאַמען מיט ענגלאַנד און פראַנקרייך קעמפט אויך רוסלאַנד. אָבער רוסלאַנד איז דאָך מיט זיי און ניט אַליין (אונטערגעשטראָכן פון טשיטשערינען) און איז אָפּהענגיק פון זיי, ווייל זי האָט ניט די נייטיקע פינאַנסן אויף אָנצופירן דעם קריג אַליין".

„די שטרעבונג פון די עליים צו פאַרשפּרייטן זייער מאַכט, טראָגט אין זיך ניט קיין אַלגעמיינע געפאַר", — זאָגט טשיטשע־ריך אין דעם זעלבן בריוו.

„לעבינס און טראָצקיס רעדעס וועגן דעם „רעוואָלוציאָנערן פּעריאָד" (וואָס מיר לעבן איצט איבער) און די „לעצטע קאָנוווול־סיעס" (פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט) זיינען שעדלעכע אוטאָפּיעס.

„דאָס אַרויסטרעטן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג (דער „דריי־טער אינטערנאַציאָנאַל") איז אין דער ווירקלעכקייט אַ פאַרראַט פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

„אונדז דערוואַרט אַ לאַנגער פּראָצעס און ניט קיין מאָמענ־טאַלע איבערקערעניש (טשיטשערין געברויכט דאָ דעם פראַנצוי־זישן אויסדרוק „קו דע טעאַטר").

אין אַ לאַנגן און זייער אינטערעסאַנטן בריוו, געשריבן דעם 19טן מאַי, 1915, באַמיט זיך טשיטשערין צו באַווייזן, פאַר וואָס אַ זיג פון די פאַרבינדעטע איז היסטאָריש ניט געפערלעך פאַרן סאָציאַליזם, און פאַרקערט, פאַר וואָס אַ זיג פון דייטשלאַנד וואָלט געווען אַ גרויסע שטערונג פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער וועלט. ער ווייזט אָן, אַז ענגלאַנד און דייטשלאַנד שטעלן מיט זיך פאַר צוויי באַזונדערע טיפּן פון קאַפּיטאַליזם.

„דער ערשטער, דער ענגלישער, איז פאַראינטערעסירט אין דער עקאָנאָמישער און קולטורעלער אַנטוויקלונג פון דער גאַנ־

צער וועלט, אַפילו פון דייטשלאַנד און נייטיקט זיך בלויז אין „אָפענע טירן", פאַר פרייען האַנדל אין דער גאַנצער וועלט.

„דער צווייטער — דער דייטשער — נייטיקט זיך אין אַ וועלט־מאַרק, וואָס זאָל זיין אַרומגערינגלט מיט אַ גרענעץ־וואַנט פון שטייערן, וואָס זאָל פאַרטיידיקן דעם מאַרק קעגן דער קאָנקורענץ פון אויסלענדישן קאַפּיטאַל (דייטשלאַנד און יאַפּאַן זיינען פאַר אַזאַ אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק, וואָס „שליסט די טירן" פון די אָפּגעשטאַנענע לענדער פאַר אויסלענדישער קאָנקורענץ).

„ענגלאַנד, שרייבט ער ווייטער אין דעם זעלבן בריוו, איז אַ דעמאָקראַטיש לאַנד און איז געבויט אויף בורזשואַזע יסודות. דייטשלאַנד אָבער איז פּאָליטיש אַ דעספּאָטיש לאַנד און געזעל־שאַפטלעך באַשטייט זי פון פעאָדאַלן און יונקערס און בלויז טייל־ווייז פון בורזשואַזע קלאַסן.

„אַזוי ווי יעדער איינער, וואָס זאָגט זיך אָפּ צו פאַרמאַכן די אויגן אויף דעם אונטערשייד צווישן די קריגספירנדיקע לענדער, ווערט געשטעמפּלט אַלס אַן אָנהענגער פון פּלעכאַנאָוון, חזר איך איבער צום הונדערט מיליאָן ערשטן מאָל, אַז איך בין היינט ניט איינשטימיק מיט פּלעכאַנאָוון, ניט איינשטימיק מיט וואַליאַנען. איך בין קעגן אַ קריג „ביז דעם ביטערן סוף". איך גלייב ניט אין דער באַפרייונגס־מיסיע פון די פאַרבינדעטע („קאַמף פאַר דעמאָ־קראַטיע"). איך בין מיט מעקדאָנאַלדן (מעקדאָנאַלד איז געווען דער פירער פון דער לייבאָר־פּאַרטיי פון ענגלאַנד און פרעזידענט פון דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל ביז זיין פאַרלאָזן די לייבאָר־פּאַרטיי — מ. כ.).

„איך בין קעגן דעם פרייסישן מיליטאַריזם און גלייב, אַז דער בעסטער וועג צו באַקעמפן אים, איז אונדזער וועג, — דער וועג פון דער ענגלישער אומאָפּהענגיקער לייבאָר־פּאַרטיי. מיר דאַרפן פירן אַ קאַמפּאַניע פאַר אַ שלום אָן געצוווּנגענער אַנעקסיע פון פרעמדע טעריטאָריעס און פאַר דער איינאָרדענונג און דעמאָקראַ־טיזירונג פון אינטערנאַציאָנאַלע באַציִונגען"...

„איך בין סיי קעגן פּלעכאַנאָוון און סיי קעגן די, וואָס זאָגן, אַז עס איז „ניטאָ קיין אונטערשייד" (צווישןביידע צדדים)..."

ווען אָט די בריוו זיינען געשריבן געוואָרן, איז טשיטשערין געווען איינער פון די ענערגישסטע מענשעוויסטישע פירער און טוער אין אויסלאַנד. כמעט אין יעדן בריוו זייגעם באַקלאָגט ער זיך אויף דעם, וואָס די פירער פון דער פּאַרטיי — מאַרטאָוו און מאַרטינאָוו — זיינען אין זייער קעגנערשאַפט צו דעם קריג אַוועק צו ווייט. זיי זיינען צו עקסטרעמע אינטערנאַציאָנאַליסטן. ער פּראָטעסטירט אויך פיל מאָל קעגן דעם, וואָס זיי נעמען אַן אָנטייל אין דער רוסישער פּאַריזער צייטונג „נאַשע סלאָוואָ", וואָס טראָצקי, לאָזאָווסקי און אַנטאָנאָוו האָבן רעדאַגירט.

אין זיין בריוו, פון דעם 6טן מאַי 1915, שרייבט ער: „יולי אָסיפּאָוויטש (מאַרטאָוו) גרענעצט זיך ניט אָפּ פון דער „נאַשע סלאָוואָ"... דאָס איז ניט קיין אַליאַנס מיט זיי... מיר זיינען פּשוט זייערע געפאַנגענע... דער גאַנצער אויטאָריטעט פון מענשעוויזם ווערט אויסגענוצט בלויז, כדי צו פאַרשטאַרקן אידעען, וועלכע מאַרטאָוו באַטראַכט פאַר שעדלעך. בעסער גאָר ניט האָבן קיין צייטונג, איידער אונטערשטיצן אַזאַ צייטונג.

„די בעסטע מאַרקסיסטישע אַרטיקלען פון אונדזערע פירער, ווען זיי ווערן געדרוקט אין דער „נאַשע סלאָוואָ", פאַרשטאַרקן בלויז די בונטאַרישע און כּלומרשט רעוואָלוציאָנערע ריכטונגען"...

אין זיין בריוו פון דעם 7טן דעצעמבער (1915) מאַכט ער חוזק פון דער רעדאַקציע פון „נאַשע סלאָוואָ" און ענדיקט מיט דער פאָלגנדיקער באַמערקונג:

„...און דאָס, וואָס די פירער דעקן צו מיט זייערע נעמען אַזאַ קינדערישע רעדאַקציע, איז אַ זאַך מיט וועלכער עס איז זייער שווער שלום צו מאַכן...

„אונדזער מאָטאָ דאַרף זיין ניט קיין אָפּאָרטוניזם און ניט קיין אַנאַרכיזם. די גרעסטע געפאַר פאַר אונדזער באַוועגונג באַשטייט איצט אין די אַנאַרכיסטישע אידעען, אין דער שטרעבונג אומקערן די באַוועגונג צו אירע קינדערישע יאָרן... זאָגן, אַז מען טאָר ניט אַרויסוואַרפן קיין ווידערשטאַנד (אין פראַנקרייך אָדער בעלגיע — מ. כ.), מיינט אָפּרייסן זיך פון די אַרבעטער־מאַסן, וועלכע זיינען צוגעבונדן צו זייער היסטאָריש לאַנד... און די פירער פּראָטעסטירן

ניט; זיי באַמקען צו. מיר קייקלען זיך באַרג־אַראָפּ אין אָפּגרונט...
אונדז האָט זיך ווידער פאַרוואָלט צו אַרבעטן „אונטער דר'ערד".
אונדז האָט זיך ווידער פאַרגלוסט אָפּגעזונדערט צו ווערן פונעם
אַרבעטער־קלאַס"...

„מאַרטינאָוו האָט זיך אָפּגעזאָגט פון „פּראָגראַם־מינימום" —
שרייבט ער מיר וועגן מאַרטינאָווס אַרטיקל אין דעם 70סטן און
71סטן נומער „נאַשע סלאָווא". „איך דערקלער אָבער, אַז איך
וועל בלייבן טריי אונדזער מינימאַל־פּראָגראַם" (מענשעוויסטי־
שער — מ. כ.).

אין אַן אַנדערן בריוו, צוגעשיקט פון לאָנדאָן דעם 6טן מערץ,
1917, שרייבט ער:

„ווי עס ווייזט אויס, ענדערט זיך מאַרטאָוו. ער הייבט אָן צו
קייקלען זיך צום אַנאַרכיזם, צו שפּילן זיך מיט כלומרשט־רעוואָ־
לוציאָנערע, אַנאַרכיסטישע פּראַזן".

מיט צוויי וואָכן שפּעטער האָט טשיטשערין געשריבן:

„איר זאָגט, אַז איר זענט ניט איינשטימיק מיט מיינע בריוו.
פאַרגעסט ניט, אַז איך אונטערשייד די גאַנצע צייט די פּראַקטישע
אויפגאַבן פון דער באַוועגונג פון דער היסטאָרישער אָפּשאַצונג פון
געזעלשאַפטלעכע געשעענישן און קאַמפן אין די רייען פון דער
ניט־פּראָלעטאַרישער וועלט. אין אונדזער פּראַקטישער טעטיקייט,
דאַרפן מיר, סאָצ.־דעמאָקראַטן, אונטערשטרייכן דעם טיפן אונ־
טערשייד פון אונדזערע צילן און מיטלען און די בורזשואַזע; מיר
דאַרפן אַגיטירן פאַר אַ שלום אָן געצוווּנגענער דעראָבערונג פון
פרעמדע לענדער און אָן שאָדנערזאַץ, אָבער אין אונדזער היסטאָ־
רישער אָפּשאַצונג דאַרפן מיר נעמען אין באַטראַכט דעם אונטער־
שייד פון פאַרשידענע געזעלשאַפטן און די מעגלעכע פאָלגן, וואָס
קענען אַרויסקומען פון די קאָנפליקטן, וואָס קומען פאָר אין דער
קאַפּיטאַליסטישער וועלט".

דער פּלאַץ דערלויבט מיר ניט צו ברענגען מער ציטאַטן
פון די פאָר הונדערט העכסט אינטערעסאַנטע בריוו פון טשיטשע־
רינען, וואָס איך באַזיץ. די געבראַכטע אויסצוגן זיינען גענוג צו
באַווייזן מיין פעסטשטעלונג, אַז טשיטשערין האָט זיך אין

דער צייט פון קריג אַרויסגעוויזן אַלס אַן איבערצייגטער פּראָ־עליי, אַלס אַן איבערצייגטער פריינד פון ענגלאַנד, איז ריכטיק.

איידער איך ענדיק מיין אַרטיקל, דערלויב איך זיך איבערצו־חזרן אָט די שורות פון דעם איבערגעדרוקטן בריוו פון ה. וויינ־בערג:

„געוויס ווייסט אויך דער ה' מ. כינאַי, אַז טשיטשערין האָט געמוזט פאַרלאָזן פראַנקרייך פאַר זיינע אַרטיקלען אין די דאָרטיקע פּעריאָדישע רוסישע בלעטער קעגן קריג"...

ניין, איך ווייס דאָס ניט. פאַר מיר איז דאָס אַ נייעס. טשי־טשערין האָט פאַרלאָזן זיין פאַריזער דירה (11 סעוועראָ סטריט) און האָט זיך אַריבערגעקליבן קיין לאָנדאָן (12 אוקלי סקווער) אין די ערשטע טעג פון נאָוועמבער 1914 און אין יענע טעג איז ער נאָך געווען, ווי עס איז לייכט צו זען פון די אויבן געבראַכטע ציטאַטן, אַ הייסער פאַרטיידיקער פון פראַנקרייך, ענגלאַנד און בעלגיע אין זייער קאַמף קעגן דעם אָנגריף פון די דייטשע מיליטאַריסטן און ער האָט ביטער באַקעמפט טראָצקין, לענינען, לאָזאָווסקין פאַר זייער „אַנאַרכיסטישע", ווי ער באַצייכנט זייער שטעלונג. און אויב ער האָט געענדערט זיין שטעלונג, איז דאָס געשען שפּעטער.

## ווען „דער וועקער" איז געווען פּראָ־סאָוויעטיש

### (אַ בלעטל זכרונות)

אונדזער זשורנאַל דער „וועקער" טראָגט שוין אַזוי לאַנג די קרוין פון דעם אויסגעשפּראָכנסטן סאָציאַליסטישן און אַנטי־באָל־שעוויסטישן אָרגאַן אין דער יידישער שפּראַך, אַז זיינע איצטיקע לייענער קענען זיך קוים פאָרשטעלן, אַז עס איז אַ מאָל געווען אַ צייט ווען דער זעלבער „וועקער" האָט געשטיצט די באָלשעוויס־טישע דיקטאַטור און געשפּרונגען קדוש צו דעם „סאָציאַליזם", וואָס מען בויט דאָרט.

עס איז אָבער אַ פאַקט. אויך דער „וועקער" האָט אַ מאָל געליטן פון דער קרענק, וואָס דער פאַרשטאָרבענער ד״ר מ. באַראַ־נאָוו האָט באַצייכנט מיטן נאָמען „באָלשעוויטיס"...

אין 1921, ווען דער פאַרבאַנד איז געבוירן געוואָרן, איז דער „וועקער" געווען אַ פיל מער לאָיאַלער פאַרטיידיקער פון דער קאָמוניסטישער דיקטאַטור אין רוסלאַנד, ווי דאָס זיינען היינט אייניקע כשר־קאָמוניסטישע צייטשריפטן.

עס איז אמת, אַז די סאָלוצקי־אָלגין־צביון־מערהייט פון דער יידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע האָט אויף איר שפּאַלטונגס־קאָנווענשאָן זיך אַרויסגעזאָגט פאַר די 21 פּונקטן פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל און אויסגעדריקט אַ פאַרלאַנג זיך אין אים אָנצושליסן, אין דער צייט ווען די גרינדונגס־קאָנווענשאָן פון פאַרבאַנד האָט פאַרפעלט אָנצונעמען אַזאַ באַשלוס. דאַרף מען אָבער האָבן אין זינען, אַז דאָס אינדאָרסירן פון די 21 פּונקטן איז אין יענער צייט ניט געווען קיין אָריגינעלער טאַט. די גאַנצע אַמע־ריקאַנער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט אויף דעם געביט געזינ־דיקט. נאָך מיט צוויי יאָר פריער, האָט זי אויף איר קאָנווענ־שאָן, כמעט איינשטימיק אָנגענומען אַן ענלעכן באַשלוס... און די יידישע גענאָסן, אָנגעפירט פון „פאָרווערטס", האָבן דעם באַשלוס באַגריסט.

און אויב אונדזער פּאַרטיי איז דאַן ניט געוואָרן אַ טייל פון דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, איז דאָס בלויז דערפאַר, וואָס מאָסקווע האָט געפאָדערט, אַז די פּאַרטיי זאָל באַזייטיקן אירע אַלטע פירער — מאָריס הילקוויט, מאיר לאָנדאָן, וויקטאָר בערגער, יודזשין אָניל, אל. לי און אב. קאַהאַן — און די לעצטע האָבן נאָך געוואָלט לעבן...

די פּראָ־קאָמוניסטישע נייגונגען פון דער סאַלוצקי־אָלגין־צביון־מערהייט ביי דער פעדעראַציע־קאָנווענשאָן האָבן אַזוי ווייניק אינטערעסירט די מערהייט, אַז ווען כאַנין האָט אין איר נאָמען דערקלערט, פאַר וואָס די 33 דעלעגאַטן פאַרלאָזן די קאָנווענשאָן, האָט ער מיט קיין איין וואָרט ניט דערמאָנט די פּראָ־קאָמוניסטישע און בלינד פּראָ־סאָוועטישע סימפּאַטיעס פון די 41 דעלעגאַטן, וועלכע זיינען פאַרבליבן מיט דער פעדעראַציע.

מיט קיין וואָרט ווערט וועגן דעם ניט דערמאָנט אויך אין דעם מאַניפעסט צו אַלע „יידישע שרייבער אין אַמעריקע", וואָס דער פאַרבאַנד האָט אַרויסגעלאָזט באַלד נאָך זיין גרינדונג (זע ערשטן נומער „וועקער", סעפּטעמבער 10, 1921). אַ זייטיקער מענטש, אַ גאַסט פון פוילן, חבר וולאַדימיר מעדעם, איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט זיך דערלויבט צו דערמאָנען אויף דער שפּאַלטונגס־קאָנוועשאָן די 21 פּונקטן. ער האָט דערקלערט, אין זיין געזעגענונגס־רעדע, אַז „נאָך דעם ווי איר האָט אָנגענומען די טרויעריק באַרימטע 21 פּונקטן, קען איך מיט אייך ניט גיין צוזאַמען. מיר ווערן אויס חברים".

פאַר די גענאָסן, וואָס האָבן פאַרלאָזן די פעדעראַציע און געשאַפן דעם פאַרבאַנד, איז געשטאַנען בלויז איין שטרייט־פראַגע, איין פּראָבלעם: דאָס פּראָבלעם צו פאַרבלייבן אין דער אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, אָדער אָרגאַניזירן אַ באַזונדערע יידיש־סאָציאַליסטישע קערפּערשאַפט, וואָס זאָל שטיין אויסער דער פּאַרטיי, — ווי דאָס האָבן געוואָלט סאַלוצקי און זיינע נאָכפאָלגער.

די פראַגע פון רוסלאַנד איז אַפילו ניט דיסקוטירט געוואָרן. איבער דער פראַגע זיינען קיין פּרינציפּיעלע מיינונגס־פאַרשידנהייטן ניט געווען.

מען האָט זיך אויך ניט געאַמפּערט איבער דעם, וואָסערע עס זאָל זיין אונדזער שטעלונג צום צווייטן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל. ער, דער צווייטער, אָדער לאָנדאָנער אינטערנאַציאָנאַל, איז פאַרביידע צדדים געווען צו קאָנסערוואַטיוו. צו רעכט און צו קאָנסערוואַטיוו איז פאַר זיי געווען אויך דער „ווינער פאַרבאַנד פון רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטישע פאַרטייען", וואָס האָט געזוכט צו בויען אַ בריק צווישן לאָנדאָן און מאָסקווע. צו דעם דאָזיקן „צוויי־און־אַ־האַלבן אינטערנאַציאָנאַל" האָבן דאַן געהערט די דייטשע אומאָפּהענגיקע (קאַוטסקי, בערנשטיין, לעדערבור, ברייטשייד), די עסטרייכישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע (אָטאָ באַוער, פרידריך אַדלער), די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע (מאַרטאָוו, דאַן, אַבראַמאָוויטש), די שווייצאַרישע פאַרטיי (גרים), די פראַנצויזישע (בראַק, זשאַן לאָנגע) און אַנדערע פאַרטייען און גרופּן.

אויך דער בונד פון אַט די דערמאָנטע פאַרטייען איז ניט געווען ראַדיקאַל גענוג פאַר אונדזערע אַמעריקאַנער סאָציאַליסטן. אונדזער פאַרטיי איז דאַן געווען אויסער וועלכער עס איז אינטערנאַציאָנאַלע פאַרבינדונגען. אין קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל האָט מען זי ניט אַריינגענומען און אין די צוויי סאָציאַליסטישע אינטערנאַציאָנאַלן האָט זי אַליין ניט געוואָלט גיין.

די „וועקער"־רעדאַקציע האָט די ערשטע צייט פאַרנומען אין דער פראַגע פון רוסלאַנד אַזאַ לאָיאַלע פּראָ־באָלשעוויסטישע שטעלונג, אַז ווען איינער פון אונדזערע אָנגעזעענע סאָציאַליסטישע פּובליציסטן, דער פאַרשטאָרבענער פיליפּ קראַנץ, האָט זיך דערלויבט אין זיין ערשטן — און לעצטן — אַרטיקל אין „וועקער" צו נעמען אַ קריטישע שטעלונג צום „סאָציאַליזם", וואָס די באָלשעוויקעס בויען אין רוסלאַנד, האָט ער פון דער „וועקער"־רעדאַקציע אַריינגעקראָגן אַזאַ פאַרציע, אַז ער האָט קיין מאָל מער ניט געוואָלט שרייבן אין דעם אָרגאַן פון פאַרבאַנד.

אין אַן אָנמערקונג צו דעם אַרטיקל האָט די רעדאַקציע געשריבן: „גענאָסע פיליפּ קראַנץ ברענגט דאָ אַרויס זיין פּערזענלעכן בליק" איבער דער רוסישער רעוואָלוציע און דער סאָוועטןמאַכט. מאַנכע שטעלן שניידן אין האַרצן, און

מיר שרייבן דאָס צו צו דער ביטערקייט, וואָס האָט זיך אַנגעקליבן אין אַלע פראַקציעס פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג פון דער וועלט".

און טאָמער איז דאָס ניט געווען גענוג, האָט די רעדאַקציע אין דעם קומענדיקן נומער געהאַט אַ ספּעציעלן לייטאַרטיקל אין וועלכן זי האָט נאָך מער זיך אָפּגעצוימט פון פיליפּ קראַנצס „אַפּיקורסישע געדאַנקען", אַז מען בויט ניט קיין סאָציאַליזם אין רוסלאַנד און אַז די אוטאָפּיסטישע לאָזונגען פון די באָלשעוויקעס זייַנען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם גרויסן הונגער, וואָס רוסלאַנד האָט דאַן דורכגעמאַכט. די רעדאַקציע שרייבט:

„קראַנצס געדאַנקען באַלאַנגען ניט צו אונדזער פּראָגראַם... אונדזער פּראָגראַם איז באַשטימט פון דעם קאָלעקטיוו געוואָסן, וואָס זייַנען מיט אונדזער „פאַרבאַנד" און מיטן „וועקער", און די מיינונג פון אָט דעם קאָלעקטיוו וועגן סאָוועט־רוסלאַנד איז באַקאַנט. עס איז אַ חברישע, אַ ברידערלעכע, אַ גענאָסנשאַפטלעכע, אַ האַרציקע, אַ טיפע, אַ פּ ר אָ ל ע ט אַ ר י ש ע — דאָס איז אונדזער שטעלונג צו סאָוועט־רוסלאַנד".

אין נומער 5 קערט זיך אום די רעדאַקציע צו דער זעלבער פראַגע און מאַכט איר שטעלונג נאָך קלאָרער. זי שרייבט:

„דער „וועקער" איז קיין אָרגאַן צו אַטאַקירן די רוסישע (אונטערגעשטראָכן אין אָריגינאַל — מ. כ.) באָלשעוויקעס. מיר האָבן דעם גרעסטן רעספּעקט און די בעסטע געפילן צו דער רוסישער סאָוועט־רעגירונג. דאָס איז די ערשטע אַרבעטער־רעגירונג אין דער וועלט און עס איז די פליכט פון יעדן ערלעכן, אויפריכטיקן אַרבעטער־פרייַנד צו העלפן איר שטעלן זיך אויף די פיס, אַנשטאָט אַטאַקירן און אונטערשטעלן איר פיסלעך, ווי די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען טוען עס. ווען אפילו די רוסישע קאָמוניסטן זאָלן דערווייל ניט קאָנען אויספירן, וואָס זיי האָבן זיך אונטערגענומען, ווען אַפילו מיר זאָלן ניט איינשטימען מיט אַלץ וואָס זיי טוען, דאַרפן מיר דאָך מיטן גאַנצן האַרצן סימפּאַטיזירן מיט דעם „סאָציאַליסטישן עקספּערימענט". וואָס מיר זענען דאַקעגן איז דאָס, וואָס די קאָמוניסטן זוכן אַרייַנצושלעפּן דעם „דריטן אינטערנאַ־

ציאָנאַל״ דאָ ביי אונדז אין אַמעריקע, ווו מען דאַרף אָנווענדן גאַנץ אַנדערע מעטאָדן, ווייל די אומשטענדן זיינען דאָ אַנדערע... דאָך האָט עס אָבער ניט צו טאָן מיט דער העכסט־וויכטיקער אַרבעט פון דער סאָוועט־רעגירונג צו באַשיצן רוסלאַנד קעגן די הונגעריקע מיילער פון די אַרומיקע קאַפּיטאַליסטישע וועלף״...

דאָ איז שוין דייטלעך אַרויסגעבראַכט געוואָרן דער געדאַנק וואָס האָט דאַן באַהערשט כמעט אַלע אַמעריקאַנער סאָציאַליסטן, אַפילו די „רעכטע״ יידישן סאָציאַליסטן פון „וועקער״ און „פאָרווערטס״: דער קאָמוניזם און דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל זיינען גוט פאַר רוסלאַנד, גוט אפשר פאַר אַנדערע אייראָפּעיִשע לענדער, זיי טויגן אָבער ניט פאַר אַמעריקע, ווו די באַדינגונגען זיינען אַנדערע און דער וועג צום סאָציאַליזם מוז דעריבער זיין אַ גאַנץ אַנדערער.

אגב, איז דער „וועקער״ דאַן ניט געווען די איינציקע סאָציאַליסטישע צייטשריפט, וואָס האָט ניט דערלויבט צו דרוקן קיין קריטישע אַרטיקלען אָדער „אומגינסטיקע נייעס״ וועגן רוסלאַנד. אויך אין „פאָרווערטס״ האָט מען נאָך דאַן „ניט געוווּסט״, אַז אין דעם סאָציאַליסטישן רוסלאַנד פאַרפאָלגט מען סאָציאַליסטן, און אַז אין די סאָוועטישע טורמעס און פאַרשיקונגס־פּלעצער געפינען זיך אָנגעזעענע פריייהייטס־קעמפער און סאָציאַליסטן. אויך אין „פאָרווערטס״ האָט מען נאָך דאַן — אין האַרבסט 1921 — געגלייבט, אַז די פירער פון די רוסישע מענשעוויקעס: מאַרטאָוו, דאַן, אַבראַמאָוויטש, זיינען קאָנטררעוואָלוציאָנערן און ווייס־גוואַרדייער, — און זייערע נעמען זיינען דעריבער געווען אין חרם. מען האָט זיי ניט געטאָרט דערמאָנען אָן אַ זידלוואָרט.

דער ערשטער פאַרזוך צו פאָרמולירן אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע שטעלונג צו סאָוועט־רוסלאַנד איז אין „וועקער״ געמאַכט געוואָרן ערשט אין דעם 17טן נומער. אין יענעם נומער איז דערשינען אַן אַרטיקל „קעגן קאַלטשאַקיזם און קעגן קאָמוניזם״. דער אַרטיקל איז געשריבן אין דער פאָרעם פון אַן ענטפער אויף אַן אַטאַקע, וואָס די לינקע אין דער „נייער וועלט״ האָבן געמאַכט אויף דעם מחבר פון דעם בוך פאַר דער סעריע עסייען, וואָס

האָבן זיך דאַן באַוויזן אין „פאָרווערטס" אונטער די פסעוודאָנימען ס. מידאָוויטש און ק. לעמבערג. די „נייע וועלט" האָט געשריבן, אַז אונטער די דערמאָנטע פסעוודאָנימען באַהאַלט זיך אַ „באַקאַנטער קאָנטערעוואָלוציאָנער און „קאַלטשאַקיסט", מאַרק כינאָי פון שי־קאַגאָ".

ענטפערנדיק אויף דער אַטאַקע האָב איך אויסגענוצט די געלעגנהייט צו דערקלערן, וואָס איז די שטעלונג פון די דאַן־מאַרטאָוו־ און אַבראַמאָוויטש־מענשעוויקעס צו רוסלאַנד און דער רוסישער רעוואָלוציע.*

און די זעלבע רעדאַקציע: הערי לאַנג, בערל באַטוויניק און נ. כאַנין — וואָס איז אַזוי שטאַרק אָנגעפאַלן אויף פיליפ קראַנצן פאַר זיין מילדער קריטיק פון דעם סאָוועטישן סאָציאַליזם, האָט שוין איצט, אין 17 וואָכן אַרום, אַרונטערגעשלונגען מיין פיל שווע־רערע אַטאַקע אָן קיין שום „פּאָדקאָוועס"...

נאָך דעם אַרטיקל זיינען אין די קומענדיקע חדשים דערשינען צענדליקער אַנדערע אַרטיקלען פונעם זעלבן סאָרט וועגן די עקאָ־נאָמישע און פּאָליטישע אַנטוויקלונגען אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, זייערע דערגרייכונגען און דורכפאַלן, לויבווירדיקע טאַטן און פאַר־ברעכנס. אין אַ פּאָר חדשים אַרום האָט זיך איינגעגעבן צו כשרן אויף אַזוי פיל די פרירער פון די רוסישע מענשעוויקעס — מאַרטאָוו און אַבראַמאָוויטש, אַז דער „וועקער" האָט זיך שוין דערלויבט איבערצודרוקן אַרטיקלען פון די דאָזיקע „אַנטיסאָוועטישע פּוב־ליציסטן"...

דער רעזולטאַט פון דער דאָזיקער דערציִונגס־אַרבעט האָט זיך געפילט ניט בלויז אין דער רעדאַקציע פון „וועקער", ווו כמעט אַלע שטענדיקע מיטאַרבעטער זיינען גאַנץ שנעל געוואָרן אויסגעשפּראָכענע אַנטי־באָלשעוויקעס, נאָר אויך אין „פאָרווערטס", ווו די „באָלשעוויטיס־קרענק" האָט געטראָגן אַ מער ערנסטן כאַראַקטער און האָט ביי אַ גרויסער צאָל מיטאַרבעטער אָנגעהאַלטן

* אָט דער ענטפער־אַרטיקל איז פאַרעפנטלעכט אין דעם בוך.
דער מחבר

נאָך עטלעכע יאָר. נאָך דעם ווי דעם „וועקער" האָט זיך אײַנגעגעבן צו באַווייזן פֿאַר זײַנע לייענער דעם אמתן סאָציאַליסטישן פּנים פֿון די „לינקע פּירער" פֿון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, האָט ער אויף זיך גענומען די איניציאַטיוו איבערצודרוקן אַן אַרטיקל וועגן אַ ריכטיקער סאָציאַליסטישער שטעלונג צו רוסלאַנד אויך פֿון אַ מער־רעכטן פּירער פֿון די זעלבע מענשעוויקעס, פּאַול אַקסעלראָד. דער רעזולטאַט פֿון דער דאָזיקער אַרבעט האָט זיך געפֿילט ניט בלויז צווישן די פּראָפֿעסיאָנעלע סאָציאַליסטישע זשורנאַליסטן. אין די טיפֿענישן פֿון דער אָרגאַניזירטער יידישער באַוועגונג האָט זיך דערשפּירט אַ גאָר שנעלע אויסניכטערונג פֿון באָלשעוויסטישן טשאַד. דער אַרבעטער־רינג האָט דער ערשטער אונטערגעפֿירט דעם סך־הכּל צו דעם פּראָצעס. זײַן קאָנווענשאָן אין מאַי 1922, איז געווען דער ערשטער צוזאַמענקום פֿון אַ באַדייטנדיקער סאָציאַליסטישער מאַסן־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע קעגן פּאָליטישן טעראָר אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. אין יענע צײַטן איז דאָס געווען אַ ריזיקער אויפֿטו. די רעזאָלוציע האָט אָפּגעשפּיגלט די צענטריסטישע מאַרטאָוו־דאַן־ריכטונג פֿון די רוסישע מענשעוויקעס. רופֿנדיק צום קאַמף פֿאַר דעם, אַז אַמעריקע זאָל אָנערקענען דעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, האָט די רעזאָלוציע אין דער זעלבער צײַט פּראָטעסטירט קעגן דעם, וואָס די סאָוועטן־רעגירונג האַלט סאָציאַליסטן אין די טורמעס און געפֿאָדערט זייער באַפֿרייונג, געפֿאָדערט אויך פֿולע פֿרייהייט פֿאַר די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. די פֿאָדערונגען זײַנען כאַראַקטעריסטיש, ווײַל די רעזאָלוציע זוכט אַן אַמנעסטיע בלויז פֿאַר סאָציאַליסטן און זי פֿאָדערט ניט קיין פּאָליטישע פֿרייהייט פֿאַר אַלע פּאַרטייען, נאָר בלויז פֿאַר די סאָציאַליסטישע. אַפֿילו ניט אַלע סאָציאַליסטן האָט די רעזאָלוציע געפֿאָדערט זאָל מען באַפֿרייען, נאָר בלויז די „וועלכע זײַנען אין דער גאַנצער צײַט פֿון זייער פּרינציפּיעלער קעגנערשאַפֿט געבליבן טריי דעם אַרבעטער־קלאַס און ניט צוגעשטאַנען צו די קאָנטררעוואָלוציאָנערן קעגן דער סאָוועט־רעגירונג".

די עוואָלוציע פֿון דעם פֿאַרבאַנד און פֿון זײַן אָרגאַן דער

„וועקער", האָט זיך ביי דעם נישט אָפגעשטעלט. אין אַ פאָר חדשים אַרום, האָט שוין דער „וועקער" אָפגעדרוקט אַן אַרטיקל וועגן סאָוועט־רוסלאַנד, וואָס האָט קריטיקירט דעם שרייבער מ. כינאָי (ל׳עמבערג) און די מענשעוויסטישע פאַרטיי פון רוסלאַנד פאַר זייער צו־מילדער שטעלונג צום סאָוועטן־פאַרבאַנד. דער שרייבער מ. באַראַנאָוו האָט פאַרטיידיקט דעם געדאַנק, אַז קעגן די באַלשעוויקעס אין יעדעס מיטל כשר און אויב ק. לעמבערג און די רוסישע מענשעוויקעס זייגען קעגן באַוואָפנטע אויפשטאַנדן אין רוסלאַנד, קעגן רעוואָלוציאָנערע איבערקערענישן און דערלויבן בלויז קריטיק און אידעען־קאַמף, זיינען זיי ניט מער און ניט וויינ׳יקער ווי לעמעשקעס און מלמדים...

אַפילו דעם אַרטיקל האָט שוין די „וועקער"־רעדאַקציע אָפגעדרוקט אַן די „פאָדקאָוועס", וואָס האָבן באַצירט מיט צען חדשים פאַר דעם גענאָסע קראַנצעס אַרטיקל. שפעטער, אין 1923, האָבן אין „וועקער" זיך שוין באַוויזן אַרטיקלען, וואָס האָבן סיסטעמאַטיש געפאַרטיידיקט אָט דעם עקסטרעם רעכטן און שעדלעכן, לויט מיין מיינונג, געדאַנק, אַז די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע איז ניט מער און ניט וויינ׳יקער ווי אַ פאַרמאַסקירטע רעאַקציע, און סאָציאַליסטן מוזן זי באַקעמפן מיט דעם זעלבן וואָפן, מיט וועלכן מען קעמפט קעגן דער געוויינלעכער רעאַקציע — אויפשטאַנדן און רעוואָלוציעס אַריינגערעכנט.*

* מיר מאַכן אויפמערקזאַם אונדזערע לייענער, אַז דער אַרטיקל איז געשריבן געוואָרן בעת דעם העכסטן אויפבליי פון „נעפ", וואָס לענין האָט פראָקלאַמירט נאָך דעם ווי ער האָט זיך איבערצייגט, אַז דער מיליטערישער קאָמוניזם איז אַ דורכפאַל און מען מוז דעם קאָמוניסטישן דרוק אָפשוואַכן, און יאָרן פאַר דעם ווי סטאַלין האָט פראָקלאַמירט זיין „גענעראַל־ליניע" און זיך פאַרנומען אויפן וועג פון ליקווידירן, אַרעסטירן און אויסשיסן אַלע זיינע קאָלעגן אין דער באָלשעוויסטישער פירערשאַפט און צוזאַמען מיט זיי ליקווידירן אויך אַלע אַנדערע קאָמוניסטן, סאָציאַליסטן און ליבעראַלן, וואָס זיינען קעגן זיין פאָליטיק פון טעראָר און מאָרד — ווי די ערשטע שריט צו אַ בונד מיט היטלערן, וואָס ער, סטאַלין, האָט שוין געהאַלטן אין צוגרייטן, — נאַטירלעך אין געהיים.

*

און איצט אַ פּאָר ווערטער וועגן דער ערשטער רעדאַקציע פון „וועקער". געגאָסע כאַניך האָט אין איינעם פון זיינע פילע פּרוּוון צו שרייבן די געשיכטע פון אונדזער פאַרבאַנד, געשריבן, אַז איך, מאַרק כינאָי, בין געווען דער ערשטער רעדאַקטאָר פון „וועקער". מיין פריינד כאַניך שרייבט מיר דאָ צו אַ טיטל, וואָס איך האָב קיין מאָל ניט געהאַט און גיט מיר קרעדיט פאַר אַן אַרבעט, וואָס איך האָב קיין מאָל ניט געטאָן. די ערשטע רעדאַקטאָרן פון „וועקער" זיינען געווען — נאָמינאַל — וולאַדעק, לאנג און באָטוויניק. פּאַקטיש — בלויז די לעצטע צוויי. די געגאָסן לאנג און באָטוויניק האָבן צוזאַמענגעשטעלט, אויסגעפילט און רעדאַגירט די ערשטע צוויי נומערן. ערשט צום דריטן נומער האָבן זיי צוגעקראָגן אַ דריטן, אַ פּראָפעסיאָנעלן זשורנאַליסט — דאָן קאַפּלאַן — וועלכער האָט זיי אַרויסגעהאָלפן אין דער אַרבעט, ווי אַ רעדאַקציע־סעקרעטאַר. די דריי האָבן צוזאַמען מיט דעם גענעראַל־סעקרעטאַר פון פאַרבאַנד, געגאָסע כאַניך, צוזאַמענגעשטעלט די רעדאַקציע ביז דעם 14 נומער, ווען די רעדאַקציע־קאָלעגיע האָט מיך צוגעצויגן ווי אַ שטענדיקן מיטאַרבעטער און מיטגליד פון דער רעדאַקציע־קאָלעגיע, אָבער ניט ווי אַ רעדאַקטאָר.

ווען איך בלעטער היינט דורך די דעמאָלטיקע נומערן פון אונדזער „וועקער", קען איך זיך ניט אָנוווּנדערן פון דער אויסערגעוויינלעכער פּראָדוקטיוויטעט פון די דערמאָנטע געגאָסן. ווען איך בין סוף נאָוועמבער אַריינגעקומען אין „פאָרווערטס" איז די לאַגע דאָרט געווען אַזאַ, אַז איך, אַן אָנפאַנגער אויפן געביט פון יידישן זשורנאַליזם (איך האָב אין יידיש ניט געשריבן און אַפילו ניט גערעדט די שפּראַך מער ווי צוואַנציק יאָר), האָב אין „פאָרווערטס" געמוזט שרייבן נייעס פאַרן זיבן נומערן אַ וואָך (פרייטיק — פאַר צוויי צייטונגען: פאַרטאָג — פון 6 ביז 8 אַזייגער און נאָך מיטאָג, פאַר דער שבתדיקער צייטונג, פון איינס ביז 4—5 אַזייגער אין אָוונט). גלייכצייטיק האָב איך געמוזט שרייבן לייטאַרטיקלען, אין

וועלכע די צייטונג האָט זיך דעמאָלט זייער שטאַרק געניטיקט. עס האָבן אויסגעפעלט צוויי גוטע הענט: צביון און הלל ראָגאָף, וועלכע זיינען נאָך דער שפּאַלטונג אַוועק מיט די לינקע, און קאַהאַן האָט געהאַלטן, אַז זיי זיינען נאָך אַלץ לינקע. נאָכן צוריק־קומען אין „פאָרווערטס" האָבן זיי ביידע געשמט ווי לינקע אַפילו ביים באַהאַנדלען אַמעריקאַנער טעמעס. דאָס האָט געפירט צו קאַהאַנס אַן אינסטרוקציע צום שרייבער פון די שורות, אַז אין די טעג, ווען צביון דאַרף געבן זיין „קוואָטע" (אייך עדיטאָריעל) און ראָגאָף — דער מענעדזשינג־עדיטאָר — צוויי עדיטאָריעלס, מוז איך אומבאַדינגט זיי איבערקוקן און, אויב עפּעס איז ניט כשר, אָנקלינגען קאַהאַנען אַהיים און ער'ט מיר זאָגן וואָס צו טאָן... איך האָט געוואָרנט קאַהאַנען, אַז דאָס איז זייער אַ דעליקאַטער ענין. ער, קאַהאַן, אַליין מוז מיט זיי ריידן וועגן דעם. ער האָט צוגע־שטימט, אָבער איך בין ניט זיכער, אַז ער האָט געהאַלטן וואָרט. איך, יעדנפאַלס, האָב דירעקט פון זיי קיין מאָל וועגן דעם קיין אָפענע רייד ניט געהערט. זייער באַציִונג צו מיר איז אַ לענגערע צייט געווען ווייט ניט קיין פריינדלעכע... באַזונדערס שטאַרק האָב איך דאָס געפילט מצד דעם פאַרוואַלטונג־רעדאַקטאָר, ראָגאָף. ער האָט מיר קיין מאָל ניט מוחל געווען קאַהאַנס „אומטאַקטישע" האַנד־לונג.

איך האָב דאָ דערמאָנט דאָס שרייבן טעגלעך נייעס און 2—3 מאָל אַ וואָך לייטאַרטיקלען. צו דעם דאַרף מען צוגעבן די צוויי גרויסע „רובריק"־אַרטיקלען — „וואָס הערט זיך אין דער סאָ־ציאַליסטישער וועלט?" און אַ דעטאַליזירטן „איבערבליק פון די סאָוועטישע צייטונגען", ביידע צו 2—3 קאָלומס יעדע. איך האָב דעריבער ניט געהאַט קיין געלעגנהייט צו באַקלאָגן זיך אויף מאַנגל אין אַרבעט. דאָס זעלבע קען איך זאָגן וועגן מיינע צוויי קאָלעגן אין דער „וועקער"־רעדאַקציע. כאָטש קיינער פון אונדז האָט ניט דערוואַרט צו קריגן און ניט געקראָגן קיין פינאַנסיעלע פאַרגיי־טיקונג פאַר דער עקסטראַ־אַרבעט. דער רעדאַקציע־סעקרעטאַר, דאָן קאַפּלאַן, איז געווען דער איינציקער באַצאָלטער מיטאַרבעטער. אויך די ניט שטענדיקע מיטאַרבעטער און קאָרעספּאָנדענטן, פּובלי־

ציסטן, בעלעטריסטן און פּאָעטן האָבן צוערשט אַלע געאַרבעט אָן געלט. דעם ערשטן אויסנאַם, ווי ווייט איך געדענק, האָט די רעדאַקציע געמאַכט פאַר אַן אַרטיקל, וואָס זי האָט באַשטעלט ביים פּראָפעסאָר יצחק אייזיק הורוויץ, וועלכער איז דאַן געווען אַן אַ שטענדיקער באַשעפטיקונג. צוליב דעם זעלבן מאָטיוו האָט דער אָפּיס־קאָמיטעט שפּעטער (1924) געמאַכט אַן אויסנאַם פאַר אַ צווייטן מיטאַרבעטער, א. ראָזענטאַל — דעם איצטיקן דוד שוב.

ווי איך האָב פריער דערמאָנט האָב איך מיין דעביוט אין „וועקער" אָנגעהויבן זייער באַשיידן: מיט צוויי אַרטיקלען — איינעם אונטערן נאָמען ק. לעמבערג אָדער מאַרק כינאָי און אַ לייטאַרטיקל אָן אַ נאָמען. אָבער פון 16טן נומער איז מיר סיס־טעמאַטיש אויסגעקומען צו געבן אין „וועקער" דריי־פיר און אַ מאָל מער אַרטיקלען אַ וואָך. צו טאָן דאָס איז נישט שטענדיק געווען לייכט, אָבער די אַטמאָספער אַרום דעם וואָכנבלאַט איז געווען אַזאַ, אַז זי האָט מיט איר אידעאַליזם שטאַרק דערמאָנט די שענסטע יאָרן פון אונדזער רוסישער אונטערערדישער באַוועגונג. אונטער אַזעלכע אומשטענדן איז קיין אַרבעט נישט געווען צו שווער און קיין שום אָנשטרענגונגען — צו גרויס.

„דער וועקער", 1937

# אַ דין־תורה מיט אב. קאַהאַן

## (אַ בלעטל זכרונות)

...דער רעדאַקטאָר איז יענעם פרימאָרגן אַריינגעקומען אין רעדאַקציע זייער פרי, אַ סך פריער ווי געוויינלעך. די נייעס־שרייבערס זיינען געווען די איינציקע אין רעדאַקציע טאַקע. ער איז צוגעגאַנגען צו אונדזער טיש און איינגעלאַדן דעם שרייבער פון די שורות צו זיך אין צימער. פאַרמאַכט די טיר און באַלד צוגעטראָטן צום ענין, וואָס האָט אים אַזוי פרי געבראַכט אַהער.

— כינאָי, קענט איר היינט פאַרטיק ווערן מיט דער אַרבעט פאַר מיטאָג־צייט? עס איז וויכטיק. מירן מוזן צופאָרן צום ברעוואָרט־האָטעל אויף אַ ספּעציעלער באַראַטונג, ריכטיקער, אַ דין־תורה.

— אַ דין־תורה? מיט וועמען?

— מיט מיר, כינאָי. און טאַקע וועגן דעם פּראָבלעם, וואָס מיר האָבן לעצטנס ניט איין מאָל דיסקוטירט — און צו קיין אויסגלייך ניט געקומען.

— איר מיינט דאָס ערנסט, גענאָסע קאַהאַן?

— יאָ, זייער ערנסט. מיר מוזן שוין היינט זיך פאַרשטענדיקן וועגן דער שטעלונג, וואָס דער „פאָרווערטס" זאָל נעמען צו דער „ליג אָוו נעישאָנס".

— פאַר וואָס עפּעס היינט?

— דערפאַר, וואָס איך האָב זיך געכטן דערוווּסט, אַז די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי וועט דאָס מאָל אָפּהאַלטן איר יערלעכן צוזאַמענקום אין ניו־יאָרק, און אַז אירע זיצונגען וועלן זיך אָנהייבן די טעג. די קערפּערשאַפט איז, ווי איר ווייסט, דער העכסטער פּאַרטיי־אָרגאַן צווישן קאָנווענשאָן און אַ צווייטער. וויל איך, אַז אָט די פירערס פון דער פּאַרטיי

זאָלן אונדז העלפן אַנטשיידן אונדזער שטרייט. וולאַדעק האָט מיר געזאָגט, אַז איינער פון אָט די פּירערס, וויקטאָר בערגער פון מילוואָקי, איז די וואָך אַ יוביליאַר, אַן „אימעניניק", האָבן מיר באַשלאָסן איינצואָרדענען פאַר אים אַ סעודה אין ברעוווּר־האָטעל, איינלאַדן צו דעם מאָלצייט די מיטגלידער פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע און בעטן זיי, אַז זיי זאָלן ביי דעם פּריוואַטן צוזאַמענקום זיך אַרויסזאָגן וועגן אונדזער שטרייט. עס איז אמת, אַז ניט אַלע מיטגלידער פון דער „ען אי סי" זיינען שוין אין ניו־יאָרק. די וויכטיקסטע זיינען אָבער שוין דאָ. צווישן זיי מאָריס הילקוויט, וויקטאָר בערגער, דזשעימס אָניל, אַלדזשערנאָן לי, ברוך וולאַדעק... זיי האָבן צוגעזאָגט צו קומען. און איך האָב פאַרזיכערט וולאַדעקן, אַז מיר וועלן אויך זיין. קענט איר דאָרט אויך זיין, כינאָי?

— געוויס, גענאָסע קאַהאַן. פאַר מיר איז דאָס אַ גרויסער כבוד, און איך וועל זיכער ניט דורכלאָזן די געלעגנהייט.

— גוט, איך וועל וואַרטן אויף אייך.

אין אַ פּאָר שעה אַרום האָב איך אָנגעקלאַפּט צו קאַהאַנען און ער איז באַלד אַרויס, גרייט צו פאָרן אין ברעוווּר־האָטעל. באַמערקט מיין נערוועזע שטימונג, האָט קאַהאַן צוגעאיילט זיך צו באַרויִקן מיך מיט אַ גוטמוטיקער וואָרענונג, אַז „עס איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבן. מען וועט אייך דאָרט ניט לינטשן".

קאַהאַן האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר די פאַרזאַמלטע און דערביי צוגעגעבן, אַז „גענאָסע כינאָי איז אונדזער ספּעציאַליסט איבער סאָוועט־רוסלאַנד און אַלע ענינים, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער רוסישער רעוואָלוציע. ער איז אויך אונדזער עדיטאָריעל־שרייבער איבער אינטערנאַציאָנאַלע פּראָבלעמען... אַנטשולדיקט, ניט אַן עדיטאָריעל־שרייבער, נאָר „דער עדיטאָריעל־שרייבער"...

— אַ קאָמפּלימענט, קעגן וועלכן מיר האָט אויסגעפּעלט מוט צו פּראָטעסטירן...

דער ערן־גאַסט און בעל־יובל, וויקטאָר בערגער, איז אַגב געווען דער איינציקער, מיט וועלכן איך האָב פאַר דעם ניט גע־האַט די געלעגנהייט זיך צו טרעפן. אָבער אויך אים האָט מיין

נאָמען ניט געדאַרפט זיין אין גאַנצן פרעמד. זיין צייטונג, דער „מילוואָקי לידער“, האָט שוין עטלעכע מאָל ציטירט מיינע אַרטיקלען פון „פאָרווערטס“ און „וועקער“ און אייניקע פון זיי אין גאַנצן איבערגעדרוקט.

אַזוי שנעל ווי מען איז פאַרטיק געוואָרן מיטן דעסערט און קאַווע און די דינערשאַפט האָט פאַרלאָזן דאָס צימער, האָט וולאַדעק זיך אויפגעשטעלט און דערקלערט, אַז דער היינטיקער אינטימער צוזאמענקום איז איינגעאָרדנט געוואָרן, כדי צו פאַרצייכענען דעם געבוירנטאָג פון אונדזער פאַרטיי־וועטעראַן און פירער וויקטאָר בערגער. אין קורצע אָבער וואַרעמע ווערטער האָט וולאַדעק באַגריסט דעם יובילאַר אין נאָמען פון דער „פאָרווערטס“־רעדאַקציע, אין זיין אייגענעם נאָמען און אין נאָמען פון די אַנדערע מיטגלידער פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע.

ברוך וולאַדעק האָט פאַרענדיקט מיט דעם, וואָס ער האָט דערמאָנט די פאַרזאַמלטע, אַז זיי האָבן דאָ היינט צוויי וויכטיקע געסט: דעם רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס“ און איינעם פון זיינע וויכטיקע געהילפן אין דער רעדאַקציע. זיי קומען אַהער וועגן אַ ספּעציעלן ענין. זיי ווילן הערן אונדזער שטעלונג צו אַ פּרינציפּיעלער מיינונגס־פאַרשידנקייט. גענאָסע קאַהאַן וועט אייך אויפקלערן דעם ענין.

ווען קאַהאַן האָט געקראָגן דאָס וואָרט, האָט ער דערקלערט, אַז עס האַנדלט זיך וועגן אַ שאַרפער מיינונגס־פאַרשידנקייט אין דער פראַגע, וואָסערע עס דאַרף זיין די שטעלונג פון אונדזער פאַרטיי און פון איר פרעסע צו די צוויי אינטערנאַציאָנאַלע קערפּערשאַפטן, וואָס דער ווערסיילער שלום־אָפּמאַך האָט באַשאַפן: די „ליג אָוו נעישאָנס“ און דאָס „וועלט־געריכט“ אין האַג, האָלאַנד. איך גלייב — האָט קאַהאַן געזאָגט — אַז אונדזער שטעלונג צו זיי ביידע דאַרף זיין אַ נעגאַטיווע. אָבער אָט דער יונגער גענאָסע, מאַרק כינאָי, וועלכער איז אונדזער ספּעציאַליסט איבער אינטערנאַציאָנאַלע פראַגן, און דער לייט־אַרטיקלער איבער זיי, איז מיט מיר ניט מסכים. ער האַלט, אַז די סאָציאַליסטישע פרעסע מוז נעמען אַ פּאָזיטיווע שטעלונג צו די צוויי נייע אינטערנאַציאָ־

גאַלע קערפּערשאַפטן. בין איך געקומען צו אייך, חברים, אַנטשיידן דאָס פּראָבלעם, ווער פון אונדז איז אין דעם פאַל גערעכט.

דער ערשטער צו ענטפערן אויף קאַהאַנס קשיה איז געווען וויקטאָר בערגער.

פון בערגערס אַרטיקלען אין „מילוואָקי לידער" האָב איך געוווּסט זיין שטעלונג. איך בין דעריבער געווען ניט איבערראַשט, ווען ער האָט אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג, אַז די „ליג אָוו נעישאָנס" איז אַן אימפּעריאַליסטישע מאַכערייקע, וואָס די זיגערס אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן געשאַפן אין ווערסייל, כדי בעסער צו באַשיצן זייערע עגאָיסטישע אינטערעסן, זייערע טעריטאָריאַלע, פינאַנסיעלע און פּאָליטישע מאַכט־פּאָזיציעס, וואָס די נצחונות אין דער וועלט־מלחמה האָבן זיי געבראַכט. די הויפּט־פונקציע פון דער „ליג אָוו ניישאָנס", האָט וויקטאָר בערגער באַטאָנט, איז צו העלפן די אַליאירטע מלוכות אָנצוהאַלטן ווייטער זייער קאָנטראָל איבער לענדער און קאָלאָניעס, וואָס זיי האָבן פאַרכאַפּט ביי די באַזיגטע מלוכות און אין קיין פאַל ניט צו דערלאָזן קיין פאַר־לייכטערונג אין די גרויליק שווערע קאָנטריבוציעס, וואָס קלע־מאַנסאָ, לאָיד דזשאָרזש און אָרלאַנדאָ האָבן אין ווערסייל אַרויפ־געצוווּנגען אויף די דייטשן, ניט געקוקט אויף די פּראָטעסטן פון פּרעזידענט ווילסאָן און פון זיין ראַטגעבער, קאָרנעל האַוז...

נאָך בערגערן האָט געקראָגן דאָס וואָרט דער טעאָרעטיקער פון אונדזער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן, מאָריס הילקוויט. זיין שטעלונג איז ניט געווען אַזאַ שאַרפע ווי די שטעלונג פון דעם מילוואָקי קאָנגרעסמאַן. אָבער אויך ער האָט געהאַלטן, אַז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי און אירע צייט־שריפטן — דער „מילוואָקי לידער", דער „ניו לידער" און דער „פאָרווערטס", אַזוי גוט ווי זייערע וועכנטלעכע און מאָנאַטלעכע אָרגאַנען — דאַרפן אויסמיידן אַן אָפענע שטיצע פאַר דער פעל־קער־ליגע.

נאָך הילקוויטן האָב איך געקראָגן דאָס וואָרט.

איך האָב אָנגעהויבן מיין רעדע מיט אַ פּאָר פראַגן. מיין ערשטע פראַגע איז געווען צו הילקוויטן. איך האָב אים געפרעגט,

אויב עס איז אמת, אַז „ביידע סאָציאַליסטישע אינטערנאַציאָנאַלן — דער „לאָנדאָנער" און דער „ווינער" — דער רעכטער און דער מער לינקער — האָבן אין זייערע רעזאָלוציעס און אָפיציעלע דערקלע־רונגען שאַרף קריטיקירט די האַנדלונגען פון די אַליאירטע אין ווערסייל, און זיי ווערן ניט מיד צו פאָדערן ראַדיקאַלע ענדערונגען אין די באַשלוסן פון די זיגערס וועגן טעריטאָריאַלע אַנעקסיעס און פינאַנסיעלע קאָנטריבוציעס?"

— יאָ, עס איז אמת — האָט הילקוויט געענטפערט — אָבער...

דעם „אָבער" האָב איך „פאַרהערט" און ממשיך געווען:

— איז אמת, גענאָסע הילקוויט, אַז די וויכטיקסטע פירערס פון דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל האָבן, ניט געקוקט אויף זייער ביטערער קעגנערשאַפט צו דעם ווערסייל־אָפמאַך, דאָך געשטיצט די סטאַטוטן פון דער פעלקערליגע און פון דעם וועלט־געריכט, און אַז צווישן די לעצטע פאַרנעמען דעם אויבנאָן אַזעלכע באַרימ־טע פירערס פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל ווי שיידעמאַן, קאַמיל הויסמאַן, עמיל וואַנדערוועלדע, סטאַונינג, אָטאָ וועלש, רעמזי מעקדאָנאַלד און טאָם שאָו?... זיי אַלע האָבן אין נאָמען פון זייערע פּאַרטייען אָנגענומען אַ פּאָזיטיווע שטעלונג צו דער פעלקער־ליגע. אַפילו די פירערס און וואָרטזאָגערס פון דעם מער ראַדי־קאַלן „ווינער" אינטערנאַציאָנאַלן פאַרבאַנד — אַרטור קריספּי, פּאָול פאָר, זשאַן לאָנגע, פרידריך אַדלער, אָטאָ באַוער, קאַרל קאַוטסקי, עדוואַרד בערנשטיין, הילפערדינג, ווילהעלם דיטמאַר און אַלעקסאַנדער בראַק האָבן זיך אויך אַרויסגעזאָגט פאַר אַ פּאָזיטיווער שטעלונג, וואָס איך, אַ „רענק־ענד־פאַיל"־מיטגליד פון דער אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישער פאַרטיי, האָב זיך דערלויבט צו פאַרטיידיקן אויף די שפּאַלטן פון אונדזער „פאָרווערטס"... איז דאָס אמת?

ניט הערנדיק קיין ענטפער אויף מיין פראַגע, האָב איך זיך אומגעקערט צום צווייטן אָפּאָנענט, בערגערן, און אויך אים גע־שטעלט אַ פּאָר פראַגן.

לייענענדיק דעם „מילוואָקי לידער", פון וועלכן וויקטאָר בערגער איז דער שעף־רעדאַקטאָר, און אויסהערנדיק דאָ היינט

זיינע אַרגומענטן קעגן דער פעלקער־ליגע, איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז זיין נעגאַטיווע שטעלונג שטאַמט בעיקר פון זיין איבערצייגונג, אַז די פעלקער־ליגע באַצוועקט בלויז צו שטאַרקן דעם רעאַקציאָנערן און שעדלעכן ווערסיילער אָפּמאַך, וואָס זוכט צו רויִנירן דייטשלאַנד צוזאַמען מיט אַלע אירע פּראָדוצירנדיקע קלאַסן. — איז דאָס ריכטיק, גענאָסע בערגער?

— יאָ, דאָס איז ריכטיק.

— אויב אַזוי, מיט וואָס דערקלערט זיך דער פאַקט, אַז אַזעלכע גוטע דייטשע פּאַטריאָטן, ווי די פירערס פון די רעכטע סאָציאַל־דעמאָקראַטן — שיידעמאַן, אָטאָ וועלס, אָדער נאָסקע — שטיצן אָפן אין בערלינער „פאָרווערטס", און אויף דער רייכסטאַג־טריבונע די פעלקער־ליגע — אַ שטעלונג, וואָס שטערט זיי נישט צו קעמפן פאַר ראַדיקאַלע ענדערונגען אין דעם ווערסיילער שלום־אָפּמאַך? און ווי דערקלערט איר די שטעלונג פון די לינקע פירערס פון דער דייטשער אומאָפּהענגיקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, — די וועלטבאַרימטע אָרטאָדאָקסאַלע מאַרקסיסטן קאַוטסקי, בערנשטיין, הילפערדינג, ברייטשייד, לעדעבור, און קריספּי — אַלע שאַרפע קעגנערס פון קאָלאָניאַל־אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק — און דאָך שטיצן זיי די טאַקטיק פון די „יאָ"־זאָגערס און האַלטן, אַז דאָס איז אין די אינטערעסן פון די אַרבעטנדיקע אין דייטשלאַנד און פון די אַרבעטער און סאָציאַליסטן אין דער גאָרער וועלט?...

מיר שיינט דעריבער, חשובע מיטגלידער פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע, אַז נעמענדיק דאָס אַלץ אין באַטראַכט, דאַרף אָט די טאַקטיק אויך זיין די שטעלונג פון אונדזער פּאַרטיי, פון אונדזער „פאָרווערטס" און פון אונדזערע אַנדערע פּאַרטיי־אָרגאַנען...

ביי די ווערטער האָב איך זיך אָוועקגעזעצט.

ווי לאַנג איך וועל לעבן וועל איך נִיט פאַרגעסן מיין איבערראַשונג, ווען מאָריס הילקוויט האָט זיך פלוצים אויפגעהויבן, איבערגעבויגן זיך צו מיר און אָן ווערטער געדריקט מיין האַנט. נאָך אים האָט דאָס זעלביקע געטאָן קאַהאַן, וולאַדעק, אַדזשערנאָן לי און דזשעימס אָניל... דער דאָזיקער פינאַל האָט מיך אַזוי

צעטומלט, אַז איך מיין טריומף האָב איך ניט באַמערקט, ווי עס האָט רעאַגירט וויקטאָר בערגער, וואָס זיין קעגנערשאַפט האָט מיך באַזונדערס שטאַרק געשראָקן. קאַהאַן האָט מיך אָבער שפּעטער פֿאַרזיכערט, אַז אויך דער האַרטנעקיקער וויקטאָר בערגער איז ניט אָפּגעשטאַנען פון זיינע קאָלעגן.

אָניל, אַלדזשערנאָן לי און ברוך וולאַדעק, וועלכע האָבן ניט אויסגענוצט זייער רעכט צו ריידן, האָבן זיך נאָכן צוזאַמענקום געפילט באַזונדערס יום־טובדיק. זייער שטימונג האָט צום בעסטן פֿאַרמולירט ברוך וולאַדעק.

— כינאָי, איר האָט אייער ציל דערגרייכט. קיין צוריקטריט צום סעקטאַנטישן פּראָווינציאַליזם איז שוין ניט מעגלעך.

„פרייע אַרבעטער־שטימע", 15 סעפּט. 1963

# צוועלף יאָר קאָמוניזם אין אַמעריקע

## (אַ קורצער סך־הכל)

די יידישע סאָציאַליסטישע פעדעראַציע, פון וועמעס רעשטלעך עס האָט זיך אין סעפּטעמבער 1921, אָרגאַניזירט דער יידישער סאָציאַליסטישער פאַרבאַנד, איז געווען די לעצטע שפּראַך־פעדע־ראַציע זיך צו שפּאַלטן. אַלע אַנדערע שפּראַך־פעדעראַציעס פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי — די רוסישע, יוגאָסלאַווישע, אוק־ראַינישע, ליטווישע, לעטישע, פינישע א. אַז. וו. האָבן זייערע שפּאַלטונגען נאָך פריִער דורכגעמאַכט.

אָנגעהויבן האָבן זיי דאָס דורך דעם טרויעריק־באַרימטן „לינקן פליגל" פון דער ס. פּ. און פאַרענדיקט דורך זייער ערשטן דער־פאָלגרייכן פאַרזוך צו שאַפן אַן אַמעריקאַנער סעקציע פון קאָמו־ניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס האָט זיך דאַן געהאַלטן אין גרינדן.

אַזאַ פאַרטיי איז טאַקע דאָ געשאַפן געוואָרן.

ריכטיקער — דריי אַזעלכע פאַרטייען.

ווייל די קאָמוניסטישע פאַרטיי פון די פאַראייניקטע שטאַטן איז ווי די „הייליקע דריי־אייניקייט" פון דער קריסטלעכער קירכע, געבוירן געוואָרן מיט „דריי פּנימער".

און איין פּנים איז געשטאַנען די „קאָמוניסטישע פאַרטיי".

אויפן צווייטן — די „קאָמוניסטישע לייבאָר־פאַרטיי", און

אויפן דריטן — די „פּראָלעטאַרישע פאַרטיי".

און זיי שטאַמען אַלע פון איין קוואַל — פון דער אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישער פאַרטיי.*

* צוליב פּאַלמערס פּאָליציי־רעידס, וואָס האָבן אין נאָוועמבער 1919 אַריינ־געטראָגן אַזאַ חורבן אין אַלע ראַדיקאַלע און סאָציאַליסטישע קרייזן, האָט די „פּראָלעטאַרישע פאַרטיי" איר „ערשטע קאָנווענשאָן" אָפּגעהאַלטן ערשט אין יוני 1920, אָבער די פאַרטיי גופא איז געשאַפן געוואָרן גלייכצייטיק מיט די אַנדערע קאָמוניסטישע פאַרטייען.

אַלע דריי זיינען זיי באַאיינפלוסט געוואָרן פון די רעוואָלוציאָנערע ווינטן, וואָס האָבן דעמאָלט מיט אַזאַ אימפּעט געבלאָזן פון מזרח־אייראָפּע און אַלע דריי האָבן דערפאַר באַטראַכט די סאָציאָליסטישע פאַרטיי (וואָס האָט ניט געגלייבט, אַז אַ סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע הייבט זיך שוין אָן אין אַמעריקע) פאַר צו אָפּאָרטוניסטיש און ניט גענוג רעוואָלוציאָנער.

די פירער פון דעם „לינקן פליגל" אין דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי האָבן זיך ניט אָפּגעזאָגט פון דער דאָזיקער מיינונג אויך דאַן, ווען אונדזער פאַרטיי האָט, אין אַ רעפערענדום פון אַלע אירע מיטגלידער, מיט אַ גרויסער מערהייט באַשלאָסן אַנצושליסן זיך אין דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס די רוסישע באָלשעוויסטישע פאַרטיי האָט דאַן געהאַלטן אין אָרגאַניזירן.

אַלע דריי קאָמוניסטישע פאַרטייען האָבן באַטראַכט מאָסקווע פאַרן ירושלים פון די גלויביקע און אַלע דריי האָבן געגלייבט, אַז לענין מיט טראָצקין זיינען די הויפּט־פירער פון דער וועלט־רעוואָלוציע.

דאָס האָט זיי אָבער נישט געשטערט צו פירן איינע קעגן די אַנדערע אַליידנשאַפטלעכן קאַמף, וואָס האָט שוין דאַן ניט תמיד אויסגעמיטן „שטאַרקע אַרגומענטן".

אַלעקסאַנדער סטאָליצקי און ניקאָלאַי הורוויטש פון דער רוסישער פעדעראַציע און זייערע פינישע, ליטווישע, לעטישע און אַנדערע פרעמד־שפּראַכיקע פאַרטנערס אין דער „אַמעריקאַנער קאָמוניסטישער פאַרטיי" האָבן, ניט קוקנדיק אויף אַלע פאַרזוכן, ניט געקענט געפינען קיין געמיינשאַפטלעכע שפּראַך מיט די ענגליש־ריידנדיקע קאָמוניסטן פון ניו־יאָרק און קליוולענד און די „עכט־אַמעריקאַנישע מאַרקסיסטן־קאָמוניסטן" פון דעטראָיט, באָפאַלאָ און שיקאַגאָ.

ווייל צווישן זיי איז געלעגן אַ טיפער אָפּגרונט פון „פּרינציפּיעלע מיינונגס־פאַרשידנקייטן", וואָס אַפילו דער דרוק פון ספּעציעלע שליחים פון מאָסקווע און פון דעם סאָוועטישן אַמבאַסאַדאָר אין ניו־יאָרק, נואָרטעווא, האָט ניט געקענט באַזייטיקן.

מאַרק כינאָי

## „מאַסן־אַקציע" אָדער „אַקציע פון די מאַסן"

ספּעציעל ביטער איז געווען דער שטרייט צווישן די פרעמד־שפּראַכיקע פירער פון דער „קאָמוניסטישער פּאַרטיי" און די „אַמע־ריקאַנער" פירער פון דער „קאָמוניסטישער לייבאָר־פּאַרטיי".

דערקלערט האָט זיך דאָס דערמיט וואָס דאָס פּראָגראַם פון די ערשטע האָט גערעדט וועגן „מאַסן־אַקציע" און דאָס פּראָגראַם פון די צווייטע — וועגן „אַקציע פון די מאַסן" אַלס דעם וויכטיקסטן וואָפן אין דער אַרבעט פון „פאַרניכטן די קאַפּיטאַליסטישע מלוכה" און „איינפירן אַ דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט".

דאָס איז געווען דער איינציקער „פּרינציפּיעלער פּונקט" אין וועלכן די צוויי פּאַרטייען זיינען זיך פונאַנדערגעגאַנגען.

קיין אַנדערע זיינען ניט געווען.

וויפל איך האָב ניט גענישטערט און ניט געזוכט אין דער דעמאָלטיקער קאָמוניסטישער ליטעראַטור, האָב איך קיין אַנדערע שטרייט־פּונקטן פון אַן אידעאָלאָגישן, אָדער אַפילו אָרגאַניזאַציאָנעל־טאַקטישן כאַראַקטער, ניט געפונען.

דער „קאָמוניסט", דער „רעוואָלושאָנערי איידזש" און די איבע־ריקע לעגאַלע און אומלעגאַלע קאָמוניסטישע צייטשריפטן פון די שטורעמדיקע יאָרן 1919 און 1920 באַשטייען כמעט אויסשליסלעך פון תלמודיסטישע פּלפּולים און חקירות איבער דעם „טיפן פּרינ־ציפּיעלן אונטערשייד" צווישן רעוואָלוציאָנערן שלאַגוואָרט „מאַסן־אַקציע" און דעם אָפּאָרטוניסטישן „אַקציע פון די מאַסן"...

אַן אויסנאַם האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט די דעטראָיטער מאָנאַטשריפט „פּראָלעטאַריער" (דערשיינט יעדע צוויי מאָנאַטן אין ניו־יאָרק), הויפּט־אָרגאַן פון דער „פּראָלעטאַרישער (קאָמוניס־טישער) פּאַרטיי", וועמעס פירער האָבן דאַן, ווי איצט, אַרויסגעוויזן אַן אויסערגעוויינלעך ניכטערן און טעאָרעטיש גוט באַגרינדעטן בליק אויף דער אַמעריקאַנערווירקלעכקייט, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס פּאָר אַלע אַנדערע לענדער האָבן זיי אָנגענומען דאָס פּראָג־ראַם און די דירעקטיוון פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

וועגן די צוויי לאָזונגען — „מאַסן־אַקציע" און „אַקציע פון מאַסן" — האָט דער „פּראָלעטאַריער" דאַן געשריבן, אַז דאָס זיינען

נעפּלדיקע, פּאַרפירערישע און גאָרניט־זאָגנדיקע פראַזן, וואָס באַ־האַלטן אונטער זיך דעם פּאַרבאָטענעם לאָזונג פון אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד — און זיינען דאָס אין דער אמתן ניט.

די צוויי פּאַרטייען — די „קאָמוניסטישע פּאַרטיי“ און די „קאָמוניסטישע לייבאָר־פּאַרטיי“ — האָבן זיך אין מאַי 1920 „פאַראייניקט“ אין קערפּערשאַפט — די „פאַראייניקטע קאָ־מוניסטישע פּאַרטיי“. אָבער די פאַראייניקונג האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַ פּאַפּירענע, ווייל אויך נאָך דער פאַראייניקונג זיינען פאַר־בליבן צוויי פּאַרטייען: אַ „פאַראייניקטע קאָמוניסטישע פּאַרטיי“ און אַ סתם „קאָמוניסטישע פּאַרטיי“.

צוויי פּאַרטייען, אַ חוץ דער „פּראָלעטאַרישער“, וועלכע האָט שוין דאַן פאַרמאָגט אַזוי פיל מיטגלידער, אַז זי האָט לייכט געקענט אַריבערפירן אַלע אירע מיטגלידער אין איין אַלטן פאָרד פון דעטראָיט קיין שיקאַגאָ, פון שיקאַגאָ קיין באָפאַלאָ און פון דאָרט קיין ניו־יאָרק...

## „נאָמבער וואַן“ און „נאָמבער טו“

נאָך דעם ווי די „קאָמוניסטישע פּאַרטיי“ און די „פאַראייניקטע קאָמוניסטישע פּאַרטיי“ האָבן זיך, אונטער דער בייטש פון מאָסקווע, פאַראייניקט, האָט זיך דער אינערלעכער קאַמף אין די קאָמוניס־טישע רייען ניט אָפּגעשטעלט. ער האָט געטראָגן אַן אויסערגע־וויינלעך ביטערן כאַראַקטער אין פאַרלויף פון די אַנדערהאַלבן־צוויי יאָר, וואָס די קאָמוניסטישע פּאַרטייען זיינען געווען אומלע־גאַל און האָט ניט פיל געענדערט זיין כאַראַקטער אויך דאַן, ווען די באַוועגונג איז אַרויס פון דעם אומלעגאַלן „בעיסמענט“ און געוואָרן — אונטער דער שילד פון דער „וואָירקערס פּאַרטי“ — אַ לעגאַלע פּאָליטישע פּאַרטיי.

צו ערשט איז אָנגעגאַנגען אַ קאַמף צווישן „בעיסמענט“ און „אָפּסטעזי“, צווישן די „נאָמבער 1“־מיטגלידער פון דעם אומלע־גאַלן פּאַרטיי־אַפּאַראַט און די „נאָמבער 2“־מיטגלידער פון דער לעגאַלער, און דערפאַר ניט גענוג כשרער, „וואָירקערס פּאַרטי“.

דערנאָך איז דער זעלבער קאַמף אונטער פאַרשידענע נעמען און מיט פאַרשידענע פירער אָנגעגאַנגען אין דער אָפיציעל שוין פאַר־אייניקטער און אין גאַנצן לעגאַלער פאַרטיי.

און ווי אין אָנהייב אין 1919 — אַזוי אויך אין פאַרלויף פון די יאָרן, וואָס די קאָמוניסטישע באַוועגונג עקזיסטירט, האָט דער אינערלעכער פאַרטיי־קאַמף זייער זעלטן געטראָגן אַ פּרינציפּיעלן כאַראַקטער. אין די מערסטע פאַלן זיינען די אמתע סיבות פון שטרייטונגען און שפּאַלטונגען געווען ריין פּערזענלעכע. עס איז געווען מער אַ קאַמף פון פּערזאָנען, ווי פון פּראָגראַמען; אַ געראַנגל פון קליקעס און ניט קיין אויפריכטיקער אויסטויש פון אידעען און פּרינציפּן; אַ שטרייט איבער דעם, ווער עס זאָל פאַרטרעטן אַמע־ריקע אין מאָסקווע און מאָסקווע אין אַמעריקע און ניט איבער דעם ווי צו געווינען דעם אַמעריקאַנער אַרבעטער פאַר דער „וועלט־רעוואָלוציע".

איבער דער לעצטער פראַגע האָט מען ניט געקעמפט. ניט געוואָגט צו קעמפן אַפילו דאַן, ווען עס זיינען געווען אמתע מיינונגס־פאַרשידנהייטן.

פראַגן פון פּראָגראַם און פּראָבלעמען פון טאַקטיק זיינען דאַן, ווי איצט, באַשטימט געוואָרן פון ד'עם מאָסקווער קאָמאינטערן און אַלע צדדים פלעגן זיך צואיילן זיי אָנצונעמען אָן קריטיק און אָן פראַגע־צייכנס.

די קעמפנדיקע צדדים האָבן בלויז געזוכט צו באַווייזן מאָס־קווע, אַז דער צווייטער צד איז ניט אויפריכטיק אין אָננעמען די „דירעקטיוון", אָדער האָט ניט בדעה זיי ווי געהעריק דורכצופירן.

און אַזוי האָט דאָס אָנגעהאַלטן קנאַפּע צען יאָר און זיך געענדיקט מיט די צוויי לעצטע שפּאַלטונגען פון דער „וואָיר־קערס פּאַרטי", ווען אַ מערהייט פון איר צענטראַל־קאָמיטעט האָט צו ערשט אויסגעשלאָסן די מינדערהייט (קענאָן און קאָמפּאַני) און איז דערנאָך אַליין, לויט אַ ספּעציעלן באַפעל פון מאָסקווע, אויס־געשלאָסן געוואָרן פון אַ גאַר קליינע מינדערהייט פון אייגענע חברים.

אַזוי אַז די קאָמוניסטישע באַוועגונג, וואָס איז געבוירן

געוואָרן אין אַן אַטמאָספער פון שפּאַלטונגען און אינערלעכע רייסע־רייען, האָט פאַר די אַלע יאָרן פון איר עקזיסטענץ זיך ניט געענ־דערט. היינט, ווי מיט יאָרן צוריק, ציילט די לינקע באַוועגונג ניט ווייניקער ווי דריי קאָמוניסטישע פּאַרטייען און אַ צאָל קאָמו־ניסטישע גרופּן, „ליגס״, „קאָנפערענצן״, „בונדן״, און „פאַר־באַנדן״, וואָס האַלטן אָן אַ זעלבשטענדיקע „רעוואָלוציאָנערע״ עק־זיסטענץ און קאָנקורירן מיט דער אָפיציעלער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין איר פּרווו „אָנצוהייבן אין אַמעריקע אַ קאָמוניסטישע ־רעוואָלוציע אויפן באָלשעוויסטישן שטייגער״...

און אַלע צוזאַמען, ווי מירן דאָס באַלד זען, האָבן פאַרמאָגט ניט מער ווי אַכט טויזנט מיטגלידער.

## די „עוואָלוציע״ פון דער קאָמוניסטישער „רעוואָלוציע״

נאָר אויב די קאָמוניסטישע באַוועגונג האָט אין די 12 יאָר פון איר עקזיסטענץ זיך ניט שטאַרק געענדערט אין איר שפּאַל־טונגס־פּאָליטיק, האָט זי אויפן געביט פון אידעען און פּרינציפּן דורכגעמאַכט אַ גאָר ראַדיקאַלע עוואָלוציע.

איר פּראָגראַם, טאַקטיק און גאַנצער בליק אויף דער אַמערי־קאַנער ווירקלעכקייט האָט זיך פאַר די צוועלף יאָר אַזוי געביטן, אַז עס גלייבט זיך קוים, אַז דאָס איז די זעלבע לינקע באַוועגונג, מיט וועלכער מיר האָבן זיך געראַנגלט אין די שטורמיש־טראַגישע יאָרן פון 1919—1921.

עס איז אַ מערקווירדיקע ענדערונג, וואָס פאַרדינט אַ באַזונ־דערע אָפּהאַנדלונג.

צוליב מאַנגל אין פּלאַץ וועלן מיר דאָס מאָל זיך מוזן צופרי־דנשטעלן מיט אַ פּאָר ביישפּילן.

## קעגן פּאָליטישער אַמנעסטיע

די „אינטערנעשאָנעל לייבאָר דעפענס״ („אַי־על־די״) און אירע שטענדיקע קאַמפּעינס פאַר אַמנעסטיע פון פּאָליטישע אַרעסטירטע פאַרנעמען איצט, קאָן מען זאָגן, דעם אויבנאָן אין דער טומלדי־קער טעטיקייט פון דער גאַנצער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין

אַמעריקע. די דאָזיקע קאַמפּעינס פֿאַר אַמנעסטיע שטעלן מיט זיך פֿאָר דעם מיטלפּונקט, דעם צענטער כמעט, פֿון אַלץ, וואָס די קאָמוניסטישע פּרעסע שרייבט און וואָס די קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציעס טוען.

אין די אַמאָליקע יאָרן האָט זיך אַ קאָמוניסט צו דער דאָזיקער אַרבעט ניט געטאָרט צורירן. פֿון קאָמוניסטישן שטאַנדפּונקט איז דאָס געווען אַ „קאָנטררעוואָלוציאָנערע״ אַרבעט, וואָס האָט געקענט בלויז אָפּציִען די אויפמערקזאַמקייט פֿון די פּראָלעטאַרישע מאַסן פֿון דער איינציקער רעוואָלוציאָנערער אויפגאַבע — אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד קעגן דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, דורכגעפירט באַלד, שוין.

דאָס איז אויך געווען דער שטאַנדפּונקט פֿון דעם „לינקן פליגל״ אין 1919 און אויף דעם גרונט האָבן 5 לינקע שפּראַך־פעדעראַציעס פּראָטעסטירט צו דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע פֿון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי קעגן איר באַשלוס צו רופן אַן אַמנעסטיע־קאָנווענשאַן.

די פינף פעדעראַציעס האָבן אולטימאַטיוו געפאָדערט פֿון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע אָפּצוזאָגן זיך פֿונעם פּלאַן און אויפגעבן די גאַנצע אַמנעסטיע־קאַמפּאַניע.

און ווען דער אולטימאַטום האָט ניט געהאָלפן, האָבן די 5 פעדעראַציעס צוזאַמען מיט נאָך איינער — אויך, נאַטירלעך, אַ לינקער — אַרויסגעשיקט בריוו צו אַלע זייערע בראַנטשעס צו שטערן און סאַבאָטירן די „רעאַקציאָנערע״ קאַמפּאַניע, וואָס די פּאַרטיי האָט דאַן אָנגעהויבן אין איר פּרוּוו צו שאַפֿן אַ ברייטע פֿאָלקס־באַוועגונג אַרום דער פֿאָדערונג פֿון אַן אַלגעמיינער אַמנעסטיע פֿאַר אַלע פּאָליטישע אַרעסטירטע און אַלע קרבנות פֿון דער קלאַסן־יוסטיץ.

אַרויסגייענדיק פֿון דער זעלבער רעוואָלוציאָנערער פילאָזאָפיע האָט אַ קאָנווענשאַן פֿון „לינקן פליגל״ אין מאַסאַטשוסעטס־שטאַט, אין מאַי 1919, באַשלאָסן צו באַפרייען די פּאָליטישע אַרעסטירטע „דורך אַלגעמיינע פּאָליטישע שטרייקן און דעמאָנסטראַ־

ציעס" און נישט דורך אַמנעסטיע־קאַמפּאַניעס און אַמנעסטיע־קאָנווענשאָנס.

אַ לייטאַרטיקל אין דעם דעמאָלטיקן הויפּט־אָרגאַן פון דעם לינקן פליגל, אין „רעוואָלושאָנערי איידזש" (פון 24סטן מאַי), האָט דעם שטאַנדפּונקט טעאָרעטיש באַגרינדעט:

„מיר ווילן ניט קיין אַמנעסטיע פאַר זיי (די פּאָליטישע אַרעס־טירטע — מ. כ.). מיר ווילן, אַז די אינדוסטריעלע מאַכט פון דעם פּראָלעטאַריאַט, זיין קלאַסנבאַוווסטע אַקציע, זאָל זיי באַפרייען..."

## קעגן רעפאָרמען, פאַר אַן אויפשטאַנד

דאָס פּראָגראַם פון דער ערשטער קאָמוניסטישער אָרגאַניזאַ־ציע אין די פאַראייניקטע שטאַטן, דעם לינקן פליגל פון 1919, האָט אַטאַקירט די סאָציאַליסטישע פאַרטיי דערפאַר, וואָס... זי אַגיטירט ניט פאַר אַ בירגער־קריג.

„די פּאַרטיי, ווערט געזאָגט אין איר פּלאַטפאָרם, מוז לערנען, פּראָפּאַגירן און אַגיטירן אויסשליסלעך פאַר דער אומשטירצונג פון קאַפּיטאַליזם און דער איינפירונג פון סאָציאַליזם דורך אַ פּראָלע־טאַרישער דיקטאַטור. די סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטן, וואָס ווערן דערוויילט צו אַן עפנטלעכן אַמט, דאַרפן אומבאַדינגט נאָכקומען די דאָזיקע דירעקטיוון".

דערפאַר האָט טאַקע די סטייט־קאָנווענשאָן פון מישיגען אָנגע־נומען אַ פּלאַטפאָרם, וואָס האָט פאַרבאָטן די לאָקאַלע פּאַרטיי־אָר־גאַניזאַציעס פון יענעם שטאַט צו שטיצן וועלכע עס איז רעפאָרמען. די אָרגאַניזאַציע, וואָס וועט דאָס ניט פאָלגן, וועט פאַרלירן איר טשאַרטער, האָט די קאָנווענשאָן געוואָרנט.

ניט רעפאָרמען, נאָר רעוואָלוציע, איז געווען דער קאַמפּס־געשריי פון די לינקע.

און אַזוי ווי די פירער פון דער ס. פּ. זיינען דאַן ניט געווען אין גאַנצן זיכער, אַז די אַמעריקאַנער אַרבעטער זיינען גרייט שוין, היינט, אָנצוהייבן די סאָציאַלע רעוואָלוציע, האָט מען אָפּגעוואָרפן זייער פאַרלאַנג זיך אָנצושליסן אין דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַ־

ציאָנאַל, אָן וועלכע עס איז באַדינגונגען, די קאָמוניסטן האָבן באַשלאָסן די פּאַרטיי צו פאַרכאַפּן אָדער — אויב דאָס וועט זיך ניט איינגעבן — צו צעברעכן, צעשפּליטערן, פאַרניכטן...

די קאָמוניסטן און זייערע אָרגאַניזאַציעס זיינען דאַן געווען קעגן געוויינלעכער אויפקלערונגס־אַרבעט פון אַ סאָציאַליסטישן כאַראַקטער; קעגן געוויינלעכער פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע; קעגן רעפאָרמען, ווי וויכטיק און דרינגענדיק נייטיק זיי זאָלן ניט זיין; קעגן עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פאָדערונגען, וואָס פאַרלייכטערן באַלד די מאַטעריעלע לאַגע פונעם אַרבעטער־קלאַס; קעגן דער געוויינלעכער אַרבעט אין און אַרום די יוניאָנס; קורץ — קעגן דעם פּראָגראַם־מינימום אין אַלע אירע צווייגן.

אָנשטאָט צוויי פּראָגראַמען — אַ פּראָגראַם־מינימום און אַ פּראָגראַם־מאַקסימום — ווי דאָס איז דער פאַל מיט די סאָציאַ־ליסטן פון דער גאַנצער וועלט — און מיט די אַמעריקאַנער קאָמו־ניסטן פון יאָר 1931! — האָבן די קאָמוניסטישע פּאַרטייען דאַן געהאַט נאָר איין „פּראָגראַם־מאַקסימום" — סאָציאַליזם, סאָוועטן־שטאַט, אָנגעפירט פון אַ פּראָלעטאַרישער (קאָמוניסטישער) דיק־טאַטור...

„אין דעם איצטיקן היסטאָרישן פּעריאָד פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע" — ווערט געזאָגט אין פּראָגראַם פון דער „קאָמוניס־טישער פּאַרטיי" — „דאַרפן אַלע אונדזערע פּלאַטפאָרמען אַנטהאַלטן נאָר איין פאָדערונג: די איינפירונג פון אַ פּראָלעטאַרישער דיקטאַ־טור"...

אין „פּראָגראַם פון דער צווייטער קאָמוניסטישער לייבאָר־פּאַר־טיי" (אָנגענומען אויף דער גרינדונגס־קאָנווענשאָן אין שיקאַגאָ, אָנהייב סעפּטעמבער 1919, דער זעלבער גרינדונגס־קאָנווענשאָן, ווו די קאָמוניסטישע באַוועגונג האָט זיך צעשפּאָלטן אויף צוויי — פּאַקטיש אויף דריי — פּאַרטייען) ווערט געזאָגט, אַז אויב מיט־גלידער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי ווערן אויסגעוויילט צו געזעצגעבערישע קערפּערשאַפטן, „טאָרן זיי ניט פאַרשלאָגן אָדער שטיצן וועלכע עס איז רעפאָרם־געזעצן".

אין די דאָזיקע געזעצגעברישע קערפּערשאַפטן האָבן די

אויסגעוויילטע קאָמוניסטן (אָלדערמען, אַסעמבלימען, סענאַטאָרן און קאָנגרעסלייט) נאָר איין איינציקע אויפגאַבע: „אַרויסברענגען דעם טיראַנישן כאַראַקטער פון דער קאַפּיטאַליסטישער מלוכה“...

דערביי האָט די קאָנווענשאָן פאַרבאָטן דער פּאַרטיי אַרויס־צושטעלן קאַנדידאַטן פאַר אַזוינע עפנטלעכע אַמטן, ווי מעיאָר, גאָווערנאָר און פּרעזידענט. „עס איז דערלויבט צו באַטייליקן זיך גאָר אין די וואַלן פון אַזוינע געזעצגעבערישע קערפּערשאַפטן ווי שטאַטראַטן, סטעיט לעדזשיסלייטשורס און קאָנגרעס“...

אַ ביסל שפּעטער האָט זיך די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אָפּגעזאָגט אויך פון באַטייליקן זיך אין וואַלן פון געזעצגעבערישע קערפּער־שאַפטן. זי האָט זיך אָפּגעזאָגט פון „פּאַרלאַמענטאַריזם“ אין וועל־כער ניט איז פאָרעם.

## באָיקאָטירט די וואַלן!

אין אָקטאָבער 1920, ערב די פּרעזידענט־וואַלן, האָט די קאָ־מוניסטישע פּאַרטיי פאַרעפנטלעכט אַ מאַניפעסט: „באָיקאָטירט די קומענדיקע וואַלן!“

„די קאָמוניסטישע פּאַרטיי“, האָט דער מאַניפעסט געשריבן, „איז פאַר אַ מאַסן־אַקציע פון באַוואָפנטע אַרבעטער אין אַן אָפּע־נעם אויפשטאַנד און בירגער־קריג אַלס דעם איינציקן מיטל צו געווינען די פּאָליטישע מאַכט פאַר די אַרבעטער. און דערפאַר רופן מיר אייך, אַרבעטער און חברים קאָמוניסטן פון דער קאָמוניסטי־שער פּאַרטיי, אַז איר זאָלט באָיקאָטירן די קומענדיקע וואַלן!“

וואָס פאַר אַ מהלך צווישן די דאָזיקע „פּראָגראַמען“ און די היינטיקע פּראָגראַמען פון די אַמעריקאַנער קאָמוניסטן.

אַפילו די לינקסטע צווישן זיי — די טראָצקיסטישע — וואָלטן דערקלערט פאַר אַן אַנאַרכיסט און אַרויסגעוואָרפן פון אירע רייען יעדן מיטגליד אירן, וואָס וואָלט געוואַגט צו פאַרטיידיקן אַזאַ פּראָגראַם.

נאָך איין ביישפּיל צו אילוסטרירן די אינטערעסאַנטע עוואָ־

לוציע, וואָס אונדזערע „רעוואָלוציאָנערן" האָבן אין די לעצטע יאָרן דורכגעמאַכט.

דער „קאַמף פאַר אַ לייבאָר־פּאַרטיי" איז, ווי באַקאַנט, היינט איינער פון די לאָזונגען, וואָס די קאָמוניסטן ווערן ניט מיד איבער־צוחזרן. מיט אַ פּאָר יאָר צוריק האָבן זיי אַפילו געפּרוווט צו אָרגאַ־ניזירן אַ נאַציאָנאַלע קאָנווענשאָן פון טרייד־יוניאָנס, פאַרמער־אָרגאַניזאַציעס, פאַרמער־לייבאָר־פּאַרטייען און סאָציאַליסטישע לאָ־קאַלן, כדי צוזאַמען צו שאַפן אַ נאַציאָנאַלע פאַרמער־לייבאָר־פּאַרטיי. און ווען די סאָציאַליסטן האָבן ניט געשיקט זייערע קאַנדידאַטן, האָבן די קאָמוניסטן די קאָנווענשאָן „געקעפּטשורט" און געשאַפן אַן אייגענע „פעדערייטעד פאַרמער־לייבאָר־פּאַרטי".

גאַנץ אַנדערש האָט דער קאָמוניזם געקוקט אויף דער פראַגע אין די אַלטע צייטן פון 1919, 1920 און 1921.

אַ פּאָר שטעלן וועלן דאָס באַשטעטיקן:

„אַ לייבאָר־פּאַרטיי קען ניט דינען אַלס אַ געצייג אין דער באַפרייונג פון אַרבעטער־קלאַס... לייבאָריזם איז ניט קיין קלענערע געפאַר פאַר דעם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט ווי דער „מע־סיקער" סאָציאַליזם; ביידע קענען ניט אויסגענוצט ווערן אַלס וואָפן אין קאַמף פאַר מאַכט" (פּלאַטפאָרם פון לינקן פליגל אין 1919).

„מיר זיינען קעגן אַ פאַרבינדונג מיט יעדער גרופּע, וואָס שטייט ניט אויפן שטאַנדפּונקט פון רעוואָלוציאָנערן קלאַסן־קאַמף" (פּלאַט־פאָרם פון דער קאָמוניסטישער לייבאָר־פּאַרטיי, 1919).

דער זעלבער שטאַנדפּונקט איז דאַן אויך פאַרטיידיקט געוואָרן פון דער צייטשריפט „קאָמוניסט", אָרגאַן פון דער קאָמוניסטי־שער פּראָפּאַגאַנדע־ליגע, וואָס האָט שפּעטער געגרינדעט די „קאָ־מוניסטישע פּאַרטיי".

היינט אָבער האָט מען קענאָנען און זיינע חברים טראָצקיסטן אויסגעשלאָסן פון קאָמוניסטישן צענטראַל־קאָמיטעט, ווען עס איז בלויז געווען אַ פאַרדאַכט, אַז זיי זיינען גענייגט צו צווייפלען אין דער אידעע פון אַ לייבאָר־פּאַרטיי אין אַמעריקע.

## דער געיעג נאָכן פּראָלעטאַריאַט

נאָר אפשר האָט די דאָזיקע עוואָלוציע פון אונדזערע רעוואָ־לוציאָנערן זיי געגעבן אַ געלעגנהייט צו געפינען דעם שליסל צום אַמעריקאַנער אַרבעטער?

אפשר האָט די דאָזיקע פּאַרוואָסערונג פון זייערע פּרינציפּן און אידעען זיי געהאָלפן צו געווינען די ברייטע מאַסן אַמעריקאַנער אַרבעטער, נאָך וועלכע עס יאָגן זיך שוין עטלעכע דורות אַמערי־קאַנער סאָציאַליסטן מכל המינים?

אויב מען זאָל גלייבן דעם וויים־פּרעזידענט פון דער אַמעריקען פעדערעישאָן אָוו לייבאָר, מעטיו וואָל, איז דער ענטפער אויף דער פראַגע אַ פּאָזיטיווער „יאָ", די קאָמוניסטן האָבן איצט אויף די אַמעריקאַנער מאַסן אַ גוואַלדיק גרויסן איינפלוס.

אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, האָט ער געוואָרנט די פיש־קאָמיטע פון קאָנגרעס, זיינען איצט דאָ 500 טויזנט קאָמוניסטן און קאָמוניסטישע סימפּאַטיקער.

עס איז אמת, האָט ער צוגעגעבן, אַז צווישן די יוניאָנס און אָרגאַניזירטע אַרבעטער, איז די צאָל קאָמוניסטן און זייער איינ־פלוס זייער קליין, אָבער אויסער די יוניאָנס, אין די שולן און אוניווערסיטעטן, אין דער אַרמיי און אין פלאָט, צווישן די פּראָפע־סיאָנאַלן און אינטעליגענטן — האָט וואָל פאַרזיכערט — איז דער קאָמוניזם שטאַרק פאַרשפּרייט...

500 טויזנט.

אַ גרויסער ציפער, אַ באַדייטנדיקע דערגרייכונג.

גלייבט אָבער מעטיו וואָל אין דעם וואָס ער האָט געזאָגט, ווען ער האָט געפּרוווט איינרעדן זיך און אַנדערע, אַז אין אַמע־ריקע איז שוין דאָ אַ האַלבער מיליאָן קאָמוניסטן?

איך צווייפל אין דעם.

ווייל וואָל איז געוויינלעך אַ גרויסער בריה אין גריבלען זיך אין ציפערן, און די ציפערן שילדערן אַ גאַנץ אַנדער בילד.

דעם איינפלוס פון אַ פּאָליטישער פּאַרטיי קען מען מעסטן מיט פאַרשידענע מאָסן. די וויכטיקסטע פון זיי זיינען, אין די פרייע

דעמאָקראַטישסטע לענדער אַמווייניקסטן, די צאָל שטימען, וואָס די קאַנדידאַטן פון דער פּאַרטיי באַקומען און די צאָל מיטגלידער, וואָס די פּאַרטיי פאַרמאָגט.

ווען מיר נעמען די צאָל שטימען, וואָס דער הויפּט־קאַנדידאַט פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, איר פאָנטרעגער, האָט באַקו־מען אין די לעצטע פּרעזידענט־וואַלן, איז דער רעזולטאַט אַ זייער נעבעכדיקער.

אין 1924 האָט דער קאָמוניסטישער קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט באַקומען 33 טויזנט שטימען קעגן די 29 מיליאָן און 58 טויזנט, וואָס זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן פאַר קאַנדידאַטן פון אַנדערע פּאַרטייען.

אין 1928 איז דער רעזולטאַט געווען 48 טויזנט פאַר דעם קאָמוניסטישן קאַנדידאַט און 36 מיליאָן 831 טויזנט פאַר די אַנדערע ניט קאָמוניסטישע קאַנדידאַטן.

דאָס אַליין ווייזט, ווי קליין, ווי נישטיק עס איז דער איינפלוס פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אויף די אַמעריקאַנער מאַסן נאָך אַזוי פיל יאָרן אַרבעט און נאָך דעם ווי זיי האָבן אַרומגעצופּט און אַרומגעשאָרן זייער „פּראָגראַם".

און די וואָס וואָלטן געקענט זען אין די צוויי ציפערן — 48 טויזנט און 33 טויזנט — אַ צייכן פון פאָרשריט, דאַרפן ניט פאַר־געסן, אַז די 33 טויזנט שטימען פון 1924 קומען פון דרייצן שטאַטן און די 48 טויזנט פון 1928 — פון דריי און דרייסיק שטאַטן.

אַז די לאַגע האָט זיך ניט פאַרבעסערט זינט 1928 באַווייזט דער רעזולטאַט פון די לעצטע וואַלן אין דער הויפּט־פעסטונג פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג — אין ניו־יאָרק (אין נאָוועמבער 1931).

אין די וואַלן פאַר באָראָ־פּרעזידענט פון מאַנהעטן אין 1932 זיינען פאַר פאַרשידענע „אַרבעטער"־קאַנדידאַטן אָפּגעגעבן גע־וואָרן 360 טויזנט שטימען. פון זיי האָט דער הויפּט־קאַנדידאַט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אַמטער, באַקומען ווייניקער פון 1800 שטימען.

נאָך דער ערשטער קאָמוניסטישער קאַנווענשאָן, אין סעפּ־

טעמבער 1919, האָבן די פירער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פאַרזיכערט אין זייערע באַריכטן, אַז אויף דער קאָנווענשאָן זיינען געווען פאַרטראָטן 58 טויזנט מיטגלידער. ווען די דאָזיקע ציפער וואָלט געווען אַ ריכטיקע, וואָלט דאָס געמיינט, אַז די גאַנצע קאָמוניסטישע באַוועגונג האָט נאָך 9 יאָר אַרבעט איבערן גאַנצן לאַנד באַקומען ווייניקער שטימען (48 טויזנט), ווי איין קאָמוניסטישע פּאַרטיי (פון די דריי, וואָס האָבן דאַן עקזיסטירט) האָט געהאַט מיטגלידער אין 1919.

אין דער אמתן אָבער איז דאָס ניט אין גאַנצן ריכטיק. די ציפער פון 58 טויזנט מיטגלידער אויף דער שיקאַגער קאָנווענשאָן איז געווען שטאַרק איבערגעטריבן. נאָך דער שפּאַלטונג פון דער ערשטער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, ווען אַ טייל פון איר האָט זיך אויף אַ באַפעל פון מאָסקווע אָפּגעשפּאָלטן און צוזאַמען מיט די רעשטלעך פון דער „קאָמוניסטישער לייבאָר־פּאַרטיי" געשאַפן די „פאַראייניקטע קאָמוניסטישע פּאַרטיי", האָט איר צענטראַל־קאָמיטעט זיך מודה געווען, אַז אויף דער שיקאַגער קאָנווענשאָן פון סעפּטעמבער 1919 זיינען געווען פאַרטראָטן ניט 58 טויזנט, נאָר 26 טויזנט מיטגלידער.

און מיט דעם ווערט באַשטעטיקט דער פריערדיקער חשבון פון דזשיימס אָניל, אַז פון די 70 טויזנט מיטגלידער, וואָס די ס. פּ. האָט פאַרלאָרן אין די שפּאַלטונגען פון 1919 זיינען מיט די קאָמוניסטישע פּאַרטייען אַוועק ניט מער ווי 35 טויזנט.

אין 1922, נאָך דריי יאָר „רעוואָלוציאָנערע" אַרבעט, האָבן די פאַרשיידענע קאָמוניסטישע פּאַרטייען זיך פאַראייניקט מיט דער לינקער מערהייט פון דער יידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע און מיט אַנדערע ניי־געבאַרענע קאָמוניסטן, וואָס האָבן, צוזאמען מיט דעם „וואָירקערס קאַונסיל" פאַרלאָזן די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי. דערביי האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַלע צוזאַמען פאַרמאָגן זיי נאָר 12,058 מיטגלידער.

אַזוי דערציילן די אָפיציעלע פּראָטאָקאָלן פון דער „פערטער קאָנווענשאָן פון דער וואָירקערס (קאָמוניסטישער) פּאַרטיי", וואָס

די „דעילי וואָירקערס פּאָבלישינג קאָמפּאַני״ האָט אַרויסגעגעבן באַלד נאָך דער שיקאַגער קאָנוועגשאָן פון אויגוסט 1925.

דער זעלבער אָפיציעלער באַריכט דערציילט (זייטן 25—39), אַז זייער צאָל האָט זיך פאַרגרעסערט ביז 15,395 אין 1923; ביז 17,058 אין 1924, און ביז 16,325 אין יוני 1925, ווען עס האָבן זיך ווידער באַמערקט סימנים פון אַ מיטגלידערשאַפט־וווקס אויף צוריק...

אין 1927 האָט די מיטגלידערשאַפט זיך אַ ביסל אַ הייב געטאָן און דערגרייכט איבערן גאַנצן לאַנד און אין אַלע שפּראַך־סעק־ציעס, 9,642.

אַלץ נאָך ווייט פון די 500 טויזנט, מיט וועלכע מעטיו וואָל האָט ביי דער פיש־קאָמיטע געשראָקן דעם אַמעריקאַנער קליינ־בירגער.

אין יאַנואַר 1930 איז די צאָל מיטגלידער פון דער קאָמוניס־טישער פּאַרטיי, אַריינגערעכנט די וואָס צאָלן ניט קיין דיוס צוליב אַרבעטלאָזיקייט, געפאַלן ביז זעקס טויזנט הונדערט פינף און פערציק (6,145).

אין פאַרלויף פון דעם יאָר 1930 האָט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין אַ ריי מעמבערשיפּ־דרייווס אַריינגענומען 6,167 נייע מיטגלי־דער. וואָס דאָס מיינט, אַז זי האָט אין איין יאָר פאַרטאָפּלט אירע מיטגלידער: 6,145 אַלטע מיטגלידער, 6,167 נייע — אַ טאָטאַל פון 12,312 מיטגלידער.

אין דער אמתן אָבער איז דאָס ניט געווען דער פאַל.

ווי עס ווייזן די אָפיציעלע באַריכטן פון קאָמוניסטישן צענ־טראַל־קאָמיטעט, האָט דער פּאַרטיי זיך ניט איינגעגעבן איינצו־האַלטן אין אירע רייען די נייע רעקרוטן פאַר אַ קאָמוניסטישער רעוואָלוציע. די מערסטע פון זיי זיינען זיך צעלאָפן, ווי נאָר זיי האָבן געהאַט אַ געלעגנהייט אַריינצוקוקן אין דער באָלשעוויס־טישער פּאַרטיי.

און פּאַסירט האָט דאָס ניט בלויז דאָס מאָל. זינט די קאָמו־ניסטישע באַוועגונג האָט, אונטער דעם איינפלוס פון רוסישן באָל־שעוויזם, אָנגענומען אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרמען, איז זי געשטאַנען

פאַר דעם פּראָבלעם פון פאַרטיי־דעזערטירן. די מיטגלידער האָבן געהאַלטן אין איין צעלויפן זיך.

אין יוני 1919 האָט די לינקע באַוועגונג געציילט אומגעפער 70 טויזנט מיטגלידער. אין דריי מאָנאַטן אַרום — אויף דער סעפּטעמבער־קאָנווענשאָן — איז פון די 70 טויזנט געוואָרן 35 טויזנט.

אין 1922 האָט די קאָמ.־פּאַרטיי צוגעקראָגן 4,271 נייע מיט־גלידער, אָבער אַ דאַנק דעם געלויף פון דער פּאַרטיי האָט זי באַגעגנט דעם נייעם יאָר בלויז מיט 15,395 מיטגלידער.

אין 1923 האָט די פּאַרטיי אַריינגענומען 6,532 נייע מיטגלי־דער, און איר מיטגלידערשאַפט האָט זיך פאַרגרעסערט נאָר אויף 1,982.

אין 1924 האָט זי אַריינגענומען 8,456 מיטגלידער, אָבער די צאָל פון איר מיטגלידערשאַפט האָט זיך אין דער אמתן פאַרקלע־נערט אויף 1,052.

און דאָס זעלבע אויך אין די ווייטערדיקע יאָרן. די צאָל אַנטרונענע מיטגלידער איז די גאַנצע צייט געווען אַזוי גרויס, אויב ניט גרעסער, ווי די צאָל אַריינגעקומענע.

די קאָמוניסטישע „רעוואָלושיאָנערי איידזש", וואָס לאָווסטאָנס און גיטלאָווס „מערהייט"־פּאַרטיי גיט אַרויס, האָט מיט אַ פּאָר מאָנאַטן צוריק (אין נומער פון 12טן סעפּטעמבער, 1931) איבער־געדרוקט פון דעם ביולעטין פון דער אָפיציעלער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין ניו־יאָרקער דיסטריקט אַן אינטערעסאַנטן אויסצוג, פון וועלכן די פאָלגנדיקע שורות זייגען זייער כאַראַקטעריסטיש:

„אין פאַרלויף פון 17 מאָנאַטן — פון יאַנואַר 1930 ביז דעם 1טן יוני 1931 — האָבן פאַרלאָזן די פּאַרטיי צוויי טויזנט צוויי הונדערט מיטגלידער".

און דאָס אין ניו־יאָרק אַליין, ווו די דורכשניטלעכע צאָל מיט־גלידער אין אַלע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס דערגרייכט קוים אַ פּאָר טויזנט.

אין יאַנואַר 1930 האָט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי געציילט 6,145 מיטגלידער, צוזאַמען מיט די, וואָס צאָלן ניט קיין דיוס

צוליב אַרבעטלאָזיקייט. איצט פּרעטענדירט די קאָמוניסטישע פּאַר־טיי, לויט די באַריכטן אין „מיליטענט" און „רעוואָלושיאָנערי איידזש" צו האָבן נאָענט צו 7 טויזנט מיטגלידער איבערן גאַנצן לאַנד. וואָס דאָס שיינט, אַז צוזאַמען מיט דער זייער קליינער צאָל מיטגלידער אין די אַנדערע קאָמוניסטישע גרופּן און „פּאַרטייען" האָבן זיי איצט אין אַמעריקע ניט מער ווי 8 טויזנט פּאָליטיש־אָרגאַניזירטע קאָמוניסטן (פון וועלכע אַרום 3 טויזנט זיינען אין ניו־יאָרק).

## אַ באָלשעוויסטישע אכסניה

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז פאַר די 12 יאָר, וואָס זי עקזיס־טירט אין אַמעריקע געווען און פאַרבלייבט אַ מין באָלשעוויסטישע אַכסניה, פון וואַנען די געסט אַנטלויפן נאָך דער ערשטער באַקאַנט־שאַפט מיט דער צו גרויסער צאָל פּאַראַזיטן...

זי איז געווען אַ מין פּאָליטישער שפּיטאָל, ווו ראַדיקאַל־גע־שטימטע אַרבעטער קורירן זיך אויס פון זייערע קאָמוניסטישע און האַלב־קאָמוניסטישע אידעען.

אַזוי אויפן פּאָליטישן פעלד און אַזוי אויך אין די יוניאָנס און אַרבעטער־רינג.

צום באַדויערן זיינען ניטאָ קיין סיבות צו גלייבן, אַז די אַנ־טוישטע מיטגלידער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי געפינען זייער פּאָליטישע היים אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אָדער אין אַנדערע ראַדיקאַלע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס; די מערסטע פון זיי פאַרלירן, ווי עס שיינט, צוזאַמען מיטן קאָמוניזם אויך דעם גלויבן אין סאָציאַליזם. זיי ווערן אויף אַ מער־ווייניק לענגערער צייט אין גאַנצן פאַרלאָרן פאַר דער ראַדיקאַלער אַרבעטער־באַוועגונג.

מיט דעם ווערט אַן איבעריק מאָל באַשטעטיקט די רעאַקציאָ־נערע ראָל, וואָס די „רעוואָלוציאָנערע" קאָמוניסטישע פּאַרטייען שפּילן אין אונדזער באַוועגונג.

אַזוי אין צפון־אַמעריקע, און אַזוי אויך אין אַנדערע לענדער פון אַמעריקאַנער קאָנטינענט.

1931

## דער אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליסט און דער אַמעריקאַנער אַרבעטער מיט 60 יאָר צוריק — און היינט

אַמעריקע פון יאָר 1897, ווען דער „פאָרווערטס" איז געבוירן געוואָרן, איז, אין אַ סך הינזיכטן, געווען אַ גאַנץ אַנדער לאַנד ווי אַמעריקע ווו מיר לעבן היינט.

עס איז געווען אַ פּיל קלענער לאַנד, קלענער אין דער צאָל איינוווינער און קלענער אין איינפלוס, וואָס זי האָט אויסגעאיבט אויף דעם עקאָנאָמישן, פּאָליטישן און קולטורעלן לעבן פון דער וועלט.

די באַפעלקערונג איז דאַן געווען ווייניקער ווי אַ העלפט פון דער איצטיקער (מאַי, 1947).

אויך אָרעמער איז אַמעריקע דאַן געווען. אָרעמער אין דעם ווערט פון איר נאַציאָנאַלן פאַרמעגן און באַשיידענער אין דער נאַציאָנאַלער הכנסה פון אַלע אירע קלאַסן, לויך־אַרבעטער אַרייַנגערעכנט. זי איז געווען אָרעמער אין דער צאָל מיליאָנערן און קאַפּיטאַליסטן, וואָס זי האָט פאַרמאָגט און געוואַלדיק אָרעם אין איינפלוס, וואָס אירע אַרבעטער האָבן אויסגעאיבט און פּאָליטישן און סאָציאַל־עקאָנאָמישן לעבן פון לאַנד.

ווען מענטשן פון עלטערן דור, באַזונדערס מענטשן, וועלכע זיינען אין די ניינציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט געווען אַקטיוו אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, פּרובירן פאַרגלייכן יענע יאָרן מיט אונדזער צייט, קומט זיי אויס צו פאַרצייכענען אַ מערקווירדיקע ענדערונג אין דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן געוועב פון לאַנד. פריער פון אַלץ האָט זיך געענדערט דער כאַראַקטער פון די סאָציאַלע קאַמפן און די פאַרמען וואָס זיי טראָגן. דער פאָרשריט, וואָס די אָרגאַניזירטע געזעלשאַפטלעכע כוחות פון דעם

קאַפּיטאַליסטישן אַמעריקע האָבן פֿאַרצייכנט אין די לעצטע פופציק יאָר איז אַזוי ריזיק גרויס, אַז פאַר דעם געוויינלעך זייער קאָנסער־וואַטיוון מענטשלעכן געדאַנק איז עס ניט לייכט צו באַנעמען. אָפּצושאַצן ווי געהעריק די אמת היסטאָרישע באַדייטונג פון די ענדערונגען איז נאָך שווערער.

עס איז ניט דאָס זעלבע קאַפּיטאַליסטישע אַמעריקע און ניט דער זעלבער קאַפּיטאַליסט.

אויך ניט דער זעלבער אַרבעטער, ניט די זעלבע טרייד־יוניאָן־באַוועגונג. ביכער גאַנצע וואָלט מען געקאָנט אָנשרייבן וועגן די ענדערונגען — אָפּט זייער טיפע און פונדאַמענטאַלע.

יעדער לאַנד האָט זיינע „נייע" גבירים — געוועזענע אַרבע־טער, פויערים, אָרעמע באַלמעלאָכעס און הענדלער, וואָס האָבן באַוויזן אַרויפצואַרבעטן זיך און געוואָרן רייכע ביזנעסלייט און קאַפּיטאַליסטן. אַמעריקע איז, נאַטירלעך, ניט קיין אויסנאַם. גיכער, פאַרקערט. אַמעריקע האָט נאָך היינט מער „אויפגעקומענע" „נייע" מיליאָנערן און קאַפּיטאַליסטן — אין פאַרגלייך מיט דער אַלגעמיי־נער צאָל אַרבעט־געבער — ווי וועלכעס אַנדער לאַנד אין דער וועלט. דאָך איז זייער פּראָצענט באַדייטנדיק קלענער ווי ער איז געווען מיט פופציק יאָר צוריק. דעמאָלט, ביים סוף פון נייצנטן יאָרהונדערט, האָט מען געקענט „אויף די פינגער איבערציילן" אַלע אַמעריקאַנער מיליאָנערן, וואָס זיינען געקומען אויף דער וועלט מיט דער הילף פון מיליאָנערישע טאַטעס און מאַמעס. מיליאָנערן פון צווייטן אָדער דריטן דור זיינען דאַן געווען אַזאַ זעלטנהייט, אַז נאָכן ערשטן וועלט־קריג האָט אַ באַרימטער אַמע־ריקאַנער פּראָפעסאָר, אַ סאָציאָלאָג, געפונען פאַר נייטיק צו מעלדן, אַז „אין אַמעריקע זיינען שוין דאָ מיליאָנערן, וואָס האָבן זייערע מיליאָנען געירשנט". דערביי האָט ער זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז זייער צאָל וואַקסט ניט בלויז אין צאָל, נאָר אויך אין קוואַליטעט, ד. ה. אין פּראָפּאָרץ צו דער אַלגעמיינער צאָל מיליאָנערן אין לאַנד. פון יעדע 100 מיליאָנערן, האָט ער געשריבן, זיינען שוין מער ווי דריי גבירים פון צווייטן און דריטן דור... פאַרן ערשטן וועלט־קריג איז די לאַגע געווען נאָך „ערגער", אָדער „בעסער". מיליאָ־

נערישע יחסנים־בני־יחסנים זיינען געוועזן אַן אמתע זעלטנהייט. אַפילו די ראָקפעלערס, די מאָרגאַנס און די פאָרדס זיינען נאָך דאַן געווען פאַרטראָטן דורך די ערשטע בויערס פון זייערע פאַר־מעגנס.

קליין איז דאַן געווען אויך דער פּראָצענט פון פּראָלעטאַריער־בן־פּראָלעטאַריער צווישן די אַמעריקאַנער געבוירענע. בלויז אין אַזעלכע אינדוסטריעס ווי די פּרינטינג און פּאַטאַנגרעווינג האָט מען צווישן די אַרבעטער באַגעגנט דאַן אין אַ באַדייטנדיקער מאָס איינגעבוירענע אַמעריקאַנער. אין כמעט אַלע אַנדערע אינדוסטריע־צווייגן איז דער איבערוועגנדיקער פּראָצענט פון די לוין־אַרבעטער באַשטאַנען פון אימיגראַנטן און אימיגראַנטישע קינדער. פאַר די עכטע יענקיס צווישן די אַרבעטנדיקע מאַסן איז זייער סטאַטוס פון לוין־אַרבעטער דאַן געווען בלויז אַ „צייטווייליקע איבער־גאַנגס־שטופע" אין זייער קאַריערע, וואָס איז באַרופן צו ברענגען זיי עקאָנאָמישע זעלבשטענדיקייט און סאָציאַלן דערפאָלג.

אין קעגנזאַץ צו אייראָפּעיִשע מנהגים פון יענער צייט האָבן אַמעריקאַנער יונגעלייט — אָרעמע און רייכע — געמוזט דורכגיין דעם חדר פון לוין־אַרבעט. שטיצנדיק זיך אויף דעם אַפּיקורסישן, פאַר אייראָפּעער, געדאַנק, אַז מיט אַרבעט דאַרף מען זיך ניט שעמען, האָבן די יורשים פון די אַמעריקאַנער פּיאָנערן, אַפילו די רייכע און גאָר רייכע, געמוזט, אין זייער מערהייט, אָנהייבן זייערע ביזנעס־קאַריערעס מיט דזשאָבס אין שעפּער, קראָמען און אַנדערע ביזנעס־אונטערנעמונגען.

דאָס האָט געפירט צו דעם, אַז דער מינדערווערטיקייט־געפיל אין די באַציִונגען צום פּריץ, פאַבריקאַנט און גביר, מיט וועלכן דער ענגלישער, אירלענדישער, דייטשער און מזרח־אייראָפּעיִשער אימיגראַנט איז געקומען צו די אַמעריקאַנער ברעגן, איז צערונען געוואָרן נאָך איידער דער אימיגראַנט האָט ווי געהעריק זיך איינ־געבירגערט אין לאַנד.

אַפילו די „אויפגעקלערטע" און „קלאַסן־באַוווסטזיניקע" אַר־בעטער, וואָס זיינען אין דער אַלטער היים דורכגעגאַנגען אַ סאָציאַ־ליסטישע שול, האָבן אין זייער באַרירונג מיט דער אייגנאַרטיקער

אַמעריקאַנער ווירקלעכקייט, פֿאַרלאָרן מיט דער צייט יענעם „קלאַסנבאַוווּסטזיין“, וואָס איז אין דער אמתן אָפּט ניט מער ווי אַן אויסדרוק פֿון אַ געוירשנט געפֿיל, אַז „איין מאָל אַן אַרבעטער, תמיד אַן אַרבעטער“. די באַלעבאַטים, ביי וועלכע ער האָט געאַרבעט, און די מיליאָנערן וועגן וועלכע ער האָט געהערט אין שאַפּ און אין גאַס, זיינען כמעט אַלע אַליין אַ מאָל געוועזן לוין־אַרבעטער און קבצנים...

אין דער צייט אָבער ווען דער אַרבעטער, דער אימיגראַנט, האָט פֿאַרלוירן אָדער געהאַלטן ביים פֿאַרלירן דאָס געפֿיל, אַז ער איז אויף אייביק צוגעשמידט צו אַ באַשטימטן קלאַס פֿון לוין־אַרבעטער, האָט דער אַרבעטס־געבער פֿון יענער צייט אַריבערגעטראָגן אינעם נייעם לאַנד אַ טייל פֿון די ווילדע זיטן פֿון פּרימיטיוון קאַפּיטאַליזם, וואָס האָבן געהערשט אין די מערסטע אייראָפּעיִשע לענדער ביים אָנהייב פֿון דער מאָדערנער אינדוסטריעלער עפּאָכע. די קינדער־קראַנקייטן פֿון אינדוסטריעלן קאַפּיטאַליזם — אַ לאַנגן אַרבעטס־טאָג, שלעכטע אַרבעטס־באַדינגונגען, טיראַניע פֿון באָס און זיין פֿאָרמאַן, שטרעבונג צו אומבאַגרענעצטער עקאָנאָמישער עקספּלואַטאַציע און עקאָנאָמישער אַליינהערשאַפֿט, אין וועלכע די מלוכה און די יוניאָנס האָבן ניט געטאָרט זיך מישן — זיינען געוועזן די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פֿון דעם אויפגעקומענעם אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליסט.

אַזוי איז דאָס געוועזן אין אַלע אינדוסטריעלע צענטערן פֿון לאַנד, און אַזוי איז עס געוועזן אין די צענטערן פֿון דער יידישער אימיגראַציע, צווישן וועלכע דער „פֿאָרווערטס“ האָט דאַן, פּונקט ווי היינט, געהאַט זיין גרעסטן אָנהאַלט. אין דער הינזיכט איז דער ערשטער דור יידישע באַלעבאַטים געוועזן ניט בעסער, אָפּט ערגער, ווי דער ניט־יידישער באַלעבאָס.

באַזונדערס שטאַרק האָט זיך אָבער געלאָזט פֿילן די פֿאַרשקלאַפֿערישע פּסיכאָלאָגיע פֿון די נעכטיקע אַרבעטער און היינטיקע גבירים אין די צייטן פֿון שטרייקן און עקאָנאָמישע סכסוכים. שטרייקן און פּראָפֿעסיאָנעלע שטרייקברעכער זיינען דאַן געגאַנגען האַנט ביי האַנט. זיי זיינען געוועזן ווי צוויי זייטן פֿון איין מטבע.

ווי צונויפגעוואַקסענע סיאַמער צווילינגס האָבן דאַן פיגורירט שטרייקן און ברוטאַלע פּאָליציי־שע אָנפאַלן אויף שטרייקערס, שטרייקן — און בלוטיקע „ראַיאָטן", אין וועלכע עס האָבן כמעט שטענדיק זיך געפּילט די הענט פון געדונגענע שפּיאָנען־פּראָ־וואָקאַטאָרן, פאַרשטעלטע אַגענטן פון דעטעקטיוו־אַגענטורן. אַמע־ריקע איז דאַן געווען פאַרפלייצט פון פּריוואַטע דעטעקטיוו־אַגענ־טורן, וועמענס הויפּט־אויפגאַבע איז געווען צו ברעכן שטרייקן און נאָכשפּיאָנירן די אַרבעטער, וואָס אינטערעסירן זיך מיט יוניאָנס און מיט קאָלעקטיווע פּרוּוון צו פאַרבעסערן דעם לעבנס־ניוואָ פון זייערע מיטמענטשן.

קאַפּיטאַליסטן, וואָס האָבן זיך קעגנגעשטעלט די באַשיידנסטע פאָדערונגען פון זייערע אַרבעטער פאַר אַ העכערן לוין אָדער קירצערן אַרבעטס־טאָג, האָבן אויסגעגעבן צענדליקער טויזנטער דאָלאַרן אויף געזעצלעכע און אומגעזעצלעכע גרעפּט פאַר פּאָליציי־לייט, שטרייקברעכער, אַנטי־יוניאָן־שפּיאָנען און זייערע באַלעבאַ־טים — די דעטעקטיוו־אַגענטורן.

דער ייִנגערער אַרבעטער, באַזונדערס דער, וואָס האָט אָנגע־הויבן זיין אינדוסטריעלע טעטיקייט אין די יאָרן פון רוזוועלטס ניו־דיל־געזעץ און סענאַטאָר וואַגנערס לייבאָר־רילעישאָנס־געזעץ, קענען זיך קוים פאָרשטעלן ווי באַרבאַריש־ברוטאַל באַלעבאַטים קענען זיין ווען די מאַכט איז אין גאַנצן אויף זייער זייט. נאָך שווערער איז פאַר זיי צו באַנעמען די ראָל וואָס די „קאַפּיטאַליס־טישע אַגענטן", די פּריוואַטע דעטעקטיוו־אַגענטורן, האָבן גע־שפּילט אין דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג.

עס איז גענוג צו דערמאָנען, אַז אין יאָר 1936, עטלעכע יאָר נאָך דעם ווי עס איז אַריין אין קראַפט דאָס „וואַגנער־געזעץ", וואָס האָט פאַרבאָטן די באַלעבאַטים „צו מישן זיך אין אַרבעטער־ענִי־נים" און גאַראַנטירט די אַרבעטער פולע רעכט אויף קאָלעקטיווע אונטערהאַנדלונגען, זיינען אין אַמעריקע נאָך אַלץ געווען 230 פּריוואַטע דעטעקטיוו־אַגענטורן, וואָס האָבן זיך ספּעציאַליזירט אויף שטרייקברעכעריי און אַנטי־יוניאָן־שפּיאָנעריי. די דעטעקטיוו־אַגענ־טורן האָבן געהאַט אָפּטיילונגען אין אַלע אינדוסטריעלע צענטערס

פון לאַנד. אייניקע פון זיי, די גרעסטע, האָבן געהאַט אַזעלכע אָפּ־טיילונגען אין דריי און פערציק שטעט; אַן אַנדערע — אין 35 שטעט; אַ דריטע — „בלויז״ אין 18 שטעט. אין ניו־יאָרק אַליין זיינען דאַן געווען טעטיק 125 דעטעקטיוו־אַגענטורן.

אויף אויסצוהאַלטן אָט די אָרגאַניזאַציעס פון פּראָפּעסיאָנעלע שטרייקברעכער און שפּיאָנען האָבן 36 אַסאָסיאיישאָנס פון באַלע־באַטים, 14 גרויסע קאָרפּאָרעישאָנס, 27 אייזנבאַן־קאָמפּאַניס, 29 קליידער־ און טעקסטיל־פאַבריקאַנטן און הונדערטער אַנדערע ביזנעס־אונטערנעמונגען אויסגעצאָלט אַכציק מיליאָן דאָלאַר אין איין יאָר.

די יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען געווען יאָרן פון פאַרצווייפלונג, פון פאַרלאָרענע אַרבעטער־קרעפטן. די פּאָליציי, קאָנטראָלירט דורך די אָרטיקע אינדוסטריעלע מאַג־נאַטן, פלעגן טעראָריזירן די שטרייקנדיקע און העלפן די געדונ־גענע מעסער־העלדן און פּראָפעסיאָנעלע שטרייקברעכער. גרויס איז געווען די צאָל פון אַזעלכע שטרייקן אין אַזעלכע שטאַטן ווי פּענ־סילוואַניע, ניו־יאָרק, אילינאָי, מישיגען, ווירדזשיניאַ, און קאָלאָ־ראַדאָ, וואָס שווימען אויף אין זכרון אין פאַרבינדונג מיט יענע יאָרן פון פּרימיטיוון קאַפּיטאַליזם און נאַקעטן קלאַסנקאַמף.

איך וועל דערמאָנען בלויז צוויי שטרייקן אַזעלכע. ביידע זיי־נען מיט בלוטיקע אותיות פאַרשריבן אין דער געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג.

קאַלומעט (מישיגען) און לודלאָו (קאָלאָראַדאָ).

קאַלומעט, ווו 73 קינדער און אַן אומבאַשטימטע צאָל דערוואַק־סענע האָבן באַצאָלט מיט זייערע לעבנס פאַר דעם פאַרזוך פון זייערע עלטערן צו אָרגאַניזירן זיך אין יוניאָנס, איגנאָרירנדיק דעם פאַרבאָט פון זייערע באַלעבאַטים, די קופּער־באַראָנען פון יענער צייט.

לודלאָו, קאָל., ווו דרייצן קינדער און גאָר אַ גרויסע צאָל מענער און פרויען זיינען אומגעקומען אין מאָרד־אָנפאַלן אויף דיביידלעך און לייוונטענע טענטס, ווו די שטרייקערס האָבן געמוזט וווינען אין פאַרלויף פון די לאַנגע און קאַלטע ווינטער־חדשים,

וואָס דער שטרייק האָט אָנגעהאַלטן... ווו צענדליקער אַנדערע מאַי־נערס און ניט־מאַינערס זיינען אומגעקומען אין אָפענע שלאַכטן, צווישן באַוואָפנטע שטרייקערס און נאָך בעסער באַוואָפנטע סאָל־דאַטן אין דינסט פון דער „קאָלאָראַדאָ פיעול ענד איראָן קאָ.״ — אַן אונטערנעמונג, אין וועלכער דער אַלטער און ערשטער ראָק־פעלער איז געווען דער וויכטיקסטער אַקציאָנער.

ביידע היסטאָרישע שטרייקן זיינען פאָרגעקומען ווינטער 1913—1914. ביידע האָבן געדויערט לאַנג — דער קאָלומעטער שטרייק גאַנצע 8 חדשים — און אין ביידע פאַלן האָבן די אויס־געהונגערטע מאַינערס זיך צוריקגעקערט צו דער אַרבעט אָן דעם, אַז זיי זאָלן געווינען זייער הויפּט־פאָדערונג — דאָס רעכט צו געהערן צו אַ יוניאָן. אַפילו די געוואַלדיק גרויסע געווינסן, וואָס דער ערשטער וועלט־קריג האָט געבראַכט די אַמעריקאַנער אַר־בעטער (די צאָל יוניאָן־מיטגלידער האָט זיך פאַרטאָפּלט אין אַ פאָר יאָר און איז אויסגעוואַקסן פון 264 טויזנט אין יאָר 1897 ביז 5 מיליאָן אין יאָר 1920), — אַפילו די דאָזיקע סאָציאַל־עקאָנאָ־מישע דערגרייכונגען האָבן די לאַגע ניט געענדערט אין די מערסטע אַמעריקאַנער אינדוסטריעס.

אויפן פלאַץ פון אַרבעטער־יוניאָנס האָבן די אַרבעטגעבער געזוכט צו אָרגאַניזירן קאָמפּאַני־יוניאָנס. אָרגאַניזירט און אָנגע־פירט פון אָפענע און געהיימע אַגענטן פון דעטעקטיוו־אַגענטורן, זיינען די דאָזיקע קאָמפּאַני־יוניאָנס געוואַקסן נאָכן ערשטן וועלט־קריג ווי אויף הייוון.

די לאַגע האָט זיך געענדערט בלויז דאַן ווען די אַרבעטער פון איינצלנע פאַבריקן און גאַנצע אינדוסטריעס האָבן אויסגע־קעמפט פאַר זיך דאָס רעכט צו געהערן צו יוניאָנס פון זייער איי־גענעם אויסוואַל. פאַר אַרבעטער פון פיל אינדוסטריעס און אין איינציקע אינדוסטריעל־אָפּגעשטאַנענע שטאַטן איז די דאָזיקע מעג־לעכקייט געקומען ערשט אין 1933 צוזאַמען מיט רוזוועלטס ניו־דיל־געזעץ און סענאַטאָר וואַגנערס לייבאָר־רילעישאָנס־געזעץ.

ניט אַלע אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליסטן האָבן שלום געמאַכט מיט דער נייער ראַל, וואָס די אָרגאַניזירטע אַרבעטער שפּילן אין

עקאָנאָמישן לעבן פון לאַנד. אייניקע בונטעווען זיך. אַנדערע חלומען וועגן אַ צוריקקער צו די גוטע אַלטע צייטן פון האַרדינג, קולידזש און הוווער. נאָך אַנדערע באַנוגענען זיך ניט מיט טרוי־מען. זיי פּרובירן צוריקבריינגען די דאָזיקע „גוטע צייטן" מיט דער הילף פון בילס און געזעץ־פּראָיעקטן, וואָס זוכן אָפּצושוואַכן אָדער אין גאַנצן בטל מאַכן די סאָציאַלע פאַרזיכערונג, געזעצן פון עלטער־פּענסיע, פּענסיע פאַר אלמנות, יתומים און אינוואַלידן. אויך קעגן שטאַט, שטאַט און פעדעראַלע געזעצן פון מינימאַלע שכירות און מאַקסימאַלע שעהען; פאַרזאָרגונג קעגן אומגליקס־פאַלן אין פאַבריקן; אויך שוץ־געזעצן פאַר פרויען, מינדעריאָרי־קע און אַנדערע מאָדערנע אַרבעטער־געזעצן, וואָס רוזוועלטס ניו־דיל און טרומאַנס „פעיר־דיל" האָבן איינגעפירט.

מיר שיינט אָבער, אַז איינגעבן קענען זיך די אַזוי־גערופענע אַנטי־לייבאָר־פאַרזוכן בלויז אין קלייניקייטן און אויך דאָס בלויז אויף אַ קורצער צייט. די מערסטע דעראָבערונגען, וואָס די צוועלף יאָר פון רוזוועלטס ניו־דיל האָבן איבערגעלאָזט, זיינען אַריין אַזוי טיף אין לעבן, אַז קיין קראַפט קען זיי ניט אויסרייסן. די 58 מיליאָן לוין־אַרבעטער און די 15—16 מיליאָן פון זיי, וואָס זיינען פאַר־טראָטן אין די יוניאָנס, שטעלן פאַר מיט זיך אַ מאַכט, וואָס אַטאַ־קעס, ווי שטאַרק זיי זאָלן ניט זיין, קענען זיי אָפּשוואַכן, אָבער אין קיין פאַל ניט צעברעכן.

דערצו איז דער פּאָליטישער איינפלוס פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער געוואַלדיק אויסגעוואַקסן, ער פּילט זיך אין אַלע אינ־דוסטריעלע שטאַטן און שפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער געזעצ־געבערישער מאַשין פון דער פעדעראַלער רעגירונג. דער דאָזיקער איינפלוס לאָזט זיך פילן ניט געקוקט אויף דעם, וואָס אין קאָנגרעס גופא זיינען ניטאָ קיין דירעקטע פאַרטרעטער פון אַרבעטער־פאַר־טייען, און וואָס די יוניאָנס אַליין זיינען ניט שטענדיק אייניק אין זייערע האַנדלונגען. די פרייע דעמאָקראַטישע אינסטיטוציעס פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן זיך אַנטוויקלט אַזוי אייגנאַרטיק, אַז שטייערן ווערן באַשטימט און געזעצן ווערן געשריבן — און אונטערגעשריבן — ניט פון פּאָליטישע פּאַרטייען, נאָר פון דרוי־

סנדיקע „דרוק־גרופּעס". דער קאָנגרעס איז אַרומגערינגלט מיט אַזעלכע „דרוק־גרופּעס" פון פאַרמערס, פון אַרבעטער, פון קאַפּיטאַליסטן, פון גרעסערע און קלענערע אָרגאַניזאַציעס, פון מלחמה־וועטעראַנען און פון איינפלוסרייכע פאַרטרעטער פון אַנדערע עקאָנאָמישע גרופּעס מיט ספּעציעלע אינטערעסן און ספּעציעלע פאָרשלאָגן. מיט די דאָזיקע גרופּעס קומט אויס די פּראָפעסיאָנעלע פּאָליטישנס און קאָנגרעס צו רעכענען זיך פיל מער ווי מיט זייערע אייגענע „פּאַרטיי־פּראָגראַמען", פּאָליטישע דעקלאַראַציעס און פאַרשפּרעכונגען. פאַר די דאָזיקע פּאָליטיקער איז די אָרגאַניזירטע אָפּאָזיציע צו די פאָרגעשלאָגענע אַנטי־יוניאָן־בילס אַ קראַפט, וואָס לאָזט זיך ניט איגנאָרירן. באַזונדערס ווען צווישן די היינטיקע קאַפּיטאַליסטן, די אמתע קאַפּיטאַנען פון אינדוסטריע און האַנדל, פעלט אויך אויס איינקייט אַפילו אין אַזאַ וויכטיק פּראָבלעם ווי יוניאָן־שאַפּ און יוניאָן־קאָנטראָלירטע אינדוסטריעס.

אָט האָט די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע פון מענעדזשערס, פאַרוואַלטער פון די גרויסע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, פאַרעפנטלעכט סוף פעברואַר 1947 דעם רעזולטאַט פון אַן אונטערזוכונג וואָס ווייזט, אַז קנאַפּע 86 פּראָצענט פון געשעפטס־אָנפירונג איז ניט קעגן יוניאָן־שעפּער און בלויז 14 פּראָצענט וואָלט געוואָלט פון זיי פּטור ווערן. דער היינטיקער קאַפּיטאַליסט איז ניט ענלעך צו דעם, וואָס האָט באַהערשט אַמעריקע מיט 50 יאָר צוריק — און ניט ענלעך איז דער אַרבעטער־קלאַס.

25 מאַי 1947

## אַן אַלטע קאָמוניסטישע אַפּערע אין אַמעריקע

סוף יולי 1922 איז אין דעם ניו־יאָרקער „פאָרווערטס" דער־שינען אַ לייטאַרטיקל, וואָס האָט אויפגעשטורעמט דאָס גאַנצע לאַנד. דער לייטאַרטיקל איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך לאַנגער. אויך זיין אינהאַלט איז געווען אַ זייער סענסאַציאָנעלער און וויכטי־קער. אין אים האָט די „פאָרווערטס"־רעדאַקציע באַשולדיקט איינע פון די פּאָפּולערסטע רעליף־אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָט זיך געגרינ־דעט פאַר דעם איינציקן צוועק צו זאַמלען פאָנדן פאַר די הונגעריקע מיליאָנען אין סאָוועט־רוסלאַנד, און זיי אויסגענוצט פאַר קאָמו־ניסטישער אַרבעט אין אַמעריקע... איר אָפיציעלער נאָמען אין ענגליש איז געווען — „פרענדס אָוו סאָוועט ראַשיאַ". די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע איז געווען זייער הצלחהדיק אויף דעם געביט פון זאַמלען די הילפספאָנדן. זי האָט באַוויזן צו אָרגאַניזירן מער ווי 200 אָפּטיילונגען איבערן לאַנד, וואָס מיט זייער הילף האָט מען געזאַמלט מער ווי אַנדערהאַלבן מיליאָן דאָלאַר פאַר רעליף־צוועקן.

לויט אָפיציעלע סאָוועטישע ציפערן זיינען אין די טראַגישע יאָרן פון 1921—1922 געשטאָרבן אין רוסלאַנד דירעקט פון הונ־גער, הונגער־טיפוס, הונגער־צינגאַ און אַנדערע הונגער־קראַנקייטן מער ווי 5 מיליאָן מענטשן. די סאָוועטישע צייטונגען האָבן וועגן דעם צו ערשט ניט געשריבן. ניט געטאָרט שרייבן. עס איז געווען אַ מלוכה־סוד. ווייל עס וואָלט באַשעדיקט די העלע בילדער פון דעם סאָוועטישן גן־עדן, וואָס קאָמוניסטן און זייערע מיטלויפערס האָבן געמאָלן אין זייער פּראָפּאַגאַנדע.

דערפאַר טאַקע איז די נייעס וועגן דעם הונגער געקומען ווי די גרעסטע איבערראַשונג. ווען די היגע צייטונגען האָבן געמאָלדן וועגן דעם, האָבן זייערע לייענערס ניט גענומען ערנסט די נייעס. זיי האָבן געצווייפלט אין דעם אַפילו דעמאָלט, ווען די סאָוועטן־

רעגירונג האָט דערלויבט מאַקסים גאָרקי און אַ גרופּע אַנדערע באַרימטע רוסישע שריפטשטעלער און ליבעראַלע געזעלשאַפט־לעכע טוער פון דעם ניט־קאָמוניסטישן לאַגער צו אַפּעלירן צו דער וועלט נאָך הילף... אויב נאָך דעם זיינען נאָך אַלץ געבליבן צווייפלער, זיינען זיי אַנטשוויגן געוואָרן, ווען די פירער פון דער סאָוועטן־רעגירונג אַליין האָבן דורך זייערע אָנגעזעענע פאָרשטייער, לעוו קאַמעניעוו און מיכאַיל קאַלינין, אַפּעלירט צו הוווערס „אַמע־ריקאַנער רעליף אַדמיניסטראַציע״ („אַראַ״), אַז זי, וואָס העלפט שפּייזן די פון דער מלחמה רויִנירטע אייראָפּעיִשע לענדער, זאָל אויך העלפן רוסלאַנד — און זי האָט געהאָלפן. אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פון הוווערס „אַראַ״ האָט פעסטגעשטעלט, אַז די הונגער־עפּידעמיע איז אַ סך ערנסטער, ווי מען האָט געקענט אורטיילן פון די סאָוועטישע באַריכטן.

דער קאָנגרעס האָט צו ערשט באַוויליקט 18 מיליאָן דאָלאַר, וואָס די „אַראַ״ האָט רעקאָמענדירט. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט דער קאָנגרעס אַסיגנירט נאָך 24 מיליאָן דאָלאַר. פון דעם זיינען 38 מיליאָן דאָלאַר געגאַנגען פאַר שפּייז, און אַ חוץ דעם 4 מיליאָן — פאַר מעדיקאַמענטן, פאַר וועלכע אַמעריקע האָט גע־רעכנט בלויז 12 און אַ האַלבן פּראָצענט פון זייער אַנגראָפּרייז.

אַרום און אַרום האָט די אַמעריקאַנער רעליף־אַדמיניסטראַ־ציע בייגעשטייערט צום „רעטונגספאָנד״ פון רוסלאַנד אַרום זעכציק מיליאָן דאָלאַר אין משך פון צוויי יאָר צייט.

אונטערפירנדיק אַ סך הכל פון דעד דאָזיקער אַרבעט האָט די אַמעריקאַנער ענציקלאָפּעדיע געשריבן:

„אין משך פון צוויי יאָר צייט האָט די אַמעריקאַנער רעליף־אַדמיניסטראַציע איבערגעשיקט קיין סאָוועט־רוסלאַנד אַ מיליאָן טאָן שפּייז, זריעה, קליידער און מעדיציניִשע זאַפּאַסן. פאַר דעם צוועק האָט זי זיך באַנוצט מיט 250 טראַנספּאָרטן פון אַמעריקאַנער שיפן, פאַר וועלכע עס האָבן זיך געפאָדערט 60 טויזנט פראַכט־וואַגאָנען אויף די רוסישע באַנליניעס. מיט דעם האָט די הוווער־קאָמיסיע געשפּייזט טעגלעך ביז עלף מיליאָן מענטשן אין סאָוועט־רוסלאַנד...

„...די „אַראַ״ — שרייבט ווייטער די ענציקלאָפּעדיע * — האָט אַחוץ דעם באַקעמפט עפּידעמיעס אין די הונגער־ראַיאָנען, פאַר־זייט פעלדער מיט קאָרן און ווייץ און דערמוטיקט די פּראָדוקציע אין רוסלאַנד פון שפּייז פאַר קנאַפּע 100 מיליאָן מענטשן.

„פאַר דעם צוועק האָט די אַמעריקאַנער רעגירונג און די אַמעריקאַנער בירגער בייגעשטייערט 66 מיליאָן דאָלאַר. די ריזיקע אַרבעט איז דורכגעפירט געוואָרן מיט דער הילף פון בלויז 300 פּערזאָן, אויף אַ מהלך פון ניו־יאָרק ביז אַסטראַכאַן...״

צו אָט דעם רעליפפאָנד האָבן אויך בייגעשטייערט אַזעלכע גע־זעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס ווי דער אַמעריקאַנער רויטער קרייץ, וואָס האָט אַליין איבערגעגעבן צוויי מיליאָן דאָלאַר. אויך די אַמע־ריקאַנער „קוועיקערס״ פון פּענסילוואַניע — קנאַפּע צוויי מיליאָן דאָלאַר שוין אין די ערשטע צוועלף חדשים, — און די גרויסע יידישע פילאַנטראָפּישע אָרגאַניזאַציע דער „דזשאָינט״, וואָס האָט אין אָדעסער ראַיאָן אַליין געשפּייזט אַרום 600 טויזנט נפשות אין אירע כשרע קיכן. דער „דזשאָינט״ האָט פאַרברויכט אין די ערשטע עלף חדשים 2 מיליאָן 325 טויזנט דאָלאַר.

אומדערוואַרט גרויסע סומעס האָבן אויך בייגעשטייערט די גרויסע יידישע יוניאָנס פון מענער־קליידער („אַמאַלגאַמייטעד״) און פרויען־קליידער („לעידיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן״). זיי האָבן, צוזאַמען מיט קלענערע יוניאָנס און דעם „פאָרווערטס״, איבערגעשיקט קיין רוסלאַנד אין די ערשטע 8 חדשים — פון אָקטאָ־בער 1921 ביז יוני 1922 — 16 גרויסע פּראַכטשיפן מיט שפּייז־פּראָדוקטן — צוקער, טיי, פלייש, זייף, טרוקענע אַרבעס און פאַסאָליעס...

אויסרעכענען דאָ אַלע יידישע אַרבעטער־ און סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס, אָדער יחידים, וועלכע האָבן בייגעשטייערט צו דער רוסישער רעליף־אַקציע, וואָלט פאַרנומען צו פיל פּלאַץ. איך קען אָבער ניט אַרויסלאָזן פון דער רשימה איין יידישע פאָלקס־אָר־גאַניזאַציע — דעם אַרבעטער־רינג, וואָס זיין נאַציאָנאַלע עקזע־

* „אַמעריקען ענסיקלאָפּידיאַ״, באַנד 28, ז׳ 714.

קוטיווע האָט — אַחוץ די געלטער, וואָס זיינע ברעטשעס האָבן געזאַמלט — אַליין אַרויסגעשיקט אַ פולקאָם־אויסגעריכטע סאַנאַ־טאָריע פאַר דער וואָלגאַ־געגנט, ווו עס האָט דעמאָלט געבושע־וועט אַ טיפוס־עפּידעמיע. דער הונגער דאָרט איז געווען באַזונדערס גרויס.

דער „פאָרווערטס״, אגב, איז געווען צווישן די ערשטע צו שטיצן דעם רוסישן רעטונגסרוף מיט צען טויזנט דאָלאַר. לויט דער איניציאַטיוו פון זיין אַדמיניסטראַטאָר, ברוך וולאַדעק, האָט די צייטונג אויך געשאַפן גענוג געלט אויף צו קויפן און איבער־שיקן קיין רוסלאַנד אַ טראַנספּאָרט פון 575 קאַסטנס מיט קאָנדענ־סירטע מילך, פאַר וועלכע אַ וואָרטזאָגער פון אַלפאַרבאַנדישן געזונט־קאָמיסאַריאַט, ד״ר מיכאַילאָווסקי, האָט געפונען פאַר נייטיק צו שיקן אַן אָפיציעלן דאַנק דעם „פאָרווערטס״.

ענלעכע דאַנקבריוו האָבן אויך באַקומען כמעט אַלע אַנדערע אַמעריקאַנער אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין דער הונגער־אַקציע. „כמעט אַלע״ — אַחוץ איינער. דער אויסנאַם איז געווען די באַרימטע אין יענע יאָרן קאָמוניסטישע „רעליף אָרגאַ־ניזאַציע״, וואָס האָט פּאַראַדירט אונטער דעם נאָמען „פרענדס אָוו סאָוועט ראָשיאַ״. דווקא די קערפערשאַפט, וואָס האָט געשאַפן אין צפון־אַמעריקע די גרעסערע געלט־סומעס ווי די אַנדערע פּריוואַטע אָרגאַניזאַציעס, האָט קיין דאַנקבריוו ניט געקראָגן.

אגב, איז אָט דער בלויז אין די סאָוועטישע באַריכטן געווען איינע פון די סיבות, וואָס האָבן געבראַכט דערצו, אַז דער שרייבער פון די שורות האָט אין יולי 1922 זיך פאַראינטערעסירט מיט די געלטבאַריכטן פון די „סאָוועט־רוסישע פריינד״...

שטודירנדיק די באַריכטן בין איך געקומען צום אויספיר, אַז עפּעס איז ניט אין גאַנצן כשר מיט זיי. די געלט־באַריכטן זיינען צוזאַמענגעשטעלט אַזוי קונציק, אַז זיי האָבן באַהאַלטן אַ סך מער ווי זיי האָבן דערציילט. די ליניע פון „פאָרווערטס״ אין יענע יאָרן איז אָבער געווען אויסצומיידן אַלץ, וואָס קען שעדיקן דער רעליף־אַרבעט פאַר רוסלאַנד. האָב איך באַשלאָסן ניט צו דרוקן גאָר ניט וועגן מיין חשד, ביז איך וועל ניט האָבן אַן אויספירלעכן שמועס

מיט די אָפיציעלע פירער פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע. איך האָב זיך פאַרבונדן מיט אַן אַלטן באַקאַנטן, וועמען איך האָב געקענט נאָך פון פּעטערבורג, ווען ער איז געווען אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטי־שער דעפּוטאַט פון דער „דומע", אַזאָל פון לעטלאַנד. אין ניו־יאָרק האָט ער געאַרבעט אין דער הויפּטקוואַרטיר פון דער סאָוועט־טישער האַנדלס־דעלעגאַציע. איך האָב אים טעלעפאָנירט און האָב זיך דערוווּסט, אַז ד"ר דזשייקאָב האַרטמאַן איז דער, וועל־כער קען מיר געבן די נייטיקע אינפאָרמאַציע. ער איז דער פּרעזי־דענט פון דער אָרגאַניזאַציע, ער איז אויך איר הויפּט־קאַסירער און דער הויפּט־רעדאַקטאָר פון איר אָפיציעלן זשורנאַל.

ווען מיר האָבן זיך באַגעגנט, האָט ד"ר האַרטמאַן, ענטפערנ־דיק אויף מיינע פראַגן, באַשטעטיקט, אַז זיין אָרגאַניזאַציע באַ־שעפטיקט זיך מיט דער רעליף־אַרבעט פאַר די הונגער־קרבנות פון רוסלאַנד שוין אַרום עלף חדשים, אַז ער האָט פאַר דער צייט אָרגאַניזירט אַרום 200 אָפּטיילונגען איבערן לאַנד, וואָס זיינען טעטיק און זאַמלען געלט, מעדיקאַמענטן און קליידער. ער האָט מיר אויך געזאָגט, אַז אין יעדן נומער פון איר מאָנאַטלעכן זשורנאַל „סאָוועט ראָשיאַ" ווערן געדרוקט די רשימות פון די באַשטייערונ־גען — אַלץ זאַכן, וואָס איך האָב שוין געוווּסט פריער.

איך האָב אים דעמאָלט געפרעגט:

— אין דעם לעצטן נומער פון אייער זשורנאַל האָט איר אָפּגע־דרוקט דעם געלטבאַריכט פון אייער „סוירטיפייד אַקאַונטענט". ווונדערט אונדז, וואָס דער געלטבאַריכט איז פאַרן חודש מערץ און הייגט האַלטן מיר שוין ביים סוף יולי. דער באַריכט ווייזט, אַז פון אויגוסט ביז מערץ האָט איר געהאַט אויסגאַבעס אויף דער סומע פון מער ווי 59 טויזנט דאָלאַר. פון דעם איז 25 פּראָצענט — 15 טויזנט דאָלאַר — אַוועק אויף שכירות צו די אָפיס־אָנגע־שטעלטע און אַנדערע „ביזנעס־אָפיס אויסגאַבעס". די אי־בעריקע 44 טויזנט דאָלאַר האָט איר אויסגעגעבן אויף דעם, וואָס איר באַצייכנט ווי „פּובליסיטי און אָפיל אויסגאַבעס". מער ווי אַ דריטל פון דער סומע — 15 טויזנט דאָלאַר — האָט איר אויסגעגעבן אויף מאָנאַטלעכע סובסידיעס צו דעם זשורנאַל „סאָ־

וויעט ראָשיאַ״ און אויף אַנאַנסן מיט רעקלאַמעס אין אַנדערע קאָמוניסטישע צייטשריפטן אין אַמעריקע. איז דאָס באמת נייטיק געווען, ווען די גאַנצע אַמעריקאַנער פּרעסע דרוקט די גאַנצע צייט אומזיסט אייער פּובליסיטי וועגן דער הונגער־קאַטאַסטראָפע אין רוסלאַנד? דערצו מאַכט אייער באַריכט דעם איינדרוק, אַז אייערע אויסערגעוויינלעך גרויסע „אָפיס און פּובליסיטי״־אויסגאַבעס דעקן די הוצאות פון אַלע אייערע לאָקאַלן איבערן לאַנד. אָבער אין „סערטיפיקאַט פון אייער אודיטאָר״ ווערט דאָך באַטאָנט, אַז „די אַלע אויסגאַבעס זיינען בלויז פון דעם נאַציאָנאַלן אָפיס און נעמען ניט אַריין די אויסגאַבעס פון די בראַנטשעס. אַט די אַלע פּונקטן פאָדערן אַ גענויע אויפקלערונג.

— איידער איך ענטפער אייך, וויל איך הערן אייערע אַנדערע פראַגן, אויב איר האָט נאָך אַזעלכע, — האָט מר. האַרטמאַן געזאָגט.

— יאָ, עס זיינען דאָ נאָך אַ פּאָר פראַגן, אויף וועלכע די „פאָר־ווערטס״־רעדאַקציע וואָלט געוואָלט קריגן אַן ענטפער. איר שרייבט, צום ביישפּיל, אַז פון דעם בילאַנס פון מער ווי 500 טויזנט דאָלאַר, וואָס אייער אָרגאַניזאַציע האָט אַריינגעקראָגן ביזן חודש מערץ, האָט איר איבערגעגעבן 358 טויזנט דאָלאַר צו אַ קאָמיסיע, וואָס רופט זיך „פעדערעידעט ראָשען פעמין רעליף קאָמיטע״, כדי זי זאָל פאַרן געלט איינקויפן שפּייז און פּראָדוקטן פאַר רוסלאַנד. קענט איר אונדז זאָגן, וואָס איז דאָס פאַר אַ קאָמיטע? ווען איז זי געשאַפן געוואָרן? און וועלכע אָרגאַניזאַציעס אָדער פערזאָנען זיינען פאַרטראָטן אין אָט דער „פעדעראַטיווער קאָמיטע״? אויך ווער זיינען די פערזאָנען, וואָס פאַרוואַלטן מיט דעם ריזיקן פאָנד? ווען און ווו האָבן זיי געקויפט די פּראָדוקטן, און מיט וועלכע שיפן האָבן זיי איבערגעשיקט די טראַנספּאָרטן מיט שפּייז קיין רוס־לאַנד?...

— מר. כינאַי, די אַלע פראַגן זיינען, אָן ספק, זייער וויכטיק. צום באַדויערן, קען איך אייך ניט ענטפערן אויף זיי. איך אַליין ווייס ניט די אַלע דעטאַלן. אונדזער סעקרעטאַרין, מיס צימערמאַן, וועלכע אַרבעט אין „אַמטאָרג״, אין דער סאָוועטישער האַנדלס־

פּאַרטרעטערשאַפט, 110 וועסט 40סטע סטריט, וועט זיכער אייך געבן ענטפערס אויף אייערע פראַגן.

(זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערן, אַז אַלע מיינע באַמיִונגען צו זען זיך מיט מיס צימערמאַן, אָדער אַפילו צו ריידן מיט איר דורכן טעלעפאָן, זיינען דורכגעפאַלן. ניט מער הצלחה האָב איך געהאַט אין מיינע פרוּוון זיך צו פאַרבינדן מיט דעם נאַציאָנאַלן סעקרעטאַר פון די קאָמוניסטישע „פרענדס", מיט מר. א. ב. מאַרטין. עס האָט געהייסן, אַז זיי זיינען אויף אַ טור איבערן לאַנד).

— קענט איר מיר ווייזן, מר. האַרטמאַן, דעם באַריכט פון דער „פעדערעיטעד קאָמיטע", וואָס זאָל האָבן געקראָגן פון אייך די דערמאָנטע 358 טויזנט דאָלאַר?

זיין ענטפער איז געווען נאָך מער איבערראַשנדיק.

— דעם באַריכט האָב איך אַליין נאָך ניט געזען, ווען ער וועט פאַרטיק ווערן, וועל איך אים אייך איבערשיקן.

ווּנדער איך זיך. דער געלטבאַריכט איז דאַטירט דעם 31סטן מערץ, און איצט איז דאָך סוף יולי — אַ משך פון 4 חדשים.

אַן ענלעכער ענטפער איז געקומען אויף דער פראַגע, וויפל געלט האָבן די 200—250 ברענטשעס (לאָקאַלן) פון די „פריינד" באמת געזאַמלט פאַר דער גאַנצער צייט און וויפל פון דעם האָבן זיי איבערגעשיקט אין צענטראַלן אָפיס. ריכטיקער, ווי גרויס זיינען די סומעס, וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט ביי זיך...

ניט קיין בעסערן ענטפער האָט מר. האַרטמאַן געגעבן די רע־פּאָרטערס פון די גרויסע ענגלישע צייטונגען, ווען יענע האָבן זיך פאַראינטערעסירט מיט מיינע סענסאַציאָנעלע אויפדעקונגען אין „פאָרווערטס". איינעם פון זיי, אַ רעדאַקטאָר פון דעם סאָציאַליס־טישן וואָכנבלאַט „ניו יאָרק קאָל", האָט דער קאָמוניסטישער רעדאַקטאָר פון „סאָוויעט ראָשיאַ" געגעבן אַן ענטפער, וואָס האָט אים, ווי עס שיינט, געקאָסט זיין שטעלע, זיינע הויכע אַמטן אין דער אָרגאַניזאַציע און אַפילו דעם נאָמינאַלן „דזשאָב" פון „אייגנ־טימער" פון זשורנאַל „סאָוויעט ראָשיאַ". זיין נאָמען איז פאַרשוווּנדן פון זשורנאַל דעם 15טן אָקטאָבער און מער זיך דאָרט ניט באַוויזן...

„די מערסטע פון די לאָקאַלן — האָט ער געזאָגט — האָבן אונדז

קיין מאָל ניט צוגעשיקט זייערע געלט־חשבונות. מיר האָבן געפּאָ־דערט און פאָדערן, אָבער זיי רעכענען זיך ניט מיט אונדזערע פאָדע־רונגען" — איז געווען האַרטמאַנס ענטפער.

אין די אַרטיקלען פון „פאָרווערטס" איז שטענדיק באַטאָנט געוואָרן, אַז די „פרענדס אָוו סאָוועט ראָשיאַ" איז די איינציקע קער־פּערשאַפט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס געברויכט ניט די געוואַלדיק גרויסע סומעס, וואָס זי זאַמלט פאַר רעליף פון די הונ־געריקע מאַסן פון רוסלאַנד, נאָר נוצט זיי פאַר קאָמוניסטישער אַרבעט דאָ אין אַמעריקע.

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט אין יענע יאָרן געהאַט אין אַמעריקע אַ גרויסע צאָל זשורנאַלן און צייטונגען אין פאַרשידענע שפּראַכן: רוסישע, יידישע, ענגלישע, פּוילישע, פינישע, לעטישע, ליטווישע און דייטשע. זיי אַלע האָבן ניט אויפגעהערט צו אַטאַ־קירן דעם „פאָרווערטס" פאַר אויפדעקן דעם נייעם גרויסן רעליף־שווינדל. זיי אַלע האָבן געשריען, אַז דער „פאָרווערטס" פעלשט די ציפערן פון זייערע באַריכטן און מאַכט אַ בילבול אויף זיי. אָבער פאַרקלאָגן אונדז אין געריכט, ווי זיי האָבן געסטראַשעט, האָבן זיי נישט געוואַגט. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז זיי וועלן שלעכט אָפּ־שניידן, אויב זיי וועלן דאָס טאָן. שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז זייער מורא איז געווען מער ווי אַ באַרעכטיקטע. צווישן די אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען דעמאָלט געווען טעטיק אין דער רעליף־אַרבעט, איז אויך געווען דער סאָוועטישער רויטער קרייץ. זיין פאַרטרעטער אין אַמעריקע איז געווען אַ סאָוועטישער באַאַמטער מיטן נאָמען ד"ר דובראָווסקי. אונטער זיין רעדאַקציע איז אין יענע טראַגישע חדשים אַרויס אין דער רוסישער שפּראַך אַ גרויס זאַמלבוך „גאָלאָד" (הונגער). דאָס זאַמלבוך איז געווען אין גאַנצן געווידמעט דער אַרבעט פון אַלע אַמעריקאַנער אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן געהאָלפן דער רעליף־אַרבעט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד.

אין אָט דעם זאַמלבוך ווערן אויסגערעכנט אַלע טראַנספּאָרטן פון פּראָדוקטן, שפּייז און מעדיקאַמענטן, וואָס רוסלאַנד האָט גע־קראָגן פון אויסלאַנד, ווען און מיט וועלכע שיפן מען האָט זיי געבראַכט קיין רוסלאַנד. דאָרט האָב איך ניט געפונען די קלענסטע

אָנצוהערעניש, אַז די אַמעריקאַנער „פרענדס אָוו סאָוועט ראָשיאַ“ האָט פון די גרויסע פאָנדן, וואָס זי האָט געזאַמלט, אַריינגעשיקט עפּעס. אַ לענגערע צייט איז דאָס פאַר אונדז געווען אַ רעטעניש. אָבער דער אַמעריקאַנער פאַרטרעטער פון סאָוועטישן רויטן קרייץ האָט שפּעטער די רעטעניש אויפגעקלערט. אים איז אויסגעקומען אויפצוטרעטן אויף אַן עפנטלעכן פאַרהער פון אַן אַמעריקאַנער קאָנגרעס־קאָמיסיע. און דאָרטן האָט ד״ר דובראָווסקי צוגעגעבן, אַז פון די מער ווי אַנדערהאַלבן מיליאָן דאָלאַר, וואָס די „פרענדס אָוו סאָוועט ראָשיאַ“ האָבן דאָ געזאַמלט, האָט רוסלאַנד, די הונגעריקע רוסישע מאַסן, „געקראָגן גאָרניט אָדער כמעט גאָרניט“...

לויט מיין חשבון — אָרום איין פּראָצענט.

15 אַפּריל 1963, „פרייע אַרב. שטימע“.

## יאָרן אין געהיימע דרוקערייען

### דער קאָמיטעט הייסט מיך גנבענען שריפט

אין יענעם יאָר האָב איך געאַרבעט אין דער קליינער יעקאַ־טערינאָסלאַווער דרוקעריי פון די „ברידער העדשענאָוויטש" און געוואַרט מיט אומגעדולד, אַז דער גרויסער וואַנטזייגער זאָל לאָזן וויסן, אַז מען קען שוין גיין אַהיים. און ווען די צייט איז געקומען, האָב איך זיך אַרומגעוואַשן און אויף שנעל אַרויס פון דער טיפּאָגראַפיע. קוים אָבער האָב איך באַטראַכטן דעם טראָטואַר, ווי אַ שיינער ברייטפּלייציקער און רייך־געקליידטער יונגערמאַן האָט מיך אָפּגעשטעלט מיט אַ פראַגע:

— זענט איר דער האַמלער שריפטזעצער, מאַרק־סאַשאַ?

דערזעען מיין פּאָזיטיוון שאָקל מיטן קאָפּ, האָט דער אומבאַקאַנטער שטיל אַרויסגערעדט, אַז ער האָט צו מיר אַ וויכטיקע שליחות.

— פון וועמען?

— פון נאַום דעם זקן, אָדער שוסטער, וועמענס ריכטיקער נאָמען איז נאַום איינבינדער, פון דער פּאַבריטשנער סלאָבאָדקע.

פאַר מיר איז געשטאַנען אַ מאַן, וואָס איז לויט זיין אויסזען געווען דער היפּוך פון דעם ווי איך האָב דעמאָלט זיך פאָרגעשטעלט אַ פּראָפעסיאָנעלן רעוואָלוציאָנער. אַ הויכער, פעסטגעבויטער און עלעגאַנט־געקליידטער מיטליאָריקער מאַן — אפשר מיט אַ יאָר עלטער פון מיר... איך האָב געקוקט אויף אים און אָן ווערטער געגעבן צו פאַרשטיין, אַז איך הער צום ערשטן מאָל דעם נאָמען „נאַום סאַפּאָזשניק". דער אומבאַקאַנטער האָט באַמערקט, אַז איך אייל זיך אַוועקצוגיין, האָט ער מיר אָנגעהויבן פאַרזיכערן, אַז ער מאַכט ניט קיין טעות, אַז נאַום קען היינט ניט קומען און ער

איז געווען זיכער, אַז דער פּאַראָל „מאַרק־סאַשאַ, האָמליער דרוי־קער" וועט זיין געגוג צו איבערצייגן מיך, אַז ער, דער אומבאַקאַנ־טער, קומט טאַקע פון אים, און טאַקע וועגן אַן ערנסטן ענין. „נאָום און זיינע פריינד דאַרפן האָבן דרוקשריפט, דאַרפן זייער דרינגנדיק און טאַקע וואָס שנעלער. נאָום גלייבט, אַז איר וועט זיך ניט אָפּזאָגן אונדז אַרויסצוהעלפן אין דעם".

דאָ האָב איך באַשלאָסן איבערצורייסן מיין שטילשווייגן און אים דערקלערט, אַז דאָס איז אַ מיספאַרשטענדעניש. אין יעקאַ־טערינאָסלאַוו קען איך קיינעם ניט מיט אַזאַ נאָמען, האָב אים קיין מאָל ניט באַגעגנט און קיין מאָל ניט געהערט פון אים... און ווען אַפילו איך וואָלט אים יאָ געקענט, וואָלט איך זיכער אָפּגע־זאָגט זיך פון דעם צווייפלהאַפטן כבוד צו ווערן אַ גנב.

— אַ גנב?

— יאָ, אַ גנב. קיין דרוקעריי וועט ניט וואַגן צו פאַרקויפן שריפט אָן אַ דערלויבעניש פון דעם רעגירונגס־אינספעקטאָר איבער אַלע דרוקערייען. ער, דער אינספעקטאָר פירט דאָך דעם חשבון וויפל און וועלכע שריפט יעדע דרוקעריי האָט געקויפט. זייט געזונט. מיר האָבן מער ניט וועגן וואָס צו ריידן...

מיין גאַסט האָט אַ שמייכל געטאָן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז איך האָב ניט קיין צוטרוי צו אים. אַז איך האָב אַ פאַרדאַכט, אַז ער איז אַ שפּיאָן אָדער אַ פּראָוואָקאַטאָר, און זיך צוגעאײלט צו זאָגן אַז ער וועט זיך אומקערן צו דעם ענין אין עטלעכע טעג אַרום. ער האָט געהאַלטן וואָרט.

אין צוויי טעג אַרום, ביים פאַרלאָזן די דרוקעריי, האָב איך אים ווידער באַגעגנט. דערווייל אָבער האָב איך אויסגענוצט די געלעגנהייט און באַזוכט דעם וואַרשטאַט פון נאָום איינבינדער, אָדער „דער זקן", ווי זיינע צאָלרייכע תלמידים, די רוסישע אַרבע־טער פון די גרויסע שטאָל־פאַבריקן האָבן אים גערופן. געטראַכט, אַז דער מאָדנער גאַסט קען דאָך פאַרט זיין נאָומס אַ שליח, האָב איך גענומען אַ שפּאַציר איבער דעם יעקאַטערינינסקי־פּראָספּעקט, אויסגענוצט אַ גינסטיקן מאָמענט און אַרויפגעכאַפּט זיך אויף דעם לויפנדיקן טראַמוויי, צוגעפאָרן ביז אָזיערני באַזאַר, דאָרט

אויסגעמישט זיך מיט דעם גרויסן עולם און נאָך דעם, ווי איך האָב זיך איבערצייגט, אַז קיינער פאָלגט מיר ניט נאָך, בין איך אַוועק אויף דער ערשטער פאַרבריטשנער גאַס, ווו נאָום דער שוסטער האָט דעמאָלט געוווינט. באַוואָפנט מיט אַ פּאָר אַלטע שיך, בין איך אַריין צו אים אין וואַרשטאַט. דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז



נאָום איינבינדער

נאָום האָט געוואַרט אויף מיר. ער האָט שוין געוווּסט וועגן דעם דורכפאַל פון זיין שליח. ער האָט מיר דערקלערט, אַז די דאָרטיקע אָרגאַניזאַציע קען מער ניט אויסקומען אָן אַן אייגענער דרוקעריי, און דער צענטער, פון וועלכן ער איז אַ מיטגליד האָט, ווייסנדיק, אַז אין איינעם פון זיינע קרייזלעך געפינט זיך אויך אַ טיפּאָגראַף, אַ שריפטזעצער, אים אינסטרויִרט אויסצוגעפינען אויב דער דאָזיקער זעצער קען ניט העלפן קריגן דעם נייטיקן שריפט. ער פּערזענלעך האָט צוליב קאָנספּיראַטיווע מאָטיוון ניט געקענט פאָרן אין שטאָט, האָט ער דעריבער געבעטן אַן אַנדערן מיטגליד

פון „צענטער", אַ נייעם מענטש אין שטאָט, ער זאָל זיך זען מיט מיר. ער האָט אים געגעבן אַ „פּאַראָל", וואָס בלויז נאָום און איך האָבן געוווּסט. אים, נאָומען האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דאָס וועט זיין גענוג.

— אַן אַנדערש מאָל וואָלט דאָס אפשר געווען גענוג, אָבער ניט אין דעם פאַל. גנבענען שריפט פאַר אַ געהיימער דרוקעריי איז קוים אַן אַרבעט, וואָס מען קען פאַרטרויען אַ ייִנגל, וועלכער האָט ערשט מיט אַ חודש צוריק פאַרצייכנט זיין 17טן געבוירנטאָג. דערצו נאָך אַזאַ ייִנגל, וועלכער האָט קיין מאָל פריער ניט געהאַט קיין קאָנטאַקט מיט זשאַנדאַרן און קיינער קען ניט וויסן ווי ער וועט זיך האַלטן אין פאַל פון אַן אַרעסט...

מיינע אַרגומענטן האָבן ווי עס שיינט געמאַכט אַן איינדרוק אויף נאָומען. דאָך האָט ער איבערגעחזרט זיין פאָרשלאָג.

דער סוף איז געווען, אַז איך האָב צוגעשטימט צו באַגעגענען זיך נאָך אַ מאָל מיט דעם חבר „מאַקסים". מיר האָבן זיך באַגעגנט און פאַרשטענדיקט זיך, אַז ער וועט יעדן נאָכמיטאָג אַריינגיין אין הויף פון אונדזער דרוקעריי און פאַרקירעווען זיך לינקס ביז ער וועט צוקומען צום בית־הכסא, וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי קאַבינעס. אין איינער פון זיי וועט ער געפינען איבער דער טיר אַ פּעקל מיט שריפט.

איך האָב אויסגעקליבן דעם אויסטערלישן פּלאַץ, ווייל איך האָב געהאַלטן, אַז קינדער וועלן ניט דערלאַנגען אַזוי הויך און די דערוואַקסענע האָבן דאָרט ניט וואָס צו טאָן.

אַזוי איז אָנגעגאַנגען אונדזער „שפּיל" אַ פּאָר וואָכן. איך פלעג אַרויסטראָגן יעדן נאָכמיטאָג, צו אַ באַשטימטער צייט, אַ פּעקל שריפט, און מאַקסים פלעגט אַריינשפּאַצירן אין הויף און דאָס פּעקל צונעמען. אויב ער האָט דעם שריפט ניט געפונען, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז איך האָב ניט געקענט אַרויסגיין און ער דאַרף קומען נאָך אַ מאָל. פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס די אומלעגאַלע אָפּעראַציע האָט געדויערט, האָב איך מאַקסימען געזען נאָר איין מאָל — און דאָס אויך פון דער ווייטנס... ווען מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז עס איז דאָ גענוג פאַר אַ פּראָקלאַמאַציע פון

אַ גרעסערן פאָרמאַט, האָב איך מיטן לעצטן פּעקל אַריינגעלייגט אַן אָפּגעדרוקטע שורה מיט די דריי ווערטער: „דאָס איז אַלץ". געווען זיכער, אַז ער וועט פאַרשטיין. מער האָב איך אים ניט געזען. איך האָב געפילט, אַז מיין מיסיע איז דערפילט און אַז אַלץ איז אַדורך גלאַטיק. אויך אַז דער „זקן" (נאַום) וועט אין דער נאָענטער צוקונפט מיך לאָזן צורו.

די האָפענונג איז געווען אַן אומזיסטע, נאַום האָט אין אַ פּאָר טעג אַרום געלאָזט וויסן, אַז ער דאַרף מיך זען. ווען מיר האָבן זיך באַגעגנט האָט ער מיר אָנגעזאָגט די „פריילעכע" בשורה, אַז דער קאָמיטעט האָט שוין געפונען אַ דירה פאַר אַן אומלעגאַלער דרוקעריי, אויך אַ פּאָרפאָלק, וואָס האָט צוגעשטימט צו באַזעצן זיך אין דער דירה. אַ פּאָרפאָלק, באַטירלעך, אויף אַ געפעלשטן פּאַספּאָרט. זיי האָבן שוין באַזאָרגט זיך מיט מעבל און אַפילו אַריינגעקליבן זיך אין דער דירה...

— פאַר וואָס דערציילט איר מיר דאָס אַלץ?

— איך דערצייל דאָס איך דערפאַר, ווייל דער ווילנער טיפּאָ־גראַף, וואָס האָט צוגעזאָגט צו אַרבעטן אין אונדזער דרוקעריי, איז ניט געקומען. איז ערגעץ געבליבן שטעקן אויפן וועג, און אין שטאָט ווערן רייף געשעענישן, וואָס פאָדערן, אַז מיר זאָלן וואָס שנעלער האָבן אַן אייגענע דרוקעריי. נו, האָבן מיר זי, אָבער באַנוצן זיך מיט איר קענען מיר ניט. די חברים פון קאָמיטעט האָבן דעריבער געבעטן, אַז איך זאָל ביי אייך פועלן, איר זאָלט מאָרגן נאָך דער אַרבעט צוגיין אין דער דרוקעריי און זען אויב אַלץ איז דאָרט טעכניש אין אָרדענונג. דער קאָמיטעט וויל זיין זיכער, אַז ווען עס וועט קומען דער מאָמענט און מען וועט מוזן זיך באַנוצן מיט דער דרוקעריי, זאָל ניט זיין קיין אָפּהאַלט.

נו, וואָס זאָל איך לייקענען? מיין ערשטע רעאַקציע צו דעם פאָרשלאַג איז געווען אַן איבערראַשונג. שוין באַלד צוויי יאָר ווי איך טרוים וועגן דער צייט, ווען כ'וועל קענען ווערן באמת אַקטיוו אין דעם פרייהייטס־קאַמף, וואָס די יוגנט פון מיין דור האָט אָנגע־פירט קעגן דער זעלבסטהערשאַפט פון די צאַרן. איינבינדערס פאָרשלאַג האָט פאַר מיר געעפנט די מעגלעכקייט צו טאָן עפּעס

ממשותדיקס פאַר דעם געראַנגל. און אפשר האָט דאָ געווירקט דאָס געפיל, אַז ווען מען מאַכט אַזאַ פאָרשלאָג אַ 17יאָריק ייִנגל, איז דאָס אַ כבוד, פון וועלכן מען טאָר זיך ניט אָפּזאָגן.

מיט אַ געמישט געפיל פון מורא און שטאָלץ בין איך נאָך דער אַרבעט אַוועק צו דער באַגעגעניש מיט דעם מאַן, וועלכער האָט געדאַרפט מיך צופירן צו דער דרוקעריי. איינבינדער האָט מיר געזאָגט, אַז דער מאַן וועט וואַרטן אויף מיר אויף אַ באַשטימטן בענקל אויפן דעם גאָגאָל־בולוואַר און צוגעגעבן, אַז איך מוז האַלטן אין האַנט אַ צעריסענע צייטונג, וואָס ער האָט טאַקע דאָ צעריסן און געזאָגט, אַז די צווייטע העלפט פון דער צייטונג וועט האַלטן אַן אומבאַקאַנטער, הויכער און שלאַנקער מאַן פון אַ יאָר 35. איך וועל אים מוזן נאָכפאָלגן פון דער ווייטנס, ביז ער וועט אַריינגיין אין דעם הויז ווו די דרוקעריי געפינט זיך. אַלץ איז אַריבער ווי אָפּגעמאַכט. ווען דער מאַן מיט דער צעריסענער צייטונג האָט מיך דערזען, האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז אַוועק ווייטער מיט דער זעלבער גאַס. איך האָב אים נאָכגעפאָלגט ביז ער איז צוגעקומען צום לעצטן שטיבל און איז אַריין אין הויף. ווען איך האָב געעפנט דאָס טירל צום הויף, האָב איך דערזען, אַז מיין וועגווייזער דערנענטערט זיך צו אַ צווייט קליין הויז, וואָס האָט זיך געפונען ביים סאַמע עק פון הויף, ווו ער האָט אויף מיר געוואַרט.

אין דער דרוקעריי גופא האָט מיך דערוואַרט אַן אָנגענעמע איבעראַשונג. די מכלומרשטע פרוי פון דעם באַלעבאָס, דעם בעקער, האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין מיינע אַ גוטע באַקאַנטע. אַ יונגע, אינטעליגענטע און לעבנסלוסטיקע פּראָפּאַגאַנדיסטין, אַנפירערין פון עטלעכע קרייזלעך. אירע שילער זיינען כמעט אַלע געווען פאַרליבט אין איר. און איך, דער ייִנגסטער צווישן זיי, בין ניט געווען קיין אויסנאַם. פון אירע קרעמענטשוגער לאַנדסלייט האָב איך געוווּסט, אַז זי איז די טאָכטער פון איינעם פון די רייכסטע ייִדישע געשעפטסלייט אין יענער שטאָט. איך האָב אויך געוווּסט, אַז זי האָט געענדיקט אַן אוניווערסיטעט אין אויסלאַנד מיטן טיטל „דאָקטאָר פילאָזאָפיע״. איר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז

זי קען אויך זיין בוצלעך אין אַן אומלעגאַלער דרוקעריי... די פרייד פון אונדזער באַגעגעניש איז אין אַ פּאָר טעג אַרום אַ ביסל פאַר־טונקלט געוואָרן פון דעם געדאַנק, אַז דאָס לעבן אין אַן אונטער־ערדישער דרוקעריי איז ניט פאַר איר שטורמישער נאַטור. זי איז שטענדיק געווען דער צענטער פון דיסקוסיעס, דעבאַטן, פריילעכע הוליאַנקעס מיט פריינד און חברים. דאָס לעבן אין אַ געהיימער דרוקעריי, האָב איך געטראַכט, איז ניט פאַר איר — און געשוויגן, געטראַכט, אַז איך בין דאָ ניט מער ווי אַ צייטווייליקער גאַסט...

שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז זי אַליין האָט דאָס גאַנץ שנעל דערפילט און דאָך אויך געשוויגן, ניט געהאַט דעם מוט דאָס מודה צו זיין. אין עטלעכע וואָכן אַרום איז צום זעלבן אויס־פיר געקומען אויך דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער דרוקעריי, אַ מיט־גליד פון דעם קאָמיטעט „איליאַ איליטש", וועמענס אמתער נאָמען איז געווען מאַרק מאַקאַדזיוב, ער איז שפּעטער באַרימט געוואָרן אין דער פּאַרטיי ווי „פּאַנין", אויטאָר פון אַ וויכטיקער אַרבעט וועגן די אָרגאַניזאַציאָנעלע און טאַקטישע פּראָבלעמען פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. זייענדיק אַ נייער מענטש אין שטאָט, האָט ער זיך גערעכנט מיט די רעקאָמענדאַציעס פון די „עלטערע" מיטגלידער אין קאָמיטעט. אויף זייער פאַרלאַנג האָט ער איר אָנפאַרטרויט די אַרבעט פון אַווירטין אין דער דרוקעריי...

אומקערנדיק זיך צו מיין ערשטן וויזיט, צום דאָקטאָר־פּילאָ־זאָף מיט איר „מאַן" לאַזאַר דעם בעקער, דערלויב איך זיך צו פאַרצייכענען, אַז ביידע האָבן זיך דערפרייט מיט מיין וויזיט און ביידע האָבן מיט גרויס חשק מיר אַרויסגעהאָלפן מיט אַלץ, וואָס זיי האָבן נאָר געקענט. דערביי האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז „איליאַ איליטש" האָט מער געוווּסט וועגן די דעטאַלן פון דער טעכנישער זייט פון דער אַרבעט אין אַזאַ דרוקעריי, ווי מען האָט געקענט דערוואַרטן פון אַ ייִדישן אינטעליגענט, וואָס האָט מיט אַ קורצער צייט פאַר דעם פאַרלאָזן די בענקלעך פון אַן אָדעסער אינסטיטוט. ער האָט באַזאָרגט פון פאָרויס די דרוקעריי מיט אַ „דרוק־מאַשין", וואָס איז געווען אויסערגעוויינלעך גוט צוגעפּאַסט צו די באַדער־פעניש פון אַזאַ דרוקעריי. דערצו איז זי אַזוי געווען איינגעאָרדנט,

אַז אין פאַל פון אַ געפאַר, האָט מען זי געקענט זייער שנעל פונאַנ־דערנעמען און אומבאַמערקט, אונטער די מלבושים, אַריבערטראָגן אויף אַ מער זיכערן פּלאַץ. און אַזוי ווי אָט די אַלטמאָדיש־פּרימי־טיווע דרוק־מאַשינקע איז מיטגעגאַנגען מיט מיר שפּעטער אין אַ האַלב טוץ אַנדערע געהיימע דרוקערייען, אין יעקאַטערינאָסלאַוו, אַמור, ראָסטאָוו־דאָן און נאַכיטשעוואַן, איז אפשר נייטיק צו פאַר־צייכענען דאָס. ניט געקוקט אויף איר איינפאַכקייט האָט זי אונדז געגעבן די מעגלעכקייט צו דרוקן פון פיר ביז פינף טויזנט פּראָ־קלאַמאַציעס פון גרויסן פאָרמאַט אַ טאָג — דורכשניטלעך אַרום 500 עקזעמפּלאַרן אַ שעה. דאָס איז באַזונדערס אינטערעסאַנט צו פאַרצייכענען, ווייל ווי איך האָב שפּעטער אויסגעפונען, זיינען כמעט אַלע געהיימע דרוקערייען פון צאַרישן רוסלאַנד, מיט צוויי דריי אויסנאַמען, געווען באַזאָרגט מיט ענלעכע מאַשינקעס.

און אַזוי ווי דרוק־טינט האָב איך מיטגעבראַכט פון הערש־גאָוויטשעס דרוקעריי, האָט זיך געקענט אויסדוכטן, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג און מען וועט קענען צוטרעטן צו דער אַרבעט, אַזוי שנעל ווי זי וועט האָבן דעם צוגעזאָגטן שריפטזעצער. וואָס שייך פּאַפּיר האָבן די באַלעבאַטים מיטגעבראַכט גענוג פּאַפּיר צוזאַמען מיטן מעבל פאַר דער דירה. וועגן דעם האָט שוין געזאָרגט דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער דרוקעריי, דער יידישער קאָמיטעטשיק מאַרק מאַקאַדזיוב.

דאָ האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דער פעיקער אָרגאַניזאַ־טאָר האָט דאָך פאַרגעסן וועגן איין „קליייניקייט”: וועגן אַ שריפט־קאַסע. האָב איך געמוזט פונאַנדערלייגן דעם שריפט אויפן טיש און דערנאָך אַריינשיטן אים אין קאָנווערטן מיט גענויע אָנווײַ־זונגען, וועלכע בוכשטאַבן עס געפינען זיך אין יעדן קאָנווערט. ווען איך בין פאַרטיק געוואָרן מיט אָט דער אַרבעט, האָב איך געזעגנט זיך מיט די באַלעבאַטים. ביים פאַרלאָזן די געהיימע דירה האָב איך אָנגעזאָגט די חברים, אַז זיי זאָלן אומבאַדינגט באַשטעלן אַ שריפט־קאַסע, וואָס נעמט זיך פונאַנדער און לייגט זיך צונויף. איך בין געווען זיכער, אַז איך זע זיי צום לעצטן מאָל. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער זעצער, וואָס די

ווילנער חברים האָבן צוגעזאָגט צו שיקן, איז אויפן וועג נעלם געוואָרן. דער קאָמיטעט איז געווען געצוווּנגען צו שיקן נאָך מיר.

*

דער נייער רוף איז געקומען פּלוצלינג, אין גאַנצן אומדערוואַרט, גלייך פון דער לעגאַלער דרוקעריי אין דער אומלעגאַלער. דער שליח איז אויך דאָס מאָל געווען דער שוין דערמאָנטער „מאַקסים ליטאָגראַף", וועלכער האָט מיך אָפּגעשטעלט ביים אַרויסגאַנג פון דער אַרבעט מיט דער בשורה, אַז „דאָרט" וואַרט מען אויף מיר מיטן אָוונטברויט, און איך טאָר דעריבער ניט פאַרלירן קיין צייט אויף אַ מאָלצייט אין דער סטאָלאָוועקע. עס איז אָנגעקומען אַ וויכטיקע באַשטעלונג, וואָס מען מוז שוין היינט מאַכן.

דאָרט האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די סטודענטן פון דער טעכנאָלאָגישער הויכשול (גאָרני אינסטיטוט) האָבן אַרויסגעלאָזט אַ העקטאָגראַפירט פלוגבלעטל, אין וועלכן זיי רופן די באַפעלקערונג צו אַן עפנטלעכער פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע קעגן די גזירות פון דער רעגירונג אויף דער שטודירנדיקער יוגנט פון די מערסטע אוניווערסיטעטן. די דעמאָנסטראַציע וועט פאָרקומען אויף דעם יעקאַטערינינסקי־פּראָספּעקט. דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן צוצושטיין צו דער דעמאָנסטראַציע. אַ רוף צו דער דעמאָנסטראַציע איז שוין דאָ און מען מוז אים באַלד אויסזעצן און אָפּדרוקן. די פּראָקלאַמאַציע איז געווען אַ קורצע, עס האָט לאַנג ניט געדויערט זי אויסצוזעצן, דערפאַר אָבער האָט מיר גענומען גאַנצע פיר שעה אָפּצודרוקן די עטלעכע טויזנט עקזעמפּלאַרן פון דער באַשטעלונג.

אַ טייל פון די פלוגבלעטלעך האָט מען געמוזט באַלד אָפּטראָגן אויף אַ קאָנספּיראַטיווער דירה, פון וואַנען מען האָט זיי איבערגעשיקט אין די פאָרשטעט: קיידאַקי, טשעטשעלעווקע, אַמור און נידזשני־דניעפּראָווסק. מיט די איבעריקע בין איך פאַרטיק געוואָרן שפּעט אין אָוונט. איך האָב זיי געמוזט אַליין מיטנעמען אונטער מיין ווינטער־מאַנטל און איבערלאָזן דאָס פּעקל אויף אַ צווייטער דירה, פון וואַנען פאַרשפּרייטער האָבן פאַר טאָג זיי

צוגענומען. אויף צו מאָרגנס איז די שטאָט געווען „פאַרפּלייצט" מיט די פלוגבלעטלעך. די מערסטע איינוווינער אָבער האָבן זיך דערוווּסט וועגן דער געפּלאַנטער דעמאָנסטראַציע ניט פון אונ־דזערע קליינע פּראָקלאַמאַציעס, נאָר פון די גרויסע אַפישן, וואָס דער גובערנאַטאָר פאָן קעלער, גענעראַל־לייטענאַנט פון רוסישן גענעראַל־שטאַב, האָט באַפוילן אויסצוקלעפּן אויף אַלע וויכטיקע גאַסן. די דאָזיקע אַפישן האָבן געלאָזט וויסן די איינוווינער, אַז „אומלאָיאַלע פּערזאָנען", קעגנער פון דער רעגירונג, רופן די באַפעלקערונג צו באַטייליקן זיך אין גאַסן־דעמאָנסטראַציעס שבת, דעם 15טן און זונטיק דעם 16טן דעצעמבער, און ער, גראַף קעלער, „וועט זיך ניט אָפּשטעלן פאַר קיין שום מיטלען, אַפילו די „עקס־טרעמסטע" ביים צעטרייבן אָט די דעמאָנסטראַציעס"... (ציטירט לויט דעם זאַמלבוך „יעקאַטערינאָסלאַוו", זייט 307, וואָס סאָוועַ־טישע היסטאָריקער האָבן אָפּגעדרוקט אין יאָר 1923).

## די ערשטע פּאָליטישע דעמאָנסטראַציע אין יעקאַטערינאָסלאַוו

דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער קאָמיטעט און די פירערשאַפט פון די סטודענטן פון דעם „גאָרני (באַרג) אינסטיטוט" האָבן, צוליב די אייגנאַרטיקע געאָגראַפישע און אינדוסטריעלע באַדינ־גונגען פון דער שטאָט און אירע פאָרשטעט, באַשלאָסן, אַז די גע־פּלאַנטע צוויי פּאָליטישע דעמאָנסטראַציעס זאָלן ניט פאָרקומען אין איין טאָג, נאָר אין צוויי טעג — שבת און זונטיק — דעם 15טן און דעם 16טן דעצעמבער.ביידע אויף דעם גרויסן יעקאַטערינ־סקי־פּראָספּעקט און ביידע ניט ווייט פון דעם גובערנאַטאָרס פּאַ־לאַץ. דאָס איז שטאַרק באַטאָנט געוואָרן איןביידע פּראָקלאַמאַ־ציעס, וואָס די אָרגאַניזאַציעס האָבן אַרויסגעלאָזט. אויף דעם זיינען באַשטאַנען די סטודענטן פון דעם אינסטיטוט. זיי זיינען געווען זיכער, אַז די סטודענטן און די אַרבעטער מיט די אָנגע־שטעלטע פון די קליינע קראָמען אין די שטאָטישע (יידישע) קוואַרטאַלן קענען אַליין שאַפן אַן איינדרוקספולע דעמאָנסטראַציע

שבת דעם 15טן, אָבער טויזנטער אַרבעטער פון די גרויסע שטאָל־פאַבריקן פון די אינדוסטריעלע פאָרשטעט טשעטשעלעווקע, קיי־דאַקי, אַמור און ניזשנעדניעפּראָווסק אַרבעטן שבת און זיינען אין דער גרויסער מערהייט פריי פון דער אַרבעט זונטיק און דאָס וועט ברענגען אַ גרעסערן עולם דעם צווייטן טאָג. די סטודענטן אָבער און אונדזער קאָמיטעט האָבןביידע פאַרגעסן, אַז דער גובערנאַטאָר און דער פּאָליצמייסטער קענען, ווען עס איז נייטיק, מאָביליזירן אַ גענוג שטאַרקע אַרמיי, וואָס וועט לייכט צעשטערן אונדזערע פּלענער...

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער גובערנאַטאָר מיט זיינע געהילפן האָבן דאָס מאָל מאָביליזירט אַן אַרמיי פון סאָלדאַטן און קאָזאַקן. זיין עקסעלענץ האָט זיי געוויזן פּערזענלעך אַ ביישפּיל ווי אַזוי מען דאַרף באַהאַנדלען די שונאים פון דער צאַרישער רעגירונג... ווען דער גובערנאַטאָר, רייטנדיק אויף זיין פערד האָט אויסגעשריען די קאָמאַנדע „ראַסכאָדיס!” פאַרלאָזט דעם בולוואַר! האָבן פיל פון די אומפּאַרטייאישע, וועלכע זיינען געקומען צוליב נייגעריקייט צו זען עפּעס, וואָס זיי האָבן פריער קיין מאָל ניט געזען, אין גרויס איילעניש אַ לאָז געטאָן זיך פון די בולוואַרן. די דעמאָנסטראַנטן אָבער האָבן אויפגעהויבן הויך אַ רויטע פאָן און פאַרגעזעצט זייער מאַרש אונטער די קלאַנגען „נידער מיט דער זעלבסטהערשאַפט!” דאָ האָט זיך אָנגעהויבן די וואַקכאַנאַליע פון די שיכורע קאָזאַקן, שיכורע פון דער וואָדקע, מיט וואָס זייער נאַטשאַלסטוואָ האָט זיי מכבד געווען, איידער מען האָט זיי געבראַכט צום בולוואַר. באַזונדערס גרויזאַם האָבן די קאָזאַקן געשמיסן מיט זייערע נאַהייקעס און געשלאָגן מיט די ביקסן די סטודענטן... יענע האָבן געשלאָגן צוריק — און זיי זענען נאָך מער צעשלאָגן גע־וואָרן. פּלוצעם האָט זיך דערהערט אַ היסטעריש געשריי פון אַ יונגער פרוי, וועלכע האָט פאַרדעקט מיט די הענט די נאַקעטע ברוסט, וואָס אַ שטאַרקער קלאַפּ מיט אַ נאַהייקע האָט איבערגע־האַקט איר וואַרעמען מאַנטל, איר קלייד, קאָרסעט און העמד, אוי־בערלאָזנדיק אַ בלוטיקן פּאַס אויף איר ברוסט... די שלאַכט מיט די סטודענטן און זייערע חברים, די יונגע אַרבעטער, האָט אָבער

ניט לאַנג געדויערט. אין 15 מינוט איז די ניט גלייכע שלאַכט געווען פאַרענדיקט. די שיכּורע צאַרישע כוליגאַנעס האָבן אַוועק־געשלעפּט די צעשלאָגענע און צעבלוטיקטע קרבנות אין די טור־מעס און אין די שפּיטאָלן...

די ערשטע באַריכטן האָבן דערציילט, אַז עטלעכע סטודענטן זיינען פון די קלעפּ געשטאָרבן. דאָס האָט זיך אָבער ניט באַ־שטעטיקט. אַפילו דעם סטודענט קאַרין, וועמענס וווּנדן זיינען געווען באַזונדערס ערנסטע, און מען האָט אים געבראַכט אין שפּיטאָל אַ באַוווּסטלאָזן, האָבן די דריי דאָקטוירים, וואָס דער גובערנאַטאָר האָט פּערזענלעך אַריינגעשיקט, באַוויזן צו ראַטעווען. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז ווייט ניט אין אַזאַ קריטישן צושטאַנד, ווי מען האָט פריער געמיינט. די דאָקטוירים האָט זיך איינגעגעבן, אמת, נאָך לאַנגער מי, אים צו ראַטעווען.

אין אַ וואָך אַרום האָט מען אים, דעם סטודענט קאַרין, און די מערסטע אַרעסטירטע בעת די דעמאָנסטראַציעס, באַפרייט. אין דריי וואָכן אַרום איז ער אין גאַנצן געזונט געוואָרן, ווי עס האָט שפּעטער געשריבן אונדזער זשורנאַל „איסקראַ״.

וואָס שייך דער צווייטער דעמאָנסטראַציע, וואָס איז גערופן געוואָרן אויף זונטיק, האָבן די מיליטערישע און ציווילע באַאַמטע זיך צוגעגרייט נאָך בעסער ווי צו דער ערשטער. זיי האָבן אַזוי גוט פאַרצוימט מיט סאָלדאַטן די דריי גאַסן, וואָס האָבן געפירט פון די אינדוסטריעלע פאָרשטעט צו דעם צענטער פון שטאָט, אַז אַלע פּרוּוון פון די דאָרטיקע אַרבעטער דורכצורייסן זיך דורך דער מיליטערישער פאַרצוימונג, האָבן זיך ניט איינגעגעבן. און די עטלעכע הונדערט קריסטלעכע אַרבעטער, וועלכע זיינען דורך ווייטע און זייטיקע וועגן געקומען צום בולוואַר, האָבן די סאָלדאַטן באַוויזן פונאַנדערצוטרייבן.

דאָס האָט אָבער ניט געשטערט די יעקאַטערינאָסלאַווער אַרבע־טער אין זעקס וואָכן אַרום פון דאָס ניי צו דעמאָנסטרירן קעגן דער צאַרישער רעגירונג — און מיט מער דערפאָלג.

די פירער פון קאָמיטעט האָבן שפּעטער אויך געפּועלט ביי מיר צו בלייבן נאָך אַ פּאָר וואָכן אין דער דרוקעריי, ביז אַ שריפט־

זעצער, וואָס די ווילנער בונדיסטן האָבן צוגעזאָגט צו שיקן, וועט אָנקומען. דער זעצער איז אָבער פאַרלוירן געגאַנגען, געבליבן שטעקן ערגעץ אויפן וועג און אונדז האָט זיך קיין מאָל ניט איינגעגעבן אויסצוגעפינען וואָס מיט אים האָט פּאַסירט. איך אַליין האָב קיין חשק ניט געהאַט צו ריזיקירן מיט אַן אַרעסט פאַר אַרבעט אין אַן אונטערערדישער דרוקעריי און דאָך צוגעשטימט צו בלייבן אויף אַ קורצער צייט — ביז מען וועט געפינען אַן אַנדערן טעכניקער...

דאָ האָט פּאַסירט אַזוינס, אויף וואָס קיינער פון אונדז האָט זיך ניט געריכט. עס איז פּלוצעם געקומען אַ פאַראָרדענונג אויפצוגעבן די טיפּאָגראַפיע, צו ליקווידירן זי, ווייל לויט דער מיינונג פון אונדזער „זיכערהייטס־אַגענט" חבר איליא איליטש, דרייט זיך אַרום דער דרוקעריי אַ פאַרשוין, וואָס קוקט אויס ווי אַ שפּיאָן... דערביי האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז שולדיק אין דעם אומגליק איז אונדזער זייער ניט קאָנספּיראַטיווע באַלעבאָסטע, די פּראָפּאַגאַנדיסטקע מיט אַ דיפּלאָם פון אַ דאָקטאָר־פילאָזאָפיע, אַניוטע זעלדין. שפּעטער אָבער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז וועגן אַפילו די לעבנסלוסטיקע אַניוטע זאָל האָבן, מיט אירע אָפּטע וויזיטן אין שטאָט, יאָ פאַרשלעפּט אַ שפּיאָן, האָט ער איר שפּור אין דער לעצטער מינוט פאַרלאָרן. די זשאַנדאַרן האָבן גאָר ניט געוווּסט וועגן דעם, ווו עס געפינט זיך די געהיימע דרוקעריי. דער אויבנדערמאָנטער געהיימער באַריכט פון די אָרטיקע זשאַנדאַרן ענדיקט זיך מיט אַ מעלדונג, אַז אין אַ פאַרזוך אויסצוגעפינען ווו עס געפינט זיך די דרוקעריי, האָבן זיי אין דער נאַכט פון 16טן יאַנואַר 1902 דורכגעפירט אַ גרויסע צאָל (48) הויז־רעוויזיעס און אַרעסטירט 17 פּערזאָן, ביי אייניקע פון זיי האָט מען געפונען אומלעגאַלע ליטעראַטור און פּראָקלאַמאַציעס, אָבער די פּאָליציי האָט נאָך אַליין ניט קיין אַנונג ווו עס געפינט זיך די געהיימע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע דרוקעריי, „וואָס איז, ווי עס שיינט, זייער גוט פאַרקאָנספּירירט..." — האָט דער באַריכט פון די זשאַנדאַרן צוגעגעבן.

דער קאָמיטעט און די מענטשן אין דער דרוקעריי האָבן דאָס אָבער ניט געוווּסט און זיך צוגעאיילט דורכצופירן די פאַראָרדע־

גונג פון קאָמיטעט. מען האָט דאָס דורכגעפירט, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס דער חבר לאַזאַר האָט זיך געפילט שטאַרק געטראָפן פון דעם באַשלוס. דערפאַר אָבער איז די ווירטין, אַניוטאַ, געווען מער ווי צופרידן פון דער רעקאָמענדאַציע. דאָס לעבן אין איזאָלירונג, אָפּגעזונדערט פון פריינד און באַקאַנטע, איז ניט געווען צוגעפּאַסט צו איר לעבעדיקער, שטורמישער און אומרויִקער נאַטור... זי האָט זיך צוריקגעקערט צו איר געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט און גע־אַרבעט אין דער יעקאַטערינאָסלאַווער אָרגאַניזאַציע נאָך אַ לענ־גערע צייט.

די דרוקעריי האָט מען ליקווידירט, די שריפט, די דרוק־מאַשינקע איבערגעפירט אין אַן אַנדערן, צייטווייליקן, פּלאַץ צוזאַ־מען מיטן פּאַפּיר, פאַרב און אַלע אַנדערע זאַכן, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו דער געהיימער לאַבאָראַטאָריע. אין אַ טאָג־צוויי אַרום האָט מען דאָס אַלץ איבערגעפירט אויף אַ צווייטער פון פּאַרויס צוגעגרייטער דירה הינטער דער שטאָט, אויף דעם לינקן ברעג פון דעם דניעפּער־טייך, אין דעם פאַרשטעטל אַמור, ווו די באַפעל־קערונג איז באַשטאַנען כמעט אויסשליסלעך פון קריסטלעכע אַר־בעטער און געוועזענע פּויערים, וועמען עס האָט זיך נישט איינ־געגעבן אַריינצוציען אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. די אָרטיקע באַפעלקערונג האָט צוליב דעם אַליין אויסגעמיטן דעם אויפמערק פון די זשאַנדאַרן.

וואָס שייך דער נייער דירה, איז זי באַשטאַנען פון איין גרויס צימער, ווו עס האָט געוווינט אַ ווילנער סאָציאַל־דעמאָקראַטקע, מאַניע געניקעס, אַן אַקושערקע, לויט איר פּראָפעסיע. צוזאַמען מיט איר מאַן, וועלכער איז נאָך אַ לענגערן אַרעסט אין ווילנע און אין מאָסקווע, און אַ פאַרשיקונג אין סיביר, פון דאָרט אַנטלאָפן.

## אין דער אַמורער דרוקעריי

דעם נייעם באַלעבאָס פון דער דרוקעריי האָט מען דאָרט געקענט לויט זיין פאַלשן פּאַספּאָרט, סאַמועל ווײַנער, אָבער זיין אמתער נאָמען איז געווען מיכאַיל סאָרקין, אַ סטאָליער פון פאַך,

האָט ער וועגן טיפּאָגראַפישער אַרבעט ניט געהאַט דעם מינדסטן באַגריף און מען האָט אים געגעבן „אין נדן“ מיין וויניקייט. דאָס מאָל האָב איך ניט געמאַכט קיין פּרווו אָפּצוזאָגן זיך. די אַרבעט אין „אונטערגרונט“ האָט מיך שוין מער ניט געשראָקן. אפשר דערפאַר, וואָס איך האָב זיך געפילט שטאַרק געשמייכלט פון דעם צוטרוי, וואָס די עלטערע פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן ווייזן מיר אַרויס. דערצו האָט די אַרבעט אין דער דרוקעריי און די סביבה אַרום איר, מיר געגעבן אַ מעגלעכקייט צו באַקענען זיך בעסער מיט דער געשיכטע פון דער פרייהייטס־באַוועגונג און מיט די לעצטע אויסגאַבן פון דער אויסלענדישער רעוואָלוציאָנערער ליטעראַטור.

איך אַמור בין איך געקומען ניט ווי אַ זעצער, נאַטירלעך, נאָר ווי אַן עקסטערן, אַ שילער, וועלכער גרייט זיך צו די עקזאַמענס פון דער אַרטיקער מיטלשול. פאַרשרייבן זיך אויף מיין אייגענעם פּאַספּאָרט פון אַ טיפּאָגראַף, האָט איך ניט געוואַגט, האָט מען מיר געגעבן אַ געפעלשטן פּאַספּאָרט. מיט אים האָב איך, אמת, ניט באַנוצט זיך. די קריסטלעכע אייגנטימער פון דעם קליינעם שטיבל, וווּ איך האָב געדונגען אַ צימער, האָבן קיין מאָל ניט דערמאָנט וועגן אַ פּאַספּאָרט.

די נייע דירה מיינע האָט זיך געפונען ניט ווייט פון דעם זייגערמאַכער, ביי וועלכן עס האָט געוווינט די אַקושערקע מיט איר מאַן. די באַלעבאַטים האָבן, פאַרשטייט זיך, ניט געוווּסט, אַז ביי זיי אין הויז געפינט זיך אַן אונטערערדישע דרוקעריי, אויב זיי וואָלטן זיך אַפילו יאָ אָנגעשטויסן אויף דעם, וואָלטן זיי אויך ניט געלאָפן אונדז מסרן. אין ערגסטן פאַל וואָלטן זיי געבעטן די אַקושערקע צו געפינען אַן אַנדערע דירה. די וווינונג ווו יענע באַלעבאַטים האָבן געוווינט איז געווען אַ גרויסע און אַ טומלדיקע. די מאַסטערסקאַיע פון דעם זייגערמאַכער מיט זיין געהילף, און די נייי־מאַשין פון דער באַלעבאַסטע, אַ נייטאָרין פון פרויען־קליידער, האָבן ניט וויניק בייגעשטייערט צו דעם טומל, וואָס איז פאַר אונדז געווען מער ווי געוווּנטשן. דער טאָפּלטער טומל האָט געהאָלפן צו פאַרטויבן דעם מאָנאָטאָנעם קלאַנג פון אונדזער דרוק־

מאַשינקע. די אַקושערקע האָט, ווי עס שיינט, אויף דעם טאַקע געבויט, ווען זי האָט דערלויבט איר מאַן אַריינצונעמען אין צימער די געהיימע דרוקעריי.

כדי צו זיין זיכער, האָבן מיר זיך איינגעאָרדנט אַזוי, אַז מיר זאָלן קענען זעצן דעם שריפט אָדער אים פונאַנדערוואַרפן אין אָוונט, אָדער פאַר טאָג, און דרוקן די פלוגבלעטלעך בלויז ביי טאָג, ווען דער טומל אין דרויסן האָט אונדז באַשיצט. און כדי צו אַרבעטן מיט מער זיכערקייט האָבן מיר זיך איינגעאָרדנט אַזוי, אַז מיר פלעגן אונטערלייגן אונטער דעם „סטאַנאָק" אַ ווייכע קאָלדרע.

עס איז אָבער געווען נאָך אַ געפערלעכער פונקט. צו דער אַקושערקע פלעגן קומען מענטשן זי רופן צו אַ קימפעטאָרין, אָדער אַ פרוי אין די הויכע חדשים פלעגט אַליין קומען זיך באַראַטן מיט איר.

צום גליק האָט די אַקושערקע געניקעס, נאָך איידער איר מאַן, מיכאַיל, איז צוריקגעקומען פון סיביר, צוגעוווינט די באַלעבאַטים צו דעם מנהג, פריער אָנצוקלאַפן אין טיר איידער זיי גייען אַריין. ענטפערנדיק אויפן קלאַפן, פלעגט מאַניע אַרויסגיין און פאַרבעטן די פאַציענטקע אין גאַסט־צימער פון די באַלעבאַטים, און דאָרט זי אויסהערן, פאַרצייכענען דעם אַדרעס און צוזאָגן צו קומען אין דער צייט.

זעלבפאַרשטענדלעך, אַז ביי דעם מינדסטן קלאַפ אין טיר, פלעגט די אַרבעט אָפגעשטעלט ווערן און מען פלעגט זיך באַמיען ניט צו באַנייען זי ביז מאַניע פלעגט זיך ניט צוריקקערן אין צימער, אָדער פלעגט אַוועקפאָרן צו אַ קימפעטאָרין. ניט אַלע מאָל איז דאָס אַריבער גלאַטיק. ווען דער צושטאַנד פון דער פאַציענטקע איז געווען אַן ערנסטער און מאַניע האָט זי געמוזט אַריינלאָזן, האָט זי געהאַט אַ פאַרטיקן תירוץ: דער מאַן אירע האָט זיך צוגעלייגט און זי מוז אים געבן צייט אָנצוטאָן זיך. צום גליק האָט דאָס ניט אָפט פאַסירט.

ניט געקוקט אָבער אויף די אומבאַקוועמלעכקייטן און שטערונגען, איז די אַרבעט אין דער טיפּאָגראַפיע אַוועק גוט פון

ערשטן טאָג אָן. עס האָבן ניט אויסגעפֿעלט קיין מאַנוסקריפּטן און די פּאַרטיקע בלעטלעך פֿלעגן מיר צושטעלן באַצייטנס. די פּראָקלאַמאַציעס זיינען געווען מערסטנס אַלגעמיינע, פֿאַר דער גאַנצער שטאָט, אַ מאָל פֿאַר לאָקאַלע, באַזונדערע ראַיאָנען, און אַפֿילו פֿאַר באַזונדערע פֿאַבריקן און וואַרשטאַטן.

אין זעקס־זיבן וואָכן אַרום האָבן מיר גענומען דרוקן אַ פּעריאָדישן ביולעטין, אויסער דער גרויסער צאָל פּראָקלאַמאַציעס. געדרוקט האָבן מיר עס אונטער דעם נאָמען „ליעטוטשי ליסטאָק", אויף צוויי, און אַ מאָל פֿיר בלעטער פֿון גרויסן פֿאָרמאַט (8,5 אינטשעס די ברייט, אויף 12,5 אינטשעס די לענג). געדרוקט געוויינלעך אין 4,000 עקזעמפּלאַרן און עטלעכע מאָל צו 5,000. אין פֿאַרלויף פֿון 6 חדשים צייט זיינען דערשינען 8 נומערן פֿון דעם פֿלוגבלאַט. זיבן נומערן פֿון אים געפֿינען זיך אין יעקאַטערינאָסלאַווער אַרכיוו פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

ווען מען דערמאָנט זיך אין אָט דער גרויסער פּראָדוקציע פֿון אונדזער געהיימער דרוקעריי מיט איר פּרימיטיווער טעכניק און קליינעם פּערסאָנאַל פֿון דריי, ריכטיקער צוויי, אַרבעטער — ווערט קלאָר, פֿאַר וואָס די פֿירער פֿון קאָמיטעט האָבן שטאָלצירט מיט זייער דרוקעריי. און אפשר אויך, פֿאַר וואָס די פֿאַראייניקטע כוחות פֿון דער צאַרישער אָכראַנקע און זשאַנדאַרמעריע, האָבן (לויט זייערע אייגענע, נאָך דער רעוואָלוציע פֿאַרעפֿנטלעכטע באַריכטן) געגנישטערט טאָג און נאַכט די שפּורן פֿון דער דרוקעריי און ניט געקענט צו איר צוקומען עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד.

עס קלינגט כמעט אומגלויבלעך, אַז אַפֿילו מיין צופֿעליקער אַרעסט אין אָקטאָבער 1903 אויף איינער פֿון די יעקטערינאָסלאַווער גאַסן, און מיין משפּט, נאָך 13 חדשים טורמע, אויף דער ספּעציעלער סעסיע פֿון כאַרקאָווער „סודעבנער פּאַלאַטע", האָט באַוויזן, אַז דער יוסטיץ־דעפּאַרטאַמענט און די זשאַנדאַרמעריע מיט דער אָכראַנקע האָבן נאָך ניט געוווסט, אַז איך האָב אַוועלכע עס איז שייכות צו די געהיימע דרוקערייען אין יעקאַטערינאָסלאַוו און אומגעגנט.

אין דעם באַשולדיקונגס־אַקט פֿון פּראָקוראָר פֿון דער „סודעב־

נער פּאַלאַטע" איז געווען געזאָגט, אַז „מאַרק כינאַי איז געווען אַרעסטירט ביים פאַרשפּרייטן פּראָקלאַמאַציעס פון דעם יעקאַטערי־נאָסלאַווער קאָמיטעט. די פּראָקלאַמאַציעס האָבן גערופן די באַפעל־קערונג צו שטירצן די עקזיסטירנדיקע אָרדענונג" (ציטירט לויט דעם אָפיציעלן אויסצוג פון באַשולדיקונגס־אַקט, וואָס די פאַר־וואַלטער פון צענטראַלן סאָוועטישן אַרכיוו אין מאָסקווע האָבן מיר צוגעשיקט, אויף מיין בקשה, אין יאָר 1935, דורך דעם סאָוועטישן גענעראַל־קאָנסול אין ניו־יאָרק נאָך דעם ווי איך האָב באַצאָלט אַ שטייער פון 14 אַמעריקאַנער דאָלאַר).

## אַרעסט פון גאַנצן קאָמיטעט

אַרום צוויי וואָכן נאָך דעם ווי מיר האָבן זיך איינגעאָרדנט אין פאַרשטעטל אַמור מיט די נייע באַלעבאַטים, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אין שטאָט זיינען פאָרגעקומען גרויסע אַרעסטן. די דאָזיקע אַרעסטן האָבן אונדז, די דרוקער, איבערגעלאָזט אָן פאַרבינדונגען מיט יענע, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט דער ליטע־ראַרישער אָדער אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט.

איינע פון די טיכטיקסטע און אין יענער צייט איינע פון די עלטסטע פירער פון קאָמיטעט, יעווגעניע אַדאַמאָוויטש, שרייבט אין אירע זכרונות, אַז אָנהייב 1902 (ריכטיקער, דעם 16טן יאַנואַר, לויטן ראַפּאָרט פון דעם זשאַנדאַרמסקי פּאָלקאָווניק), זיינען אַרעסטירט געוואָרן כמעט אַלע מיטגלידער פון קאָמיטעט. צווישן זיי: וו. א. שעלגונאָוו, הענריק מאַלקין, מאַלישעוו און אַ צאָל אַנדערע. אַ חוץ דעם, זיינען נאָך די דעמאָנסטראַציעס פון 15טן און 16טן דעצעמבער, געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן די שטאָט די חברים מיכאַיל קראַסנאָשטשאָקאָוו־טאָבינסאָן, אַלעק־סאַנדער יאָסיף (איסוף), ראָזאַליאַ סאַמסאָנאָווא־האַלבערשטאַדט און איליאַ איליטש (פאַנין־מאַקאַדזיוב). די לעצטע דריי זיינען נאָך דער שפּאַלטונג פון 1903—1904 געווען צווישן די אָנגעזעענסטע מיטגלידער פון מענשעוויסטישן צענטראַל־קאָמיטעט. אַדאַמאָוויטש האָט געפונען פאַר נייטיק צוצוגעבן, אַז אַלע מיטגלידער פון קאָמיטעט זיינען אין זעקס חדשים אַרום באַפרייט געוואָרן — אַז

וועלכע עס איז צוגאָב־שטראָפן („בעז פּאָסלעדסטוויי“), זאָל האָבן געזאָגט דער אורטייל.

אָפּגעזונדערט פון דער וועלט, האָבן מיר אין דער טיפּאָגראַ־פּיע זיך דערוווּסט וועגן די אַרעסטן דורך אַזאַ צופאַל:

איך בין געווען פריי יענעם טאָג, איז דעריבער באַשלאָסן געוואָרן, אַז איך זאָל צופאָרן אין שטאָט און אַריבערפירן קיין אַמור מיינעם אַ טשעמאָדאַן, וואָס האָט זיך נאָך געפונען אויף מיין אַלטער דירה, אויף דעם צווייטן עק שטאָט, אויף קירפּיטשנאַיאַ פּלאָשטשאַד.

געקומען אַהין, האָט מיר מיין אַלטער שכן אין דער וווינונג, אַ פּאַרטיי־מיטגליד, דערציילט, אַז אין שטאָט זיינען פאָרגעקומען גרויסע אַרעסטן און צווישן די אַרעסטירטע געפינען זיך אַ סך אָנגעזעענע פּאַרטיי־טוער. און כאָטש ער האָט ניט געטראַכט, אַז איך, אַ יונגער שנעק, בין אויך אַן אָנגעזעענער טוער, האָט ער דאָך געמיינט, אַז אפשר בין איך דורך אַ טעות אויך אַריינגע־פאַלן. די באַלעבאָסטע האָט אים געזאָגט, אַז איך האָב שוין זינט עטלעכע וואָכן ניט גענעכטיקט אין דער היים.

געגנוי וועמען מען האָט אַרעסטירט, האָט ער מיר ניט געקענט זאָגן, האָב איך געביטן מיין פּלאַן. איבערגעלאָזט ווידער מיין טשעמאָדאַן און בין אַוועק אויף דער צווייטער עק שטאָט, צום וואָקזאַל. זיך איבערצייגט, אַז קיינער גייט מיר ניט נאָך, האָב איך אַריבערגעשפּאַנט די לופט־בריק איבער די באַן־שעפּער, און ניט באַמערקנדיק קיין „שפּיאָנען“, האָב איך פאַרגעזעצט מיין שפּאַציר צו נאַומס וואַרשטאָט. אויפן וועג האָב איך באַגעגנט נאַומס יינגערן ברודער, באָריס, וועלכער האָט מיר געזאָגט, אַז נאַום איז ניט אַרעסטירט און וועט זיין זייער צופרידן מיט מיין וויזיט...

## מיר זוכן אַ נייע דירה

ווען מיר האָבן זיך באַגעגנט מיט אים, האָט ער מיך באַרויִקט: די אַרעסטן וועלן ניט אָפּשטעלן די אַרבעט פון דער דרוקעריי. די חברים האָבן צוגעגרייט אַ נייעם „קאָנטאַקט“ מיט אייך. דער

נייער „קאָנטאַקט" איז אַ פּאַרטיי־טוערין. זי וועט אייך איבער־געבן די מאַנוסקריפּטן און דרוק־פּאַפּיר און באַקומען פון אייך די פּאַרטיקע ליטעראַטור, — האָט איינבינדער געזאָגט. זי איז אַן אינטעליגענטע און זייער ענערגישע טוערין, איר פּאַרטיי־נאָמען איז „אָלגאַ", און אַזוי ווי איר וועט דאַרפן גיין צו איר אַהיים, טאָ גייט זשע באַלד היינט, מען דאַרף ווייזן דער פּאָליציי, אַז מיט זייערע אַרעסטן האָבן זיי אונדזער אַרבעט ניט אָפּגעשטעלט. מען קען די דאַמע דאָרט אונטער איר אמתן נאָמען — יעקאַטערינאַ גראָמאַן. אויב זי איז ניטאָ אין דער היים, פרעגט אויף איר ייִנגע־רער שוועסטער נאַדעזשדאַ, און אין ערגסטן פּאַל, זאָגט, אַז איר ווילט זען איר מאַן, וולאַדימיר גראָמאַן. אים זאָלט איר זאָגן, אַז איר קומט פון מיר, און אויב דאָס וועט ניט זיין גענוג, קענט איר צוגעבן, אַז איר זענט אַ שריפטזעצער. ער וועט פאַרשטיין און וועט זיין צופרידן מיט אייך צו באַקענען זיך. גייט, איר קוקט אויס אַזוי יונג. קיינעם וועט ניט איינפאַלן דער פאַרדאַכט, אַז איר זענט אַ רעוואָלוציאָנער.

אין אַ שעה־אַנדערהאַלבן אַרום בין איך שוין געווען צוריק אויף: זאַוואָדסקאַיאַ גאַס, ווו די גראָמאַנס האָבן דעמאָלט געוווינט. די טיר האָט מיר געעפנט מאַדאַם גראָמאַן אַליין. אַ יונגע, שיינע בלאָנדינקע, מיט אַן עכט רוסישן, אַ ביסל קיילעכדיקן פּנים, און שמייכלענדיקע בלויע אויגן, האָט זי אויף מיר געמאַכט פון דער ערשטער מינוט אַן אַנגענעמען איינדרוק. איך האָב שפּעטער געהאַט אַ געלעגנהייט צו איבערצייגן זיך, אַז דעם זעלבן איינ־דרוק האָט קאַטיאַ געמאַכט אויף אַלע, וועלכע האָבן געהאַט אַ געלעגנהייט צו קענען זי נענטער. זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי האָט געוואַרט אויף מיר. זי איז געווען זיכער, אַז דער „פּאַטריאַרך פון דעם בריאַנסקי־טשעטשעלעווקע־ראַיאָן" (דער שוסטער, נאָום איינבינדער) וועט געפינען אַ וועג ווי צו פאַרבינדן זי מיט דער דרוקעריי. זי האָט צוגעגעבן, אַז איר פּאַרטיי־נאָמען איז „אָלגאַ". פאַר מיר און מיינע חברים אין דער דרוקעריי. פאַר אַנדערע חברים איז זי „נאַטאַשאַ". זי האָט מיר אויך געזאָגט, אַז מען האָט איר אָנפאַרטרויט די אַרבעט פון באַזאָרגן די דרוקעריי מיט אַלץ,

וואָס איז פאַר איר נייטיק, און צוגעגעבן, אַז אונדזער אַדרעס וועט זי ניט און וויל ניט וויסן. מיר האָבן אָפּגעמאַכט צו באַגעגענען זיך אין פאָרויס באַשטימטע טעג אויף דעם אָזיערני־באַזאַר, וווהין טויזנטער מענטשן קומען יעדן טאָג איינקויפן שפּייז. די קונים קומען כמעט אַלע מיט קאָשיקעס. ביי באַשטימטע פּונקטן וועל איך באַגעגענען איר יינגערע שוועסטער, נאַדיאַ, מיט וועלכער זי האָט מיך דאָ טאַקע באַקענט. נאַדיאַ וועט קומען אַהין אויך מיט אַ קוישל מיט דרוק־פּאַפּיר, וואָס וועט זיין צוגעדעקט מיט גרינס, וואָס זי וועט קויפן אויפן מאַרק. זי וועט זיין אָנגעטאָן איינפאַך, ווי עס פּאַסט פאַר אַ דינסטמיידל. און איר, סאַשאַ, האָט זי צוגע־געבן, דאַרפן אויך קומען מיט אַן ענלעך קוישל מיט די פּאַרטיקע בלעטלעך. נאָך דער באַגעגעניש וועט איר אויסמישן זיך מיט דער געדיכטער מאַסע מענטשן און אומבאַמערקט טוישן זיך מיט די קוישלעך. זי וועט אַוועקגיין מיט די פּראָקלאַמאַציעס און איר — מיטן פּאַפּיר און מאַנוסקריפּטן — וועט אַזעלכע וועלן זיין. ביים געזעגענען זיך האָט קאַטיאַ מיר איבערגעגעבן אַ מאַנוסקריפּט פאַר אַ נייער פּראָקלאַמאַציע וועגן די לעצטע אַרעסטן און געוואָלט וויסן ווען מיר קענען זי פאַרטיק מאַכן. מען מוז, האָט זי געזאָגט, ווייזן די אַרבעטער, וואָס האָבן געהערט וועגן די אַרעסטן, און אויך דער פּאָליציי, וואָס מיינט, אַז זי האָט אַרעסטירט אַלע וויכ־טיקע טוער, אַז דאָס איז ווייט ניט אַזוי.

אין צוויי טעג אַרום האָבן מיר זיך באַגעגנט אויפן אָזיערני־באַזאַר מיט נאַדיען און נאָך אַ קורצן אויסטויש פון באַגריסונגען, געביטן זיך מיט די קוישלעך. קומענדיק אַהיים האָבן מיר געפונען אין נאַדיעס קוישל ניט בלויז פּאַפּיר, נאָר אויך אַ מאַנוסקריפּט פאַר אַ נייער פּראָקלאַמאַציע. שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די פּראָקלאַמאַציע האָט געשריבן קאַטיאַס מאַן, וולאַדימיר גראָמאַן, אַ פּראָפעסיאָנעלער זשורנאַליסט, סטאַטיסטיקער און עקאָנאָמיסט, וועלכער האָט דעמאָלט געאַרבעט אין דער גרויסער אָרטיקער צייטונג „פּרידניעפּראָווסקי קראַי״; דאָס פלוגבלאַט האָט ער גע־שריבן אויפן סמך פון דעם מאַטעריאַל וואָס זיין פרוי האָט אים צוגעשטעלט.ביידע זיינען פריער געזעסן אין טורמעס; געווען

פאַרשיקט אין סיביר און האָבן נאָך דער פאַרשיקונג געלעבט אונטער דער אויפזיכט („פאָד נאַדזאָראָם") פון דער פּאָליציי אין דער שטאָט סימפעראָפּאָל, קרים. ווען מיר האָבן זיך אַ ביסל נענטער באַקענט, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז קאַטיאַ איז אַ נייער מיטגליד אין דעם יעקאַטערינאָסלאַווער קאָמיטעט טראָץ איר רעפּו־טאַציע פון אַ זייער ענערגישער, איבערגעגעבענער און אינטעלי־גענטער טוערין; אויך אַז זי איז אַ גוטע רעדנערין און איז זייער פּאָפּולער צווישן די מאַסן. שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט פון איר שוועסטער, אַז זיי שטאַמען פון וויאַטקער גובערניע, ווו זייער פאָטער, פיאָטר דוכאַנין, איז דער עלטסטער פון די „אַדעליקע" פון יענער גובערניע. עטלעכע מיטגלידער פון קאָמיטעט האָבן אַ לענגערע צייט געוואָרט זיך קעגן דעם פאָרשלאַג זי אַריינצונע־מען אין קאָמיטעט, ווייל זיי האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זי איז ניט גענוג לינק געשטימט און איז ניט אין אַלץ געווען איינשטימיק מיט דער ריכטונג פון דעם זשורנאַל „איסקראַ". שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זייער מיינונג איז געווען געבויט אויף אַ ניט ריכטיקער אינפאָרמאַציע. אגב, האָט די זעלבע אַקטיווע מינדער־הייט פון פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן אין קאָמיטעט מיט אַ פּאָר חדשים פאַר דעם אויך געוואָרט זיך קעגן אַריינגעמען אין קאָמיטעט אַזעלכע פּראָמינענטע פּאַרטיי־טוער ווי מאַרטינאָוו און העגריך מאַלקין. אויב מען האָט זיי דאָך אַריינגענומען, איז דאָס געווען צוליב דער ענערגישער אַריינמישונג פון די צוויי איינ־פלוסרייכע פּאַרטיי־פירער „אַלעקסאַנדער איסוף" און „מאַריאַ אַבראַמאָוונאַ" (האַלבערשטאַדט), וועלכע זיינען אין יענער צייט אויך געווען מיטגלידער פון קאָמיטעט. ביידע זיינען שפּעטער, נאָך דעם ווי די פּאַרטיי האָט זיך געשפּאָלטן אויף מענשעוויקעס און באָלשעוויקעס, געוואָרן אַקטיווע פירער פון דער מענשעוויס־טישער ריכטונג.

קאַטיאַ גראָמאַן איז נאָך די גרויסע אַרעסטן פון 16טן יאַנואַר ניט לאַנג געווען די איינציקע אינטעליגענטקע אין דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן קאָמיטעט. אָבער די אמתע אָנפירער פון קאָמיטעט זיינען געוואָרן 9 אינטעליגענטע אַרבעטער, זעקס פון זיי האָבן

פּאַרטראַכטן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע קרייזן פון צוויי פאַבריק־ראַיאָנען, און די איבעריקע דריי — די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע קרייזן פון דער שטאָט גופא, וואָס איז באַשטאַנען כמעט אויסשליסלעך פון יידישע אַרבעטער.

וואָס שייך די מענטשן צו שרייבן די פּראָקלאַמאַציעס, איז די ערשטע צייט אויסגעקומען צו באַגנוגענען זיך מיט איין פּראָפע־סיאָנעלן ליטעראַט, קאַטיאַס מאַן, וולאַדימיר גראַמאַן. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז צוגעקומען נאָך איינער, אַן אינזשעניר פון דער יעקאַטערינינסקער אייזנבאַן־ליניע, דימיטרי בודאַנאָוו, וועמענס אַרטיקלען און פּראָקלאַמאַציעס זיינען געווען געשריבן אין אַ זייער שיינער און פּאָפּולערער שפּראַך, וואָס האָט שטאַרק אויסגענומען אַפילו ביי די הויך־קוואַליפיצירטע אינטעליגענטן.

*

אונטער דעם נייעם, אַ ביסל אַרומגעשאַרענעם קאָמיטעט, האָט אונדזער געהיימע דרוקעריי אין אַמורער פּאָסיאָלאָק, געאַרבעט זייער אינטענסיוו עטלעכע חדשים און באַזאָרגט אָן אַן איבעררייס מיט ליטעראַטור ניט בלויז די דריי ראַיאָנען פון דעם גרויסן אינ־דוסטריעלן צענטער, נאָר אויך די אינדוסטריעלע געגנטן אַרום דער שטאָט... אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען ביז עס איז באַשלאָסן גע־וואָרן צו פאַרגרעסערן די צאָל אַרבעטנדיקע אין דער דרוקעריי. צו דעם צוועק האָט מען אָנגענומען אַ באַשלוס צו דינגען אינעם זעלבן ראַיאָן אַ נייע וווינונג — אַ הויז פון דריי־פיר צימערן און אַריינברענגען אַהין נאָך איין פּערזאָן, וואָס זאָל קענען שפּילן די ראָל פון אַ דינסטמיידל. צו דעם באַשלוס זיינען מיר געקומען ניט בלויז, ווייל די פאָדערונגען צו דער דרוקעריי זיינען שטאַרק גע־שטיגן, נאָר אויך צוליב צוויי אַנדערע מאָטיוון: די צאָל פּאַציענט־קעס ביי דער באַלעבאָסטע, דער אַקושערקע, האָט זיך פאַרגרע־סערט אויף אַזוי פיל, אַז זי איז אָפט געווען געצוווּנגען אונדז איבערצולאָזן אַליין, אָן דער שוץ פון אַ שומר. דאָס האָט געקענט לייכט פירן צו אַ קאַטאַסטראָפע. דער וווקס פון איר פּראַקטיק האָט, אַ חוץ דעם אָפט צוגענומען ביי איר די מעגלעכקייט צו זאָרגן פאַר

דער באַלעבאַטישקייט און פירן דיווירטשאַפט, באַזאָרגן אירע באַלמעלאָכעס מיט שפייז.

איך קען זיך ניט דערמאָנען ווי לאַנג ביי אונדז האָט געדויערט דאָס געפינען אַ מער פּאַסיקע וווינונג. מאַניע, די באַלעבאָסטע, האָט אַזאַ וווינונג סוף־כל־סוף געפונען — און געדונגען. אין דעם הויף האָבן זיך געפונען צוויי הייזער. איינס איז געשטאַנען טאַקע ביים אַריינגאַנג פון הויף און געהאַט די פענצטער צו דער גאַס, און דאָס צווייטע — טיף אין הויף מיט די פענצטער און לאָדנס צום הויף. אין ערשטן שטיבל האָבן געוווינט די אייגנטימער אַליין — אַן אַלט פּאָרפאָלק, וואָס איז זעלטן געווען ביי טאָג אין דער היים. מיר האָבן יענדנפאַלס ניט געהאַט קיין סיבה צו פּראָטעסטירן קעגן דעם.

איבערציען זיך האָט אונדז ניט לאַנג גענומען. צוזאַמען מיט דער פונאַנדערגענומענער דרוקעריי און די אַנדערע דרוק־מאַטעריאַלן האָבן זיך אַריבערגעקליבן אַהין די באַלעבאַטים. און ניט פאַרגעסן מיטנעמען די שילד „אַקושערקאַ געניקעס".

עס האָט לאַנג ניט געדויערט און אויך איך האָב זיך איבערגעקליבן אַהין צוזאַמען מיט מיינע „שולביכער" און מיין קליינער גאַרדעראָב.

עטלעכע וואָכן האָט געדויערט ביז דעם קאָמיטעט האָט זיך איינגעגעבן צו געפינען אַ פּרוי פאַר דער ראָל פון אַ דינסטמיידל. דערווייל האָבן מיר געמוזט אויסקומען אָן אַ קעכין.

דאָס איז שווער געווען פאַר אונדז, צוויי מענער, און אויך ריזיקאַליש פאַר דער דרוקעריי. אָבער מען האָט געמוזט און מען האָט זיך אַן עצה געגעבן. אַרבעט איז געווען אַ סך. דער נייער, אויסגעברייטערטער קאָמיטעט האָט געאַרבעט אַזוי גוט און האַרמאָניש — אָן וועלכע עס איז רייבונגען, אַז אַפילו די זייער שטרענגע צו זיך און צו אַנדערע „מאַריאַ אַבראַמאָוונאַ", וועלכע האָט זיך צו יענער צייט צוריקגעקערט קיין יעקאַטערינאָסלאַוו פון אַ פּאַרטיי־באַראַטונג, און מיט וועמענס מיינונגען אַלע אַנדערע מיטגלידער פון קאָמיטעט האָבן זיך שטאַרק גערעכנט, האָט זיך ניט געקענט אָנלויבן מיט דער פּאָזיטיווער ראָל, וואָס די נייע מער־

הייט פון קאָמיטעט, די אינטעליגענטע אַרבעטער פון די ראַיאָן־קאָמיטעטן האָב אין אים געשפּילט. די דאָזיקע אינטעליגענטע און פעיקע דאַמע (ווּעמענס אמתער נאָמען איז געווען מ. ס. האַל־בערשטאַדט) איז געקומען קיין יעקאַטערינאָסלאַוו ווי אַ ספּעציעלע פאַרטרעטערין פון דעם אַזוי גערופענעם „אָרגאַניזאַציאָנעלן קאָ־מיטעט" פון „איסקראָווצעס", וועלכע האָט צוגעגרייט דעם צוזאַ־מענפאָר צו שאַפן אַ פאַראייניקטע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַר־טיי. און אַזוי ווי דער קאָמיטעט איז באַשטאַנען כמעט אויסשליס־לעך פון אָנהענגער פון דער „איסקראַ"־ריכטונג, איז דאָס געווען אַן עקסטרע סיבה פאַר וואָס מען האָט זיך מיט איר מיינונג שטאַרק גערעכנט...

*

יענעם יאָר איז דער חודש פעברואַר געווען פּאָליטיש אַ שטור־מישער אין אַ צאָל גרעסערע רוסישע שטעט, אַריינגערעכנט יעקאַ־טערינאָסלאַוו. אונדזער דרוקעריי האָט געאַרבעט גוט, ניט געקוקט אויפן מאַנגל אין אַרויסהעלפער. איר העכסטן פּונקט האָט די באַ־וועגונג דערגרייכט ביי דער נייער עפנטלעכער פּאָליטישער דעמאָנ־סטראַציע פון 19טן פעברואַר, ביי וועלכער די פּאָליציי האָט זיך ווידער אויסגעצייכנט מיט גרויסע אַרעסטן סיי ביי דער דעמאָנ־סטראַציע און סיי אַ טאָג פאַר איר.

## פּאָליציי פאַרכאַפּט וויכטיקע מאַנוסקריפּטן

אין פאַרבינדונג מיט דער דעמאָנסטראַציע, ריכטיקער, נאָך איר, איז אונדז אויסגעקומען אַרויסצולאָזן ספּעציעלע פּראָקלאַ־מאַציעס מיט דעם געוויינלעכן טיראַזש פון 4—5 טויזנט עקזעמ־פּלאַרן. מיט אָט די פּראָקלאַמאַציעס איז אָבער דאָס מאָל פאַר־געקומען אַ טשיקאַווע געשיכטע. דריי פערטל פון זיי זיינען אַריינ־געפאַלן צו די זשאַנדאַרן באַלד נאָך דעם ווי מען האָט זיי געבראַכט פון די גראַמאַנס צו דער דירה, וווּ עס האָט געוווינט אונדזער אַ חברטע, אַ פּאַפּיראָסן־מאַכערין, איטאַ בלאַכמאַן.

די אויסטיילער פון די ראַיאָנען האָבן דאָרט געזאָלט באַקומען זייער חלק פּראָקלאַמאַציעס פאַר די באַטרעפנדיקע ראַיאָנען. האָט אָבער פּאַסירט, אַז די זשאַנדאַרן זיינען פּונקט דאַן געקומען אַרעסטירן די חברטע בלאַכמאַן און דאָרט געפונען, אַ חוץ איר, אויך אַ חבר פון צענטער, באַס, און פיר פרויען, וואָס האָבן געזאָלט די פּראָקלאַמאַציעס אָפּטראָגן. צוזאַמען מיט די מענטשן האָט די פּאָליציי דאָרט אויך געפונען אַ טייל פון די פּראָקלאַמאַציעס — איבער דריי טויזנט עקזעמפּלאַרן. די איבעריקע פּראָקלאַמאַציעס האָבן צוויי טוער, יעקאַטערינאַ גראָמאַן און נאַום גאָלוב, באַוויזן אַרויסצוטראָגן באַצייטנס פון דער דירה און מען האָט זיי צומאָרגנס געפונען אויסגעטיילט צווישן די אַרבעטער פון דעם גיגאַנטישן בריאַנסקי־זאַוואָד. — אַזוי האָט געמאָלדן דער הויפּט פון דער אָרטיקער זשאַנדאַרמעריע דעם שעף פון פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט אין פּעטערבורג, אין זיין געהיימען „יערלעכן באַריכט". דער באַריכט איז אַרויסגעשיקט געוואָרן מיט עטלעכע וואָכן נאָך דעם אַרעסט און איז שפּעטער איבערגעדרוקט געוואָרן אין זאַמלבוך „יעקאַטערינאָסלאַוו", וואָס דער סאָוועטישער „איסטפּאַרט" האָט פאַרעפנטלעכט אין יאָר 1923.

די נייעס וועגן דעם דורכפאַל איז צו אונדז דערגאַנגען צוזאַמען מיט אַ צעטעלע, אַז „מען מוז צוגרייטן נאָך עטלעכע טויזנט בייגל פאַרן מאַרק אויב דאָס טייג איז נאָך גאַנץ..." און אַזוי ווי מיר האָבן נאָך ניט באַוויזן צו פונאַנדערוואַרפן דאָס טייג (דעם זאַץ), האָבן מיר באַלד אָפּגעדרוקט נאָך עטלעכע טויזנט פּראָקלאַמאַציעס, ניט פאַרלירנדיק קיין צייט אויף אַ נייעם זאַץ...

צו מאָרגנס האָט קאַטיאַס שוועסטער, נאַדיאַ, קומענדיק אויף אָזיערני־באַזאַר נאָך די בלעטלעך, געבעטן צו לאָזן וויסן מיכאַילן, אַז איר שוועסטער קאַטיאַ וויל אים זען וועגן אַ „דינסטמיידל".

ווען מיכאַיל איז צו מאָרגנס געקומען צו די גראָמאַנס, האָט ער דאָרט געטראָפן ניט בלויז די צוויי שוועסטער, נאָר אויך די קאַנדידאַטקע אויפן אַמט פון דער קעכין. ווען קאַטיאַ האָט זיי באַקענט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי איז אַ נייטערין פון פרויען־קליידער, אַן אַלטע פּאַרטיי־טוערין מיט אַ גוטן רעוואָלוציאָנערן

סטאַזש און גוטע רעקאָמענדאַציעס פון אייניקע מיטגלידער פון קאָמיטעט. דער פּאַרטיי־נאָמען אונטער וועלכן קאַטיאַ האָט זי פאַרגעשטעלט, קען איך זיך ניט דערמאָנען. איר אמתער נאָמען איז געווען אָלגאַ לעווינסקאַיאַ, זי האָט פאַר דעם געאַרבעט אין אָדעס, ווו זי איז צום ערשטן מאָל אַריינגעפאַלן אין טורמע אין יאָר 1898.

אַזוי ווי זי האָט לעצטנס געאַרבעט אין יעקאַטערינאָסלאַוו, און מען האָט געקאָנט גלייבן, אַז די אָרטיקע שפּיאָנען קענען זי, איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז לעווינסקאַיאַ וועט די ערשטע פאַר־לאָזן דאָס הויז, וועט אויפן פּראָספּעקט אַריין אין טראַמוויי, וואָס גייט צום וואָקזאַל און אויב זי וועט אויפן וועג ניט באַמערקן אַ „פּאָליציייִשן ווידל" נאָך זיך, וועט זי אַרויסשטייגן ביי דער באַן־בריק, וואָס פירט איבער דעם דניעפּר קיין אַמור. זי דאַרף אָבער דערביי שפּאַצירן לאַנגזאַם, כדי צו געבן מיכאַילן צייט זי איבער־יאָגן מיט אָלגאַס טשעמאָדאַן און ביי דער עק בריק וועט ער אויף איר וואַרטן. אַ חוץ דעם טשעמאָדאַן מיט אָלגאַס זאַכן, וועט מיכאַיל אויך מיטנעמען אַ צאָל מאַנוסקריפּטן מיט אַן אויספיר־לעכן באַריכט פון דעם ערשטן צוזאַמענפאָר פון אַלע דרום־רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס איז מיט עטלעכע וואָכן פריער אָפּגעהאַלטן געוואָרן — אויב מיין זכרון פאַרפירט מיך ניט — אין עליסאַוועטגראַד, פון דער צענטראַלער דרום־רוסישער אָרגאַניזאַציע „יוזשני ראַבאָטשי", אויף וועמענס איני־ציאַטיוו די קאָנפערענץ איז גערופן געוואָרן. מיר האָבן געדאַרפט אָפּדרוקן דעם גאַנצן מאַטעריאַל אין דער פאָרעם פון אַ ביכל. זייערע אַגענטן וועלן דאָס באַלד צונעמען און פונאַנדערשיקן אויף באַשטימטע אַדרעסן אין רוסלאַנד און אין אויסלאַנד.

אַלץ איז געגאַנגען גוט, האָט שפּעטער דערציילט מיכאַיל. ער האָט זי אָנגעיאָגט ביי דער בריק, וואָס פאַרבינדט די שטאָט מיט אַמור, און זיצנדיק אויף דעם שליטן פון אַ פויער, וועלכער, האָט מסכים געווען אים צוצופירן ביזן קרייצוועג, וואָס פירט קיין אַמור, האָט מיכאַיל גענומען גלעטן זיין בלאָנד בערדל, אַ צייכן, אַז אַלץ גייט ווי געהעריק און ער וועט אויף איר וואַרטן אויפן

וועג צו דער דירה. באַלד אָבער האָט מיכאַיל, זיצנדיק אויפֿן שליטן באַמערקט, אַז אונדזער דינסטמיידל האָט פּלוצעם אומגע־קערט זיך צוריק און איז צוגעלאָפֿן צו דעם בריק־וועכטער און גענומען רייסן עפּעס פֿון זיינע הענט. געגנוי וואָס — האָט ער ניט געוווסט. יענער האָט ניט געגעבן, און דער וועכטער האָט זי מיט געוואַלד אַריינגעשלעפּט אין ביידל... איז אים איינגעפֿאַלן, אַז אַ שפּיאָן האָט זי דערקענט און זי אַרעסטירט. קומענדיק אַהיים איז אים אָבער קלאָר געוואָרן, אַז די זאַך איז אַ סך ערנסטער. עס פֿעלט דאָס פּעקל מיט די מאַנוסקריפּטן וועגן דער אָפּגעהאַלטע־נער קאָנפֿערענץ צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע מאַטעריאַלן וועגן דעם צוזאַמענפֿאָר. ער האָט זיי פֿאַרלאָרן. אין דער קעשענע פֿון זיין מאַנטל האָט ער אָנגעטאַפּט אַ גרויס לאָך — אַ ירושה פֿון דעם שריפֿט און די דרוק־געצייג, וואָס ער האָט געטראָגן ביים אי־בערקלייבן זיך אויף דער נייער דירה מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק.

מיר זיינען געוועזן זיכער, אַז עס וועט לאַנג ניט נעמען און די זשאַנדאַרן וועלן זיך אָנשטויסן, אַז די דרוקעריי נאָך וועלכער זיי יאָגן זיך, געפֿינט זיך אין אַמור. האָבן מיר אָנגענומען אַ פֿייג־לעכן באַשלוס — אָפּצושטעלן די אַרבעט, פֿאַרפּאַקן דעם סטאַנאָק מיט דער שריפֿט, און לאָזן וויסן דעם קאָמיטעט וועגן דעם אומ־גליק. עס איז אויך באַשלאָסן געוואָרן, אַז מיכאַיל טאָר ניט פֿאַר־לאָזן די שטוב, און די באַלעבאָסטע, מאַניע די אַקושערקע, דאַרף פֿאָרזעצן איר פּראַקטיק, אַזוי ווי גאָרניט וואָלט געשען. אין אַ פּאָר טעג אַרום בין איך אַוועק אויפֿן אָזיערני־באַזאַר צו באַגעגענען זיך מיט קאַטיאַס שוועסטער. צו דער באַשטימטער צייט איז זי אָבער ניט געקומען. געוואַרט אויף איר אַ לענגערע צייט און ניט דער־וואַרט זיך. ניט האָבנדיק קיין אַנדערע ברירה, בין איך אַוועק צו די גראַמאַנס אַהיים. איך האָב ביים הויז ניט באַמערקט קיין שפּור פֿון פּאָליציי. די שכנטעס זיצן אויף די בענקלעך אין וואַרעמע פּעלצן און פֿאַרברענגען געמיטלעך, קינדער שפּילן זיך אין פֿאַר־שידענע ווינקלען פֿון גרויסן, שטאַרק באַפּעלקערטן הויף. גראָ־מאַנס וווינונג איז געווען די ערשטע פֿון טויער. איך האָב אָבער ניט געוואָגט גלייך גיין אַהין, בין איך אַוועקגעגאַנגען צום צווייטן

עק הויף. נעבן איין אַריינגאַנג האָב איך זיך אָפּגעשטעלט און אַוועק צוריק. געגאַנגען און ניט אַראָפּגעלאָזט די אויגן פון גראַ־מאַנס פענצטער. דאָ האָב איך פריי אָפּגעאָטעמט. ביים פענצטער איז געשטאַנען נאַדיאַ און מיט צייכנס מיך גערופן אין הויז. מיט אַ שטראַלנדיק פּנים און מיט פאַרווייינטע אויגן האָט נאַדיאַ מיך באַגעגנט ביי דער טיר, אַרומגענומען און קושנדיק ניט אויפגעהערט איבערצוחזרן: „סלאַוואַ באָגו!" „געלויבט דער אייבערשטער! זשיוו! זשיוו!..."

זיי האָבן שוין געוווּסט וועגן דעם אומגליק מיט אָלגאַ לעווינ־סקאַיאַ און מיט די מאַנוסקריפּטן פון „יוזשני ראַבאָטשי". זיי האָבן אָבער ניט געוווּסט גענוי וואָס עס איז געוואָרן מיט מיכאַילן און מיט זיינע קאָלעגן אין דער דרוקעריי, און דערפאַר טאַקע איז נאַדיאַ ניט געקומען צו דער טרעפעניש. נאַדיאַס שוועסטער איז ניט געווען אין דער היים. ווען זי איז צוריקגעקומען, האָבן מיר אויסגעפונען, אַז די נייעס, אַז לעווינסקאַיאַ איז אין תפיסה האָט דער קאָמיטעט דערוווּסט זיך דורך דעם סאָציאַליסטישן „רויטן קרייץ", אַ האַלב־לעגאַלע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו העלפן מיט שפּייז און קליידונג אַרעסטירטע און פאַרשיקטע רעוואָלוציאָנערן פון אַלע ריכטונגען. מען האָט זי געגרינדעט מיט אַ יאָר פאַר דעם און זי איז באַשטאַ־נען פון סאָציאַליסטן און ראַדיקאַלן מכל המינים. אונדזער הויפּט־פאַרטרעטער איז דאָרט געווען דער יונגער אַדוואָקאַט איליאַ פּאָלאָנסקי, דער זעלבער, וועלכער איז מיט זיבעצן יאָר שפּעטער אויסגעוויילט געוואָרן אַלס „גאָראָדסקאָי גאָלאָוואַ" אויף דער יעקאַ־טערינאָסלאַווער קאַנדידאַטן־ליסטע פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן־מענשעוויקעס. און אָט דורך די פאַרטרעטער פון דעם „רויטן קרייץ" האָט אָלגאַ לעווינסקאַיאַ איבערגעשיקט פון טורמע אַ בריוול צו איר מאַן נאַום גאָלוב, אַ שלאָסער און מיטגליד פון קאָמיטעט, אין אַ שיפער, וואָס „בלויז נאַום האָט געוווּסט". גאָלוב אָבער איז מיט אַ פּאָר טעג פריער אויך אַרעסטירט געוואָרן אין דער שכנישער שטאָט אַלעקסאַנדראָווסק מיט אַ טראַנספּאָרט אומלעגאַלער ליטע־ראַטור. די מיטגלידער פון קאָמיטעט האָבן געפּרוווּט איבערלייע־

נען דאָס בריוול און ניט געקענט, האָט אונדז קאַטיאַ דערציילט. האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און געבעטן די דערלויבעניש צו פּרוּוון דעשיפרירן, איבערלייענען דאָס בריוול אָן אַ שליסל. צו דער איבערראַשונג פון די צוויי שוועסטערן, און מיין אייגענער, האָט זיך מיר דאָס איינגעגעבן.

זי האָט געשריבן:

„ליבער נאַום! ווען איך האָב דערזען, אַז דער שומר פון בריק האָט אויפגעהויבן פון שניי דאָס פּעקל מיט די מאַנוסקריפּטן, וואָס דער באַלעבאָס האָט פאַרלאָרן פאַרבייפאָרנדיק די בודקע, בין איך צוגעלאָפן צום סטראַזשניק און געבעטן ער זאָל מיר איבערגעבן דאָס פּעקל, ווייל עס געהערט צו מיר. ווען ער האָט זיך אָפּגעזאָגט, האָב איך זיך פאַרלאָרן און מיט גוואַלד אַרויסגעכאַפּט דאָס פּעקל און באַוויזן צו צעררייסן אַ טייל פון די בלעטלעך... אָבער דער וועכטער איז געווען שטאַרקער פון מיר. ער האָט אַריינגעכאַפּט דאָס פּעקל אין זיינע לאַפּעס און מיך אַריינגעשלעפּט אין דער בודקע, ווו מען האָט מיך אַרעסטירט, ווען זיין נאַטשאַלסטוואָ איז אָנגעקומען. דיין א.".

די עקספּאַנסיווע קאַטיאַ איז אויפגעשפרונגען, מיך אַרומגענו־מען און מיך געגומען קושן אפשר מיט נאָך מער פרייד ווי איר שוועסטער מיט אַ שעה־צוויי פריער.ביידע האָבן זיי געוואָלט וויסן ווו האָב איך זיך אויסגעלערנט צו לייענען שיפרירטע בריוו ניט האָבנדיק דעם שליסל צו אים.

— ניט יעדן שיפר, טייערע, נאָר די איינפאַכע, אַזעלכע, וואָס ווערן גענוצט פון „גריגע", אַמאַטאָרן. און אַזאַ שיפר קען באַהערשן יעדער איינער, וואָס האָט געלייענט אויפמערקזאַם עדגאַר עלען פּאָס באַרימטע דערציילונג „דער גאָלדענער זשוק". דאָרט האָט דער העלד פון דער פאַנטאַסטישער מעשה איבערגעגעבן אין אַלע דעטאַלן דעם מעטאָד, ווי אַזוי מען קען איבערלייענען אַ שיפ־רירטן בריוו. אַלץ וואָס מען דאַרף וויסן איז, אין וועלכער שפראַך עס איז געשריבן און וועלכע בוכשטאַבן ווערן אָממערסטן באַנוצט אין יענער שפראַך, וועלכע וויניקער און וועלכע גאָר זעלטן. טייע־

רע, באַמיט זיך נאָך אַ מאָל איבערלייענען די מעשה, און איר וועט פאַרשטיין פאַר וואָס מיר האָט זיך אַזוי לייכט איינגעגעבן איבער־צולייענען אַלגאַס בריוול. אגב, וועט דאָס אייך ווייזן מיט וועלכע איינפאַכע און פּרימיטיווע שיפֿרן מען טאָר זיך ניט באַנוצן פאַר רעוואָלוציאָנערע צוועקן.

צום סוף האָט קאַטיאַ מיר איבערגעגעבן דעם באַשלוס פון קאָמיטעט אָפּצושטעלן צייטווייליק די אַרבעט פון דער דרוקעריי און אָנזאָגן מיכאַילן, אַז ער טאָר דערווייל ניט ווייזן זיך בײַ טאָג אין גאַס. ער מוז איבערוואַרטן ביז דער שטורעם וועט אַריבער. דער באַשלוס האָט געשטימט מיט דעם, וואָס מיר אין דער דרוקע־ריי האָבן פריער באַשלאָסן — און שוין דורכגעפירט. אונדז אַלע־מען האָט זיך אויסגעדוכט, אַז שטודירנדיק די פאַרכאַפּטע מאַנו־סקריפּטן, וועלן די זשאַנדאַרן פאַרשטיין פון זיי, אַז די מאַטעריאַלן געהערן דער אונטערערדישער דרוקעריי, און אַז די דרוקעריי דאַרף זיך געפינען ערגעץ אויפן לינקן ברעג דניעפּער, דאָס הייסט, ערגעץ אין אַמור אָדער ניזשניעדניעפּראָווסק. איך האָב צוגעגעבן די מיינונג פון מיינע חברים, אַז עס וואָלט ניט געשאַדט, ווען מיר זאָלן אין אייניקע טעג אַרום אַרויסלאָזן אַ פּראָקלאַמאַציע, געדרוקט אין אַ קליינער צאָל עקזעמפּלאַרן וועגן אַן ענין, וואָס האָט פּאַסירט שוין נאָך דעם אומגליק מיט די מאַנוסקריפּטן, אויך אַז די דאָזיקע בלעטלעך דאַרף מען אַזוי פאַרשפּרייטן אין שטאָט. אַז אייניקע עקזעמפּלאַרן זאָלן אומבאַדינגט דערגיין צו דער פּאָלי־ציי. עס איז אויך באַשלאָסן געוואָרן, אַז איך זאָל אין אַ פּאָר טעג אַרום קומען פון דאָס נײַ אויפן אָזיערני־באַזאַר, צו באַקומען דאָרט דעם ענטפער פון קאָמיטעט.

דער ענטפער איז געווען אַ גינסטיקער. צוזאַמען מיט אים האָבן מיר אויך באַקומען אַ מאַנוסקריפּט פאַר דעם בלעטל, וואָס מיר האָבן געבעטן. גענוי וועגן וואָס די פּראָקלאַמאַציע איז געווען געדענק איך ניט, דערפאַר געדענק איך גוט, אַז ווען מיר האָבן זיך באַגעגנט אין צוויי טעג אַרום, האָט זיך מיר איינגעגעבן צו ברענגען בשלום די פאַרטיקע בלעטלעך צוזאַמען מיט אַ בקשה פון מיינע פאַרטנערן, אַז מען זאָל זיי דערלויבן צו געזעגענען זיך

מיט אַמור. זיי זיינען איבערצייגט, אַז די זשאַנדארן צוויפלען ניט, אַז די דרוקעריי געפינט זיך ערגעץ אויף יענער זייט דניעפּער, אין אַמור אָדער אין ניזשניעדניעפּראָווסק, און צו בלייבן וויטער דאָרט איז אַ צו גרויסע ריזיקע. גלייכצייטיק האָבן זיי פאַרזיכערט, אַז די אַקושערקע איז גרייט אויפצוגעבן איר פּראַקטיק אין די צווי פּאַבריק־שטעטלעך. אויב דער קאָמיטעט וועט זיי באַזאָרגן מיט אַ גוטן פּאַספּאָרט פון אַ ייִדיש פאָרפאָלק אין עלטער פון 25—30 יאָר, וועלן מיר זיך איבערציִען אין אַן אַנדערער געגנט, ווו זיי האָפן צו אַרבעטן אַן אַ „דינסטמיידל״...

אין די קומענדיקע טעג פלעגט מאַניאַ גיין אין שטאָט אַ סך אָפטער ווי געוויינלעך און אָנגעזאָגט, אַז אויב מען וועט זי רופן צו אַ קימפּעטאָרין, זאָלן מיר ניט פאַרגעסן צו זאָגן, אַז זי איז אַוועק צו אַ חולה און מיר ווייסן ניט ווען זי וועט קומען צוריק. אין דער אמתן איז זי געגאַנגען אויף דעם לינקן ברעג דניעפּער — אין קיידאַקי, טשעטשעלעווקע און דער פּאַבריטשנער סלאָבאָדקע — צו זען אויב מען קאָן דאָרט געפינען אַ דירה, וואָס זאָל זיין צוגע־פּאַסט צו אונדזערע באַדערפענישן. דער חשבון דערביי איז גע־ווען אַ פּשוטער. אַזוי שנעל ווי מיר וועלן באַקומען דעם בייטיקן פּאַספּאָרט, וועלן מיר זיך איבערציִען אין אַ נייער וווינונג.

(מיט יאָרן שפּעטער האָב איך ביים איבערקוקן די אָפיציעלע דאָקומענטן, וואָס מען האָט געפונען אין די אַרכיוון פון דער געהיים־פּאָליציי, דאָרט אויך געפונען צושריפטן, וואָס האָבן אַ שייכות צו אונדזער ענין. פון אים האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די זשאַנדאַרן האָבן ניט פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון די מאַנו־סקריפּטן, וואָס מען האָט געפונען אויף דער באַן־בריק קיין אַמור, ווען מען האָט אַרעסטירט אָלגאַ לעווינסקאַיאַ. זיי האָבן נאָך אַלץ ניט געוווּסט, ווו עס געפינט זיך די דערמאָנטע דרוקעריי און ווער עס אַרבעט דאָרט).

אין דער דערמאָנטער צושריפט, וואָס די יעקטערינאָסלאַווער זשאַנדאַרן האָבן צוגעשטעלט צום פּאָליציי־דעפּאַרטמענט אין פּעטערבורג, געפינען זיך פאָלגנדיקע שורות:

„...לעווינסקאַיאַ האָט געזאַמלט מאַטעריאַל וועגן דעם גאַנג

פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין דער אימפּעריע פאַר די זשורנאַלן און פּראָקלאַמאַציעס. ביי לעווינסקאַיאַ האָבן מיר אויך געפונען צוויי בלעטלעך וועגן דער טעטיקייט פון דעם צוזאַמענפאָר פון פאָרשטייער פון די דרום־רוסישע אָרגאַניזאַציעס פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי, אויך אַ כתב־יד פון אַן אַרטיקל וועגן דעם זעלבן ענין, אַ קאָרעקטור פון אַ ביולעטין וועגן די גאַסן־דעמאָנסטראַציעס און אַ קורצע נאָטיץ וועגן אומרוען אין יעקאַטערינאָסלאַוו אין דעצעמבער 1901" — אַלץ זאַכן, וואָס האָבן געזאָלט אַריינגיין אין דעם קומענדיקן נומער „יוזשני ראַבאָטשי" וואָס מיר האָבן געזאָלט אָפּדרוקן — און טאַקע אָפּגעדרוקט אויף דער בייער דירה אין אַ פּאָר וואָכן אַרום.

אין דעם זעלבן „איבערבליק" געפינט זיך אויך אַ קלאָרע אָנדייטונג, אַז צו יענער צייט האָט די מאָסקווער אָכראַנקע געהאַט אין יעקאַטערינאָסלאַוו אַ געהיימען אַגענט־פּראָוואָקאַטאָר, וועלכער האָט גוט געקענט די בייטערין לעווינסקאַיאַ, איר מאַן נאַום גאָלוב, און יעקאַטערינאַ גראַמאַן, און איז, ווי עס שיינט, געווען דער, וואָס האָט געלאָזט וויסן די אָרטיקע אַגענטן פון דער אָכראַנקע, אַז זיי, גראַמאַן און גאָלוב, זיינען דאָס געווען די, וועלכע האָבן געבראַכט אויף דעם צענטראַלן פאַרטיילונגס־פּונקט די 4,000 פּראָקלאַמאַציעס, „וועגן דעם 19טן פעברואַר". וועגן דעם דאָזיקן אַגענט־פּראָוואָקאַטאָר האָט אָבער ניט געוווּסט דער הויפּט פון די יעקאַטערינאָסלאַווער זשאַנדאַרן, פּאָדפּאָלקאָווניק קרעמענעצקי. ווער דער פּראָוואָקאַטאָר איז, האָבן מיר אין דער אָרגאַניזאַציע אויך ניט געוווּסט... ניט אומזיסט האָט קרעמענעצקי אין דער צושריפט צו זיין שעף אין פּעטערבורג באַקלאָגט זיך אויף דעם אָרטיקן נאַטשאַלניק פון דער אָכראַנקע, וואָס וויל אים ניט זאָגן דעם נאָמען פונעם אַגענט...

### אַ נייע וווינונג

**געזוכט און געפונען.**

די נייע וווינונג פאַר אונדזער געהיימער דרוקעריי האָט זיך

געפונען אויף דער פּאָקראָווסקי־גאַס, וואָס איז דעמאָלט געווען באַקאַנט אַלס די „דריטע פּאַבריטשנע גאַס". דער ראַיאָן, די גאַס, און דאָס איין־פאַמיליע־הויז, וואָס מיר האָבן געדונגען, האָט זיך געפונען טיף אין אַ הויף, וואָס דאָס איז געווען ווי עקסטרע געשאַפן פאַר אונדז. מיין פּאַספּאָרט איז אָבער ווייט ניט געווען קיין אידעאַלער. טאַקע דערפאַר, וואָס מיט מיינע אייגענע פּאַפּירן האָב איך ניט געטאָרט באַנוצן זיך. עס איז ניט געווען אויסגע־שלאָסן, אַז די פּאָליציי זוכט מיך. נאָר קיין אַנדער פּאַסיקן פּאַס־פּאָרט האָט דער קאָמיטעט ניט געהאַט. האָבן מיר, נאָך אַ לאַנגער באַראַטונג באַשלאָסן צו ריזיקירן און פּרובירן רעגיסטרירן זיך אויף מיין „פּעטערס" נאָמען, ווי אַ 16־יאָריקער שול־ייִנגל. מיר זיינען ניט געווען זיכער, אַז דאָס וועט זיך איינגעבן. דאָך האָב איך באַשלאָסן צו פּרובירן. איך האָב זיך אָנגענומען מיט מוט און זיך פאַרשריבן אין דעם הויף־בוך ווי אַן עקסטערן, וואָס גרייט זיך צו די עקזאַמענס אין מיטלשול, און זיך אָנגעבאָטן אַליין צו גיין אין פּאָליציי־אוטשאַסטאָק און איינשפּאָרן די הויז־אייגנטימער די אַרבעט פון צופאָרן אַהין. מיר האָט אָפּגעגליקט. איך בין גע־ווען דער צווייטער אין דער אָטשערעד, אָבער ווען דער פּיסאַר איז פאַרטיק געוואָרן מיט דער באַבע, איז שוין הינטער מיר געשטאַנען אַ לאַנגער אָטשערעד. ווען איך בין צוגעגאַנגען צום פּיסאַר האָב איך אים דערלאַנגט דאָס רעגיסטראַציע־בוך מיט איין האַנט און מיט דער צווייטער אַרויפגעלייגט לעבן זיין האַנט אַ צונויפגעלייגטן רובל. דער פּיסאַר האָט בליץ־שנעל אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויפן געלט און איגנאָרירנדיק דעם אינהאַלט פון מיין הויז־בוך, אַרויפגעלייגט דעם שטעמפּל און מיט די ווערטער „סלעדוויושטשי" צוגערופן דעם מאַן, וואָס איז געשטאַנען הינטער מיר...

*

אין דער וווינונג האָבן מיר געאַרבעט לענגער, פּראָדוקטיווער און אינטענסיווער ווי אין אונדזערע צוויי אַמוָרער דירות. די אַקושערקע מאַניע געניקעס האָט אויפגעגעבן איר פּראָפעסיע. און

דאָס האָט אונדז געגעבן נאָך אַן עקסטרע פּאָר הענט. אין אַרבעט האָט זיך ניט געפילט קיין מאַנגל. מיר האָבן פאַרגעזעצט די אַרבעט פון דרוקן פּראָקלאַמאַציעס, און אין דער זעלבער צייט געדרוקט אונדזער קליינע, אָבער לעבעדיקע און פאַרהעלטנישמעסיק אינטערעסאַנטע צייטונג „יעקאַטערינאָסלאָווסקי ליסטאָק" (אַרויס 8 נומערן צו 5 טויזנט עקזעמפּלאַרן יעדער).



פון רעכטס: מיכאַיל וויינער (מ. סאַרקין), זיין פרוי מאַניע געניקעס, מאַרק כינאָי

קיין שפּיאָנען האָבן מיר ניט באַמערקט. מיט די שכנים האָבן מיר אָנגעהאַלטן פריינדלעכע באַציונגען, אָבער ניט קיין צו פריינדלעכע. צו אונדז איז קיינער ניט געקומען צו גאַסט און מיר האָבן אויסגעמיטן וויזיטן צו זיי. אויך פון די מיטגלידער פון קאָמיטעט האָט קיינער ניט געוווּסט אונדזער אַדרעס. מיר אַליין זיינען פּאַקטיש אין ערגעץ ניט געגאַנגען, אַחוץ אין מאַרק צו קויפן פּראָדוקטן און צו טוישן פאַרטיקע ליטעראַטור אויף דרוק־פּאַפּיר.

איין מאָל אָבער איז נאָדעזשדאַ דוכאַנינאַ (קאַטיאַ גראָמאַנס

יינגערע שוועסטער) געקומען אויפֿן אָזיערני־באַזאַר אַ סך שפּעטער ווי מיר האָבן אָפּגעמאַכט; געזאָגט, אַז זי וועט מער ניט קומען און וועט די פּאַרטיקע בלעטלעך ניט מיטנעמען. קאַטיאַ האָט פֿאַר־באָטן, האָט זי געזאָגט. נאָך זיי אַלעמען שלעפּן זיך נאָך שפּיאָנען און אַזוי ווי עס איז ערב דעם ערשטן מאַי, דערוואַרט מען גרויסע אַרעסטן. זי האָט מיר געגעבן דעם נייעם אַדרעס פֿאַר באַגעגענישן און איז פֿאַרשוווּנדן. פֿאַרן אַוועקגיין האָט זי באַוויזן צוצוגעבן, אַז מיט קאַטיען דאַרפֿן מיר אויך אויסמיידן צו באַגעגענען זיך. אַלע אונדזערע פֿאַרבינדונגען מיטן קאָמיטעט וועלן מיר מוזן אָנהאַלטן דורך אַ דאַמע, וועגן וועלכער מיר האָבן אַ סך געהערט. „מאַריאַ אַבראַמאָוונאַ" איז געווען איר פּאַרטיי־נאָמען. איר אמתער נאָמען, ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, איז געווען ראָזאַליאַ סאַמסאָנאָוונאַ האַלבערשטאַדט.

דער נייער אַדרעס איז געווען אין אַ שטאָטישער קליניק, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפֿונען אונטער דער אויפֿזיכט פֿון אַ פֿעלדשער מיטן נאָמען באַקאַי, אַ קריסט...

פֿון דעמאָלט אָן האָט זיך ביי באַקאַיען אין קליניק באַוויזן אַ נייער פּאַציענט, אַ בלאָנדער מיט אַ רויטלעכער באָרד — מיין פּאַרטנער אין דער דרוקעריי, מיכאַיִל סאָרקין. ער האָט געהאַלטן, אַז פֿאַר באַגעגענישן אין דער קליניק איז ער מער צוגעפּאַסט ווי איך. דערצו איז אים טאַקע, ווי עס שיינט, דערעסן צו זיצן כסדר אין הויז. אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען ביז עס האָט פּאַסירט אַ נייער אומגליק. איין מאָל האָט מיכאַיִל, גייענדיק צו באַקאַיס קליניק באַמערקט ווי אַ פּרוי, וועלכע איז געגאַנגען פֿאָרויס, האָט נאָך דעם ווי זי האָט געעפֿנט די טיר, זיך אָנגעשטויסן אויף אַ גאָראָדאָוואָי, וועלכער האָט אָנגעכאַפּט די פּרוי פֿאַר דער האַנט און אַריינגע־שלעפּט אין קליניק... מיכאַיִל האָט, זעלבפֿאַרשטענדלעך, פֿאַרלאָרן דעם חשק צו קריכן אין דער פּאַסטקע. ער האָט פֿאַרגעזעצט זיין שפּאַציר און אַרומגעדרייט זיך אַ לענגערע צייט איבער די גאַסן. ביז ער האָט זיך איבערצייגט, אַז קיינער גייט אים ניט נאָך, האָט ער זיך פֿאַרקירעוועט אַהיים. דאָ איז פֿון דאָס ניי צוניצגעקומען דער יונגער, לויט זיין אויסזען, סאַשאַ.

נאָך אַ קורצער באַראַטונג איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז איך מוז אויסגעפינען וואָס עס האָט פּאַסירט.

באַזאָרגט זיך מיט אַ פּאָר אַלטע שיך, בין איך אַוועק צו מיין אַלטן פריינד דעם שוסטער, נאָום איינבינדער, אויף וועמענס רעקאָמענדאַציע מען האָט מיך מיט אַכט חדשים צוריק מאָביליזירט צו דער אַרבעט פון באַזאָרגן מיט שריפט די געפלאַנטע דרוקעריי, און שפּעטער — אויך צו דער אַרבעט אין איר. איינבינדערס געוועלב האָט זיך געפונען טאַקע ניט ווייט פון אונדזער וווינונג, נאָר אויף אַן אַנדער גאַס. מיר האָט אָפּגעגליקט. איך האָב געפונען ביי דער אַרבעט די צוויי ברידער, וועלכע האָבן מיר אויפגעקלערט די רעטעניש מיט באַקאַיעז, מיט דעם, וואָס מיט אַ טאָג פריער זיינען אין שטאָט פאָרגעקומען גרויסע אַרעסטן. צווישן די אַרעסטירטע איז אויך געווען דער פעלדשער באַקאַי און יעקאַטערינאַ גראַמאַן, איר שוועסטער נאַדעזשדאַ און די אַנערקענטע פירערין פונעם קאָמיטעט, ראַזאַ האַלבערשטאַדט. אַחוץ דעם זיינען אויך אַרעסטירט געוואָרן אַ באַדייטנדיקע צאָל אינטעליגענטן פּראָפּאַגאַנדיסטן און אַ סך יידישע אַרבעטער פון שטאָטישן ראַיאָן.

און אַזוי ווי נאָום האָט געוווסט די גאַנצע צייט וואָס איך טו, כאָטש ער האָט ניט געוווסט גענוי ווו די דרוקעריי געפינט זיך, האָב איך געפינען פאַר נייטיק צו לאָזן אים וויסן, אַז מען מוז וואָס שנעלער צוגרייטן אַ נייעם אַדרעס ניט בלויז פאַר באַגעגענישן מיט אַ נייעם שליח פון קאָמיטעט, נאָר אויך אַן אַדרעס וווּהין מיר זאָלן קענען ברענגען די אָפּגעדרוקטע 5,000 פּראָקלאַמאַציעס פאַרן ערשטן מאַי, און אַן ענלעכע צאָל עקזעמפּלאַרן פון אונדזער לאָקאַלן ביולעטין „יעקאַטערינאָסלאַווסקי ליסטאָק", וואָס מיר האָבן געהאַלטן ביים פאַרענדיקן. מיר האָבן זיך צוזאַמענגערעדט, אַז ווען איך וועל צו מאָרגנס קומען נאָך די „פאַרריכטע שיך" וועט נאָום האָבן די נייטיקע אַדרעסן, אָדער „יאַווקעס", ווי מען פלעגט זיי דעמאָלט באַצייכענען.

צו מאָרגנס האָט מיר איינבינדער איבערגעגעבן דריי אַדרעסן פון צייטווייליקע „יאַווקעס" מיט אינסטרוקציעס וויפל פּראָקלאַמאַציעס איבערצולאָזן אין יעדער פון זיי. אונדזער „מאַשין" האָט

געאַרבעט אָן אַן איבעררייס און מיר זיינען געווען פּאַרטיק צו דער באַשטימטער צייט. דאָס וועטער איז אונדז געקומען צו הילף. עס האָט זייער שטאַרק גערעגנט און מיר האָבן געקענט באַהאַלטן אונדזערע פּנימער אונטער די רעגנשירמס. דאָס, אגב, האָט געמיינט, אַז מיר האָבן געקענט אַרויסגיין אַלע דריי און מיטנעמען אַלע אָפּגעדרוקטע בלעטער — אונדזער „ציטונג־ביולעטין" אַריינגערעכנט.

גייענדיק צוריק פון מיין „יאַוקע", האָב איך זיך אָנגעשטויסן ניט ווייט פון אונדזער וווינונג אויף אונדזער אומדערמידלעכן „זקן" (איינבינדער), ווי די קריסטלעכע מעטאַל־אַרבעטער פון די גרויסע פאַבריקן האָבן אים געוויינלעך באַצייכנט. ער האָט געוואַרט מיט אַ טראַגיש וויכטיקער פּאַר אונדז נייעס: ער האָט זיך דערוווּסט, אַז דער פעלדשער באַקאַי האָט אין טורמע צוזאַמענגעבראָכן זיך און דערציילט אַלץ, וואָס ער ווייס. די חברים מיינען, אַז די גראָ־מאַנס און ראָזאַ האַלבערשטאַדט זיינען אפשר אַרעסטירט געוואָרן אויף זיינער אַ מסירה. אויב מיר האָבן זיך מיט זיי באַגעגנט אין באַקאַיס קליניק, איז בעסער, אַז מיר זאָלן באַלד פאַרפּאַקן דעם שריפט און די דרוק־מכשירים און זיי איבערפירן אויף אַ כשרער דירה. דעם אַדרעס פון דער דירה האָט ער מיר טאַקע דאָ איבער־געגעבן צוזאַמען מיט אַ באַדייטנדיקער, לויט מיינע דעמאָלטיקע באַגריפן, סומע געלט — „אין פאַל איר וועט זיך נייטיקן אין דעם" — האָט ער צוגעגעבן.

ניט אַריינגייענדיק אין איבעריקע דעטאַלן, וועל איך דאָ צוגעבן, אַז מיר האָבן באַוויזן צו ליקווידירן די דרוקעריי אויסער־געוויינלעך שנעל. אפשר דערפאַר, וואָס דער אַדרעס, וואָס נאָום האָט מיטגעבראַכט האָט זיך געפונען ניט ווייט פון אונדזער דירה — אויף דער ערשטער טשעטשעלעווקע. די וווינונג גופא האָבן מיר אויסגערייניקט פון אַלץ, וואָס עס האָט געקענט דינען ווי אַ באַווייז, אַז דאָרט האָט זיך געפונען די אונטערערדישע דרוקעריי.

באַלד דערנאָך האָט דער קאָמיטעט באַשלאָסן, אַז מיכאַיל און זיין פרוי זאָלן פאַרלאָזן די שטאָט. וואָס שייך זייער יונגן חבר

„סאַשאַ דער דרוקער", האָבן די פּאָר איבערגעבליבענע מיטגלי־דער פון קאָמיטעט באַשלאָסן, אַז ער מוז נאָך בלייבן אין שטאָט אַ געוויסע צייט.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מיר אַן אַלטער באַקאַנטער, אַראָן בעליאַוואָסקי, אַ בוכבינדער, אַ מיטגליד פון קאָמיטעט און אַן אָנ־געזעענער טוער, וועלכער האָט געוווסט וועגן מיין פאַרבינדונג מיט די אומלעגאַלע דרוקערייען, געלאָזט וויסן, אַז אַן אינזשעניר מיטן נאָמען בודאַנאָוו וויל מיך זען. מיט דעם אינזשעניר האָב איך פריער זיך באַגעגנט נאָר איין מאָל, און דאָס אויך צופעליק. יעקאַ־טערינאַ גראָמאַן האָט איין מאָל, ווען דער אָריגינאַל פון אַ פּראָ־קלאַמאַציע האָט זיך שטאַרק פאַרשפּעטיקט און איך האָב אים ניט געקראָגן צו דער צייט, מיר געגעבן בודאַנאָווס אַדרעס און געבעטן צופאָרן צו אים אין קאַנטאָר. אונדזער באַגעגעניש איז געווען אַ קורצע. ווען מען האָט מיך אַריינגעפירט צו אים אין צימער, האָב איך אים געזאָגט, אַז יעקאַטערינאַ פּעטראָוונאַ (גראָמאַן) האָט מיך געשיקט צו אים נאָך אייניקע פּאַפּירן. ער האָט מיר באַלד געגעבן אַ קאָנווערט מיט דעם באַטרעפנדיקן מאַנוסקריפּט.

גייענדיק דאָס מאָל צו אים האָב איך שוין געוווסט, אַז בודאָ־נאָוו איז דער אויטאָר פון דעם גרעסטן טייל פּראָקלאַמאַציעס, וואָס מיר האָבן אָפּגעדרוקט נאָך די אַרעסטן פון 16טן יאַנואַר (1902). לויט דעם גרויסאַרטיקן פּלאַץ ווו ער האָט מיך אויפגענומען האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דער רעוואָלוציאָנער פאַרנעמט אַן אָנגעזעענעם אַמט אין דער צענטראַלער פאַרוואַלטונג פון דער יעקאַטערינסקי אייזנבאַן־ליניע, וואָס איז שוין דעמאָלט געווען איינע פון די גרעס־טע און וויכטיקסטע באַן־סיסטעמען אין רוסלאַנד. פאַרנדיק צו אים בין איך געווען זיכער, אַז ער געדענקט מיך ניט און האָט ניט דעם מינדסטן פאַרדאַכט וועגן מיין אַרבעט אין די אומלעגאַלע דרוקערייען.

די בקשה צו באַגעגענען זיך מיט אים האָט דעריבער מיך איבערראַשט. די איבערראַשונג איז אָבער פאַרשווונדן, ווען ער האָט מיך באַגעגנט ווי אַן אַלטן באַקאַנטן. עס האָט זיך אַרויסגע־וויזן, אַז ער קען מיך גוט פון דעם, וואָס מאַדאַם גראָמאַן האָט

אים דערציילט וועגן מיר, און אויך פון דעם, וואָס די נאָר וואָס אַרעסטירטע מאַדאַם האַלבערשטאַדט, זייענדיק זיכער, אַז מען וועט זי באַלד אַרעסטירן, האָט אים דערציילט אַ פּאָר ווערטער פאַר איר אַרעסט. זי האָט איבערגעגעבן בודאַנאָוון אַלע אַדרעסן, פּאַראָלן און „שליסלען" צו שיפרירטע בריוו. זי האָט דאָס אַלץ אים איבערגעגעבן, ווייל פון אַלע אָנגעזעענע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע טוער פון יענער תקופה, איז ער געווען אַמבעסטן פאַרקאָנספּירירט — איז שוין לאַנג ניט אַקטיוו אין די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס, שטייט אין אַ זייט פון די פּראָפּאַגאַנדע־קרייזלעך און אַפילו ניט אַלע מיטגלידער פון קאָמיטעט האָבן געוווסט, אַז ער איז אַן אַקטיווער מיטגליד פון דער פּאַרטיי. ער האָט געהאַט נאָך אַ מעלה: די זשאַנדאַרן זיינען, ווי עס שיינט, געווען אַזוי זיכער, אַז ער האָט אויפגעגעבן זיין אַמאָליקע פּאַרטיי־טעטיקייט, אַז זיי האָבן אין פאַרלויף פון עטלעכע יאָר אים געלאָזט צו רו הן אין יעקאַטערינאָסלאַוו און הן אין זיין געבוירנשטאָט כאַרקאָוו, ווו ער האָט צום ערשטן מאָל (מיט פינף יאָר צוריק) פאַרזוכט דעם טעם פון טורמע.

בודאַנאָוו האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט געבעטן דעם חבר „אַראָן" (בעליאַווסקי), אַז ער זאָל ביי מיר פּועלן צו בלייבן נאָך אַ קורצע צייט אין שטאָט. ער גלייבט, אַז הגם מיר האָבן שוין אין דער אָרגאַניזאַציע נאָך עטלעכע גוטע שריפטזעצער, גלייבט ער ניט, אַז צווישן זיי געפינט זיך עמעצער, וואָס האָט מיין דערפאַרונג אין דער ספּעציעלער אַרבעט פון איינאָרדענען און אָנפירן מיט אַן אונטערערדישער דרוקעריי. דערצו נייטיקט זיך דער קאָמיטעט אין מיין הילף ביים צוקלייבן מענטשן, וועלכע קענען זיך צופּאַסן צו די ספּעציפישע באַדינגונגען פון דער שטאַרק פאַרקאָנספּירירטער אַרבעט אין אַזאַ טיפּאָגראַפיע. ער האָט צוגעגעבן, אַז זיי האָבן איין קאַנדידאַט, וואָס ווייזט אויס צו זיין גוט צוגעפּאַסט פאַר אַזאַ אַרבעט. ער איז אַן אַלטער פּאַרטיי־טוער, וואָס האָט דורכגעמאַכט אַ גוטע שולע אין די אָרגאַניזאַציעס פון „בונד". פון פאַך איז ער אַ שניידער, און איז אַ נייער מענטש אין דער יעקאַטערינאָסלאַווער אָרגאַניזאַציע. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו טאָן

געוויינלעכע אַרבעט ווי אַ פּאַרטיי־אָרגאַניזאַטאָר. ער מיינט, אַז ער קאָן זיין ניצלעכער אין אַן אומלעגאַלער דרוקעריי. די חברים ווילן, אַז איר, סאַשאַ, זאָלט זיך מיט אים באַגעגענען — האָט בודאַנאָוו צוגעגעבן.

דער קאַנדידאַט האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַ מענטש מיט אַ באַדייטנדיקן רעוואָלוציאָנערן סטאַזש: געזעסן עטלעכע מאָל אין טורמע, געווען פאַרשיקט אין סיביר, און לויט מיינע דעמאָל־טיקע באַגריפן, שוין גיט קיין יונגערמאַן (פאַקטיש איז ער געווען ניט עלטער ווי 35—36 יאָר). ער איז מיר געפעלן געוואָרן. ער איז צוגעפּאַסט, האָב איך געטראַכט, צו דער ראָל פון אַ יידישן אייגנ־טימער פון אַ שניידער־געוועלב אין אַ קריסטלעכער געגנט. אַראָן בעליאַווסקי, וועלכער האָט מיך צוזאַמענגעפירט מיט דעם גאַסט, האָט פאַרזיכערט, אַז ער האָט שוין אויסגעפונען אַ פּאַסנדיקע געגנט פאַר אַזאַ שניידער־„געוועלב". עס איז אָבער געבליבן אָפן די פראַגע פון געפינען אַ באַלעבאָסטע. דאָ האָט זיך אַריינגעמישט דער קאַנדידאַט אַליין און געזאָגט, אַז ער האָט פאַר אונדז אַן אידעאַלע קאַנדידאַטקע. זי איז אַ זאָקנמאַכערין, וועלכע געפינט זיך איצט אין איר געבוירנשטאָט האָמעל. זי איז שוין עטלעכע יאָר אַקטיוו אין דער דאָרטיקער פּאַרטיי־אַרבעט. זי איז זייער פּאָפּולער צווישן די אַרבעטער און געניסט פון פולן צוטרוי מצד דער בונדישער אינטעליגענץ.

ביי דער צווייטער באַגעגעניש מיט בודאַנאָוון האָט דער אינ־זשעניר מיר געראָטן צופאָרן קיין האָמעל און אויספאָרשן וואָס פאַר אַ מענטש זי איז, און אויב זי פּאַסט פאַר אַזאַ אַרבעט, פועלן ביי איר, אַז זי זאָל אָננעמען דעם אָנבאָט פון דער יעקאַטערינאָ־סלאַווער אָרגאַניזאַציע.

## איך פאָר קיין האָמעל „אָנקוקן אַ כלה"

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָבן איך זיך ווידער באַגעגנט מיט אַראָן בעליאַווסקי און אים געזאָגט, אַז איך בין גרייט צו פאָרן קיין האָמעל. אַראָן האָט מיך באַזאָרגט מיט די נייטיקע רעקאָמענ־

דאַציעס צו די דאָרטיקע בונדישע טוער און מיר געגעבן געגוג געלט אויף דער רייזע הין און צוריק. ביי אָט דער באַגעגעניש האָב איך זיך אויך דערוווּסט, אַז דאָס פּראָבלעם פון אַ שריפט־זעצער ווייזט אויס צו זיין דערליידיקט. ער איז אַ פּראָפעסיאָנעלער טיפּאָגראַף, איז געווען אַרעסטירט אין וויטעבסק, געזעסן אַ לענ־געךע צייט אין מאָסקווער טורמע, געווען פאַרשיקט אין סיביר און פון דאָרטן אַנטלאָפן. מיט איניקע טעג צוריק איז ער אָנגעקומען אַהער. דער זעצער האָט מיטגעבראַכט גוטע רעקאָמענדאַציעס און איז אויסגעדריקט דעם פאַרלאַנג צו אַרבעטן אין אַ געהיימער דרוקעריי.

ווען אַראָן בעליאַווסקי האָט זיך דערוווּסט, אַז איך קום איצט אין דער צענטראַלער פּאַרטיי־„יאַווקע״, האָט ער געבעטן דעם סיבירער גאַסט, אַז ער זאָל אויך קומען אַהין אומגעפער אַ האַלבע שעה נאָך דער צייט וואָס ער האָט באַשטימט פאַר מיר. ער, בעל־יאַווסקי, מיינט, אַז ס׳וועט ניט שאַטן, ווען איך זאָל זיך באַקענען מיט דעם זעצער און זען וואָס פאַר אַן איינדרוק ער וועט מאַכן אויף מיר. ער דאַרף אָבער ניט וויסן ווער איך בין און מיט וואָס איך באַשעפטיק זיך.

עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז מען דאַרף אונדז ניט פאָרשטעלן, מיר קענען זיך שוין אַ פּאָר יאָר, נאָך פון ווילנע, ווו מיר האָבן ביידע געאַרבעט אין סירקינס גרויסער רוסיש־יידישער דרוקעריי, ווו עס האָט אין יענע יאָרן אויך געאַרבעט זיין עלטע־רער ברודער, מאַרק קאָמערמאַכער, דער זעלבער, וועלכער איז ערב דער ערשטער רעוואָלוציע פון 1905 געווען אַרעסטירט ווי איינער פון די באַוווּסטע פירער פון דעם (אַלרוסישן) פאַרבאַנד פון טיפּאָ־ליטאָגראַפישע אַרבעטער, אונטער דעם פּסעוודאָנים מאַרק קעפּאַלי. די באַגעגעניש האָט מיך שטאַרק דערפרייט. איך האָב וועגן זיין אַרעסט געלייענט אין דער בונדישער צייטונג. גע־וווּסט, אַז ער איז פאַרשיקט קיין סיביר, און עס איז געווען אָנגענעם צו וויסן, אַז אויך פון די ווייטע אייז־קאַלטע ווילדענישן פון צפון־מזרח־סיביר קען אַ טיפּיש יידישער בחור ווי וואָלף קאָ־מערמאַכער, אַנטלויפן. מיין פרייד האָט זיך נאָר מער פאַרשטאַרקט, ווען איך האָב זיך דערמאָנט, אַז מיט קאָמערמאַכערס קומען וועט

די נייע דרוקעריי האָבן אַ קוואַליפיצירטן זעצער, וואָס איז אויך אַן אויסגעפּרוווטער רעוואָלוציאָנער און סאָציאַל־דעמאָקראַט. איך האָב נאָך אַלץ געלעבט מיט דער אילוזיע, אַז די פּאַרטיי וועט מיך דאָס מאָל באַפרייען פון דער אַרבעט, ווו איך בין שטאַרק איזאָלירט פון מיינע יוגנט־חברים.

*

אָנקומענדיק קיין האָמעל בין איך אַוועק אויף דעם אַדרעס פון דער בונדישער „יאַווקע", ווו מען האָט מיך פאַרבונדן מיט אַן אָנגעזעענעם פּאַרטיי־טוער. רעדנדיק מיט אים האָב איך זיך איבערצייגט, אַז דער האָמלער שניידער „איסאַק טשאַרני", האָט ניט איבערגעטריבן די מעלות פון זיין קאַנדידאַטקע. זי איז באַקאַנט ווי אַן ערנסטע איבערגעגעבענע פּאַרטיי־טוערין, אַ געלאַסענע און פאַרזיכטיקע. צו דער אַרבעט, וואָס מיר ווילן זי באַשטימען, איז זי אַן אידעאַלער אויסוואַל — האָט ער פאַרזיכערט.

דער דערמאָנטער האָמלער חבר האָט איר אָנגעזאָגט וועגן אַ וויזיט פון אַ פּאַרטיי־שליח אונטערצוהאַנדלען וועגן אַ וויכטיקן ענין, אַ שליח, וועמענס פּאַפּירן זיינען אין אָרדענונג. זי האָט מיך אויסגעהערט אויפמערקזאַם און געזאָגט, אַז זי וועט געבן איר ענטפער אין אַ טאָג־צוויי אַרום. ביי דער צווייטער באַגעגעניש האָט זי מיר דערקלערט, אַז דער פּלאַן געפעלט איר. זי האָט שוין לאַנג געטראַכט וועגן אַזאַ אַרבעט. זי האַלט, אַז ביי דער דאָזיקער אַרבעט קען זי זיין ניצלעכער ווי ביי אַן אַנדערער פּאַרטיי־אַרבעט. אָבער עס איז דאָ אין דעם פּלאַן איין פּונקט, וואָס שרעקט זי. גענוי וועלכער פּונקט? איך זע אויס אַזוי יונג, האָט זי געזאָגט, אַז זי גלייבט קוים, אַז איך וועל זי פאַרשטיין. „איסאַק טשאַרני", וועלכער האָט זי רעקאָמענדירט אויף דער אַרבעט און דאַרף זיין איר פיקטיווער מאַן, איז אין איר פאַרליבט שוין פיל יאָרן. זי אַליין איז אָבער געווען גלייכגילטיק צו אים און האָט איר מיינונג וועגן אים ניט געביטן. אין די ספּעציפישע באַדינגונגען פון אַן אומלעגאַלער דרוקעריי, ווו עס קומט אויס צו לעבן איזאָלירט פון אַנדערע מענטשן, איז אַזאַ קאָמבינאַציע געפער־

לעך. עס קען לייכט אויפרייסן די גאַנצע דרוקעריי, ווי גוט זי זאָל ניט אַרבעטן און ווי נייטיק איר אַרבעט זאָל ניט זיין...

אויף מיר, דעם 17יאָריקן בחור, האָבן די דאָזיקע אַרגומענטן ניט געמאַכט דעם איינדרוק, וואָס זי האָט געהאַט דאָס רעכט צו דערוואַרטן. מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז מאַניע איז איינע פון יענע פרויען, וואָס קענען האַלטן אין צוים אַ פיקטיוון מאַן אַזוי לאַנג ווי זי וועט נאָר דאָס וועלן. איך האָב איר טאַקע דאָס געזאָגט. דאָס געשפּרעך האָט זיך געענדיקט מיט איר צושטימונג צו פאָרן קיין יעקאַטערינאָסלאַוו און דאָרט, נאָך אַ געשפּרעך מיט איסאַקן, באַשטימען ווי צו האַנדלען. איך האָב איר געגעבן די נייטיקע אַדרעסן און די נייטיקע סומע געלט אויפן וועג. אַליין בין איך געפאָרן ווייטער — קיין ווילנע, ווו איך האָב געהאָפט צו באַקומען אַ פּעקל ריינע, ניט גענוצטע, פּאַספּאָרט־בלאַנקעטן און שטעמפּלען פון סטאַראָסטעס פאַר די פּאַספּאָרטן. פון דאָרט האָב איך געדאַרפט פאָרן קיין פּאָלטאַווע ווו איך האָב געזאָלט איבערלאָזן אַ טייל פון דער ווילנער „סחורה". צוריקגעקומען קיין יעקאַטערינאָסלאַוו בין איך ערשטע אין צוויי־דריי וואָכן אַרום.

דאָ האָט מיך דערוואַרט אַ סורפּריז. די נייע דרוקעריי פונקציאָנירט, נאָר אָן דעם ערשטן קאַנדידאַט איסאַק דער שוואַרצער, וועלכער האָט זיך געמוזט אָפּזאָגן פון זיין פּלאַן. נאָך זייער באַגעגעניש האָט מלכה די זאָקנמאַכערין, די האָמלער כלה, וואָס איך האָב אים געבראַכט, אָפּגעזאָגט זיך צו גיין מיט אים אין דער דרוקעריי. צום גליק האָט זיך דאָרט געפונען אַ צווייטער קאַנדידאַט, אויך אַן אַנטלאָפענער פון סיביר און אויך אַ שניידער... דער קאַנדידאַט איז געווען יוסף לעווינסאָן פון מינסק. ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווסט, האָט לעווינסאָן געהאַט פאַר זיין רבין אַ באַוווסטן אין יענע יאָרן אַלטן נאַראָדניק יעפּים, וועלכער האָט זיך שפּעטער אָנגעשלאָסן אין דער ניי־געגרינדעטער פּאַרטיי „סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן". לעווינסאָנען האָט אַראָפּגעבראַכט קיין יעקאַטערינאָסלאַוו איינער פון די פירער פון דער נייער פּאַרטיי, אַלטאָווסקי. ער האָט געהאַט בדעה אויסצונוצן דעם מינסקער שניידער ווי אַ באַלעבאָס פון זייער פּאַרטיי־דרוקעריי. דאָס איז,

אַגב, געווען די ערשטע דרוקעריי, וואָס די „עסערן" האָבן פּרובירט איינאָרדענען אין יעקאַטערינאָסלאַוו. לעווינסאָן איז אָבער פון דער דרוקעריי באַלד אַוועק. געלאָזט וויסן אַלטאָווסקין, אַז ער קען מיט דער פרוי דאָרט ניט אַרבעטן, זי איז צו לייכטזיניק, ניט גענוג קאָנספּיראַטיוו, לויפט אַרום אין שטאָט מיט באַקאַנטע חברים, באַגעגנט זיך מיט זיי אויף דער בירזשע, ווו עס געפינען זיך אָפט מער שפּיאָנען ווי „אויפגעקלערטע חברים". און אַזוי ווי אַלטאָווסקי האָט געוווסט, אַז די עסדעקן זוכן אַ מענטש פאַר זייער דרוקעריי, האָט ער אָנגעבאָטן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן אויסצולייען זיי אויף עטלעכע חדשים זייערס אַ מענטש, לעווינסאָנען.

מיט דעם נייעם „מאַן" פון דער האָמלער זאָקנמאַכערין איז אונדזער קאָמיטעט געווען צופרידן. מיט אים זיינען צו ערשט אויך געווען צופרידן די אַנדערע טעכניקער — מאַניע רימער פון האָמעל און וואָלף קאָמערמאַכער פון ווילנע און וויטעבסק. איך בין אוודאי געווען צופרידן — געהאַט אַ מעגלעכקייט צוריקקערן זיך צו נאָרמאַלער פּאַרטיי־ און דרוק־אַרבעט און אויך פאַרצו־זעצן מיינע איבערגעריסענע פּלענער פון אַ מער סיסטעמאַטישער בילדונג. קוים אָבער האָב איך באַוויזן צו רעאַליזירן אַ טייל פון די פּלענער, ווי מען האָט מיר געלאָזט וויסן, אַז אין דער דרוקעריי איז אויסגעבראָכן אַ נייער קריזיס. די סיבירער פּליטים קענען ניט אויסקומען צווישן זיך. דער שניידער לעווינסאָן און זיין „געזעל" קאָמערמאַכער האַלטן אין איין אַרומקריגן זיך. נאָך אַ געשפּרעך מיט דער באַלעבאָסטע און מיט די צוויי מענער, האָט דער קאָמיטעט באַשלאָסן אַרויסנעמען פון דער דרוקעריי קאָמערמאַכערן און אויף זיין פּלאַץ מאָביליזירן דעם „אַלטן שריפטזעצער". מיט מיינע אויסזעצונגען האָבן די חברים ניט געוואָלט זיך רעכענען. זיי האָבן מיר פאַרזיכערט, אַז זיי וועלן אין גיכן געפינען אַן אַנדערן אויף מיין פּלאַץ און מיין איצטיקע מאָביליזאַציע וועט ניט לאַנג דויערן. דער „ניט לאַנג" האָט פאַקטיש געדויערט מער ווי אַ יאָר צייט.

וואָס שייך קאָמערמאַכערן האָט מען אים צוזאַמענגעפירט מיט אַ פאַרטרעטער פון זשורנאַל „יוזשני ראַבאָטשי", אַראָן גינזבורג, וועלכער איז שפּעטער באַקאַנט געוואָרן איבער גאַנץ רוסלאַנד ווי

אַן עקאָנאָמיסט אונטער דעם פּען־נאָמען „נאַומאָוו". נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, און נאָך דעם ווי די גאַנצע עקאָ־נאָמישע סטרוקטור פון לאַנד איז, אונטערן דרוק פון לעונינס מיליטערישן קאָמוניזם, אין גאַנצן צעשטערט געוואָרן, האָט די לענין־רעגירונג איינגעלאַדן נאַומאָוו־גינזבורגן, וולאַדימיר גראָ־מאַנען, וואָלסקי־וואַלענטינאָוון און אַ צאָל אַנדערע עקאָנאָמיסטן פון דער מענשעוויסטישער פּאַרטיי צו העלפן אויפלעבן די רוינירטע אינדוסטריע, זי פּלאַנירן און רעגולירן — אַן אַרבעט, וואָס זיי האָבן אָנגעפירט אונטער גראָמאַנס פירערשאַפט אין פאַרלויף פון עטלעכע יאָר — ביז די פינצטערע יאָרן פון סטאַלינס „רייניקונ־גען", ווען זיי זיינען כמעט אַלע ליקווידירט געוואָרן, אַלע אַחוץ איינעם וואָלסקי־וואַלענטינאָוו, אפשר דעם טאַלאַנטפולסטן פון זיי, וועלכער האָט זיך באַצייטנס געראַטעוועט פון סטאַלינס קוילן און זיך באַזעצט מיט זיין פרוי צו ערשט אין דער שווייץ און דערנאָך אין פּאַריז, וווּ ער האָט זיך געשאַפן אַ גרויסן נאָמען ווי אַ טאַלאַנ־טירטער פּובליציסט און אַ מענשעוויסטישער שריפטשטעלער (ער איז געווען טעטיק ביזן טיפן עלטער פון קנאַפּע 90 יאָר).

ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, האָט גינזבורג־נאַומאָוו אין יענער צייט (סוף יאָר 1902) געהאַלטן אין אָרגאַניזירן אַ נייע טיפּאָגראַפיע פאַר דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן זשורנאַל "יוזשני ראַבאָטשי" און האָט זיך געניטיקט אין אַ שריפטזעצער, האָט ער אַריינגענומען קאָמערמאַכערן אין דער דרוקעריי. אין אָט דער דרוקעריי, אין דער שטאָט אומאַן, האָט מען קאָמערמאַכערן אַרעס־טירט צוזאַמען מיט פיר אַנדערע חברים. צווישן זיי: יאַקאָוו און ראַזאַ נאָוואַקאָווסקי, אַנאַ יאָקלין און איר ברודער מ. יאָקלין. אַרעסטירט האָט מען זיי אין דער וווינונג פון אַן אָרטיקן לערער אין אַ יידישער „קאַזיאָנער" מלוכה־שולע, אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט, סאָלאָמאָן מאַגין. דער לעצטער איז אין יאָרן אַרום, נאָך לאַנגע וואַנדערונגען אין טורמעס און אין סיביר, געווען געצוווּנגען צו עמיגרירן קיין אַמעריקע, וווּ ער איז ביז זיין טויט, אין 1959, געווען אַקטיוו אין די אָנפירנדיקע קערפּערשאַפטן פון דער אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישער באַוועגונג פון ניו־יאָרק און אויך אין דער

ניו־יאָרקער גרופּע פון די רוסישע מענשעוויקעס, אין וועלכער ער איז אַ לענגערע צייט געווען דער פּאָרזיצער מיט מיר אַלס וויצע־פּאָרזיצער. די אַנדערע מיטגלידער פון קאָמיטעט זיינען געווען רפאל אַבראַמאָוויטש, סאַלאָמאָן שוואַרץ, באָריס ניקאָלאַיעווסקי, יורי פּ. דעניקע און פּראָפּ. מאַרק ווישניאַק.

און איצט וועגן מיין נייער אומלעגאַלער דרוקעריי. זי האָט זיך דאַן געפונען אויף דער פילאָזאָפישער גאַס, ניט ווייט פון דער גאַס, וואָס האָט אין יענע יאָרן געהייסן וואָיעננאַיאַ, און געפונען זיך נאָענט פון דער טורמע. די אַרבעט איז דאָ געגאַנגען גוט, אָן וועלכע עס איז ריי בונגען און קריגערייען, ביז עס איז געקומען די צייט ווען מיר האָבן זי געמוזט ליקווידירן. ניט, חלילה, ווייל איר האָט געדראָט אַן אַרעסט, נאָר ווייל די „עסערן" האָבן זיך דערמאָנט, אַז זיי האָבן אין דער עסדעקישער דרוקעריי אַ דערפאַ־רענעם אַרבעטער, אין דער צייט ווען זיי אַליין ניטיקן זיך אין אַזאַ אַרבעטער פאַר אַ נייער צענטראַלער דרוקעריי אין אָדעס. פאַר אונדז איז דאָס געווען אַ גרויסער פאַרלוסט, באַזונדערס ווען עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער, לעווינסאָן, פאַרלאָזט אונדז, ניט אַליין, נאָר צוזאַמען מיט זיין „פיקטיווער" פרוי מלכה, וועלכע האָט, אַגב, פאַר דער צייט געביטן איר פאַמיליע־סטאַטוס. זי איז שוין מער ניט געווען זיין פיקטיווע פרוי. זיי זיינען אַוועק פון אונדזער דרוקעריי ווי אַ גליקלעך ערשט פאַרהייראַט פאָרפאָלק. זיי האָבן נאָך דעם געאַרבעט אין עטלעכע אונטערערדישע דרוקע־רייען פון די עסערן, זיינען געזעסן אין די טורמעס פון אָדעס, יעקאַטערינאָסלאַוו, כאַרקאָוו און קיעוו. אין דער ערשטער טורמע האָבן זיי לעגאַליזירט זייער הייראַט, און אין דער קיעווער האָט זי געבוירן זייער ערשט קינד. מיטן קינד אויף די הענט איז זי דער־שינען פאַר אַן עפנטלעכן משפט, נאָך וועלכן מען האָט זייביידע פאַראורטיילט צו 4 יאָר פאַרשיקונג אין סיביר. פון סיביר האָט זיך זיי איינגעגעבן צו אַנטלויפן קיין אויסלאַנד. אין ניו־יאָרק זיינען זיי אָנגעקומען ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה. דאָ, אין אַמעריקע, האָט יוסף לעווינסאָן צוריקגעקערט זיך צו זיין אַלטן פאַך פון אַ שניידער און צוזאַמען מיט טויזנטער אַנדערע יידישע

און קריסטלעכע אַרבעטער אַנטדעקט אין סאָוועט־רוסלאַנד דעם לאַנג געגאַרטן סאָציאַליסטישן גן־עדן. געוואָרן אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און עטלעכע יאָר געלעבט מיט די קאָמוניסטישע אילוזיעס, אַז אין רוסלאַנד הערשט אַן אָרדענונג פון אמתער פרייהייט, גלייכהייט, יושר און גערעכטיקייט, — אילוזיעס, פון וועלכע דער סטאַלין־היטלער־פּאַקט האָט זיי סוף־כל־סוף כמעט אַלע אויסגעהיילט...

דאָ האָבן זיי געלעבט אָרעם, אָבער גליקלעך און באַוויזן צו געבן זייערע קינדער אַן אמת גוטע בילדונג. דאָ האָט לעווינסאָן נאָך זיין אַנטוישונג אין קאָמוניזם פאַרעפנטלעכט אַ ריי אינטערע־סאַנטע אַרטיקלען אין „פאָרווערטס" וועגן דער עוואָלוציע פון די אַמעריקאַנער קאָמוניסטן...

*

די ליקווידירונג פון דער יעקאַטערינאָסלאַווער דרוקעריי איז אַריבער אַזוי גלאַט און פאַרשלייערט, אַז עס האָט ניט איבערגע־לאָזט קיין שפּורן, אַז די אומלעגאַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע טיפּאָ־גראַפיע האָט דאָרט, אויף פילאָסאָווסקער גאַס, געאַרבעט. וויפל איך האָב שפּעטער ניט געזוכט שפּורן פון דער דרוקעריי אין דער גרויסער צאָל זכרונות פון סאָציאַל־דעמאָקראַטישע טוער פון יענער צייט, האָב איך אין ערגעץ ניט געפונען קיין אָנדייטונג וועגן דעם פלאַץ ווו די דרוקעריי האָט געאַרבעט, אָדער אויף די מענטשן, וועלכע זיינען געווען פאַרבונדן מיט איר. איך האָב דאָס אויך ניט געפונען אין דניעפּראָפּעטראָווסקער „מוזיי פון רעוואָלוציע", וועלכן איך האָב באַזוכט אין סעפּטעמבער 1934, בשעת מיין באַזוך אין דער אינטערעסאַנטער אינסטיטוציע אויף לעניגסקי־פּראָספּעקט. אויך איז ניטאָ קיין אָנדייטונג וועגן דעם צווישן די מאַטעריאַלן און דאָקומענטן פון דער צאַרישער אָכראַנע, וועלכע זיינען נאָך דער רעוואָלוציע אָפּגעדרוקט געוואָרן פון דעם סאָוועטישן „איסטפּאַרט" אין יעקאַטערינאָסלאַוו. צו די דאָזיקע מאַטעריאַלן האָף איך צוריק־קערן זיך ביי אַן אַנדער געלעגנהייט. דערווייל וויל איך בלויז באַמערקן, אַז איך האָב דאָרט ניט געפונען די אַדרעסן פון די דרו־

קערייען און קאָנספּיראַטיווע דירות, אין וועלכע מיר איז אויס־געקומען צו אַרבעטן.

*

ווען דער קאָמיטעט האָט זיך דערוווּסט, אַז די לעווינסאָנס קלייבן זיך צו פאַרלאָזן אונדזער דרוקעריי, האָט ער פּרובירט צו־גרייטן פּאַסיקע יורשים. טעלעגראַמעס פון ראָסטאָוו־דאָן האָבן געלאָזט וויסן, אַז דאָרט האָט אויסגעבראָכן אַ גרויסער שטרייק, באַגלייט פון ריזיקע מאַסן־מיטינגען און פּאָליטישע דעמאָנסטראַ־ציע, וועלכע האַלטן אָן שוין עטלעכע טעג. אונדזער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן אַרויסלאָזן ספּעציעלע פּראָקלאַמאַציעס, אָבער קיין דרו־קעריי האָבן מיר ניט געהאַט. עס איז אויפגעשווומען די געפאַר, אַז מען וועט זיי דאַרפן דרוקן אויף אַ העקטאָגראַף. איז ניט געבליבן קיין אַנדער אויסוועג ווי נעמען דעם מאַנוסקריפּט פון דער פּראָ־קלאַמאַציע און פּרובירן זי אויסזעצן און אָפּדרוקן אין דעם צייט־ווייליקן צימער, אין וועלכן איך האָב זיך איינגעאָרדנט צוזאַמען מיט דעם פאַרפּאַקטן שריפט און דרוק־מאַטעריאַלן. עס איז ניט געווען קיין לייכטע אויפגאַבע, ווייל קיין קאַסע פאַר דער שריפט האָב איך ניט געהאַט (די לעווינסאָנס האָבן זי פאַרברענט איידער זיי האָבן פאַרלאָזן זייער דירה). די ערשטע אויפגאַבע האָט זיך מיר ווי עס איז איינגעגעבן. כ׳האָב פאַרשפּרייט עטלעכע צייטונגען אויפן דיוואַן און מיט אַ שוואַרצן בלייפעדער אָנגעצייכנט אויף דער צייטונג אַ שריפט־קאַסע, אויסגעלייגט אין די קלעטקעס באַשטימטע, גאַנץ קליינע, טיילן פון דעם מיטגעבראַכטן שריפט און גענומען אויסזעצן דעם מאַנוסקריפּט אין טייל נאָך אַ צווייטן.

ווען דער גאַנצער זאַץ איז געווען פאַרטיק און געשטאַנען אַ פאַרשלאָסענער אין דער אייזערנער ראַם, האָב איך זיך איבערצייגט, אַז אָן אַ געהילף וועט מיר נעמען אַ פּאָר טעג אָפּצוציען דעם מינימאַלן סכום פון 4 טויזנט. נו, האָב איך געמוזט אויף שנעל פאַרפּאַקן די דרוק־מכשירים, כדי די באַלעבאַטים פון דער וווינונג זאָלן ניט דערשמעקן מיט וואָס זייער סובלאָקאַטאָר באַשעפטיקט זיך, און בין אַרויס זוכן אַן אַרויסהעלפער. מיר האָט אָפּגעגליקט.

דער יונגער סטאָליער, וועלכן איך האָב געהאַט אין זינען ווי דעם ערשטן מעגלעכן קאַנדידאַט, איז געווען אין דער היים, ער איז ערשט געקומען פון דער אַרבעט. ער האָט זיך דערפילט געשמייכלט פון אָנבאָט און ער איז אַפילו גרייט געווען צו אַרבעטן אַ גאַנצע נאַכט. מיט זיין הילף איז די באַשטעלונג פּאַרטיק געוואָרן פאַר טאָג. האָבן מיר אַלץ ווידער פאַרפּאַקט אין אַ טשעמאָדאַן, אָפּגערוט זיך אַ פּאָר שעה און דערנאָך האָבן מיר מיט האַנטעכער אַרומגעבונדן אַרום קערפּער אַ באַשטימטע צאָל פּראָקלאַמאַציעס און נאָך צוויי שפּאַצירן צו דער קאָנספּיראַטיווער דירה איבערגעגעבן די פלוג־בלעטלעך צו די מענטשן, וועלכע האָבן דאָרט געוואַרט אויף זיי.

## אַ ניט געלונגענער זיווג

די נייע דרוקעריי, אין וועלכער אונדזער געהיימע לאַבאָראַ־טאָריע האָט זיך אַריינגעקליבן, איז געווען די פּערטע, לויט דעם צוזאַמענשטעל פון אירע באַלעבאַטים, און די זעקסטע — לויט דער צאָל אַדרעסן, אין וועלכע זי האָט זיך געפונען.

דער נייער באַלעבאָס, אויך אַ שניידער, און אויך אַ ייד מיט אַ שיינער בלאָנדער באָרד און אַ גוטן רעוואָלוציאָנערן סטאַזש, האָט שוין דאָן פאַרזוכט דעם טעם פון טורמעס. אין זיין געבוירן־שטאָט, קרעמענטשוג, האָט ער צווישן די אויפגעקלערטע אַרבעטער געהאַט די רעפּוטאַציע פון אַן אינטעליגענטן און ערלעכן אַרבעטער, אַן ענערגישן און מיט אַ גראָדן שכל, און אויך אויף די מיטגלידער פון קאָמיטעט, וועלכע האָבן אים צוזאַמענגעפירט מיט דעם יונגן טיפּאָגראַף, האָט דער נייער אַרבעטער מוניע קאַלטשינסקי געמאַכט אַ גוטן איינדרוק.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען אונדז צוזאַמענגעפירט מיט דער קאַנדידאַטקע אויף דער ראָל פון אַ פיקטיווער באַלעבאָסטע. זי איז פאַר דעם געווען די באַלעבאָסטע פון דער בונדישער גרענעץ־"יאַווקע" פאַר פאַרבינדונגען מיט די, וועלכע שמוגלען אַריין ליטעראַטור פון אויסלאַנד, אָדער זוכן אַ וועג אַריבערצוגיין די דייטש־רוסישע גרענעץ.

נאָך דער באַגעגעניש האָט מוניע אונדז דערקלערט, אַז די קאַנדידאַטקע געפעלט אים ניט. זי מאַכט ניט דעם איינדרוק פון אַן אינטעליגענטער פּערזאָן. זי איז אויך ניט קיין קלוגע אָדער שיינע. לעבן מיט איר אונטער איין דאַך אין אַ קליינער דירה פון צוויי־דריי צימערן, ווען מען איז איזאָלירט פון דער גאַנצער וועלט, זאָגט ניט צו קיין לאַנג לעבן דער דרוקעריי.

אָבער קיין אַנדערע, וואָס זאָל זיך קאָנען אַריינפּאַסן אין אַן אומלעגאַלער דרוקעריי, האָט דער קאָמיטעט ניט געהאַט.

נאָך לאַנגע דינגענישן האָט זיך איינגעגעבן צו פּועלן ביי דעם חבר קאַלטשינסקי ער זאָל בלייבן אויף אַ קורצער צייט ביז עס וועט זיך איינגעבן צו געפינען אַן אַנדער חברטע פּאַר אים.

(די האָפענונג איז געווען אַן אומזיסטע, קיין אַנדער באַלעבאָסטע האָט מען ניט געפונען. זייער צוזאַמענלעבן איז געווען פול מיט דראַמעס און מעלאָדראַמעס, אויך מיט אַ ניט געלונגענעם פּרווו צו באַגיין זעלבסטמאָרד — אָבער צו קיין גט איז ניט געקומען. די סיבה — קינדער זיינען געבוירן געוואָרן און קאַלטשינסקי האָט זי דערפּאַר ניט געקענט פאַרלאָזן).

די חברים האָבן נאָך פריער צוגעגרייט אַ פּאַסיקע דירה ערגעץ אויפן באַרג, אויף באַלניטשנע, אָדער סטאַראָגאַראָדנע גאַס, ניט ווייט פון סטעפּ. אַלץ וואָס עס האָט נאָך אויסגעפעלט איז געווען אַ זעצער. ער האָט געזאָלט אָנקומען אין אַ פּאָר טעג אַרום.

די אָרטיקע אָרגאַניזאַציע האָט אָבער ניט געקאָנט ווייטער וואַרטן, האָב איך צוגעשטימט אַרויסצוהעלפן ביז דער פּעטערבור־גער זעצער, וועלכער דאַרף שפּילן די ראָל פון אַ שניידער־געזעל, וועט אָנקומען.

דער איינציקער באַדינג, וואָס איך האָב זיך דערלויבט צו שטעלן איז געווען, אַז אַלע פאַרבינדונגען מיט דער אויסערלעכער וועלט זאָלן אָנהאַלטן די באַלעבאַטים — דער קרעמענטשוגער „שניי־דער" און זיין פיקטיווע פרוי. זיי זיינען נייע מענטשן אין שטאָט, און די עלעמענטאַרע געזעצן פון קאָנספּיראַציע פאָדערן, אַז איך זאָל בלייבן אין הויז און אויסמיידן די גאַסן ביז דער זעצער וועט אָנקומען.

אַזוי איז עס געבליבן.

קאַלטשינסקי איז, צו אַ פּאַרויס באַשטימטער צייט, צוגעפאָרן מיט אַ דראָזשקע צו מיין צייטווייליקער וווינונג אויף וואָיענער גאַס און מיט מיין הילף צוגענומען דעם טשעמאָדאַן מיט דעם איינגעפּאַקטן שריפט, מיט דעם דרוק־סטאַנאָק און אַלע אַנדערע נויטיקע „קלייניקייטן" פון אונדזער לאַבאָראַטאָריע.

פאַר מיין צימער האָב איך באַצאָלט פאַר נאָך אַ חודש פאָרויס און געזאָגט, אַז איך פאָר אַוועק צו גאַסט צו מיינע פריינד; איך וועל צוריקקומען אין אַ פּאָר וואָכן אַרום. אַ טייל פון וועג בין איך מיט־געפאָרן מיט מיין „באַגאַזש" דערנאָך אַרויס און געבליבן אויף אַ קאָנספּיראַטיווער דירה ביז שפּעט אין אָוונט, ווען איך בין אַוועק צום קרעמענטשוגער שניידער אַ היים.

דאָ בין איך שוין פאַרבליבן עטלעכע וואָכן ביז מען האָט אונדז געלאָזט וויסן אַז דער פּעטערבורגער זעצער, „סאָלאָמאָן", איז אָנגעקומען.

אין משך פון דער צייט האָב איך איינגעאָרדנט די דרוקעריי, אויסגעזעצט און אָפּגעדרוקט אַ פּאָר פּראָקלאַמאַציעס און באַקענט די באַלעבאַטים מיט אונדזער אַרבעט־טעכניק, און ניט בלויז זיי, נאָר אויך דעם פּראָפעסיאָנעלן זעצער. ער איז דאָך געווען אַ זעצער און ניט קיין דרוקער...*

## אין דער ראָסטאָווער דרוקעריי

די ראָסטאָווער סאָציאַלדעמאָקראַטן האָבן, ווי איך האָב שוין פריער דערמאָנט, דורכגעפירט מיט אַ פּאָר חדשים פאַר דעם אַ גרויסן שטרייק פון אייזנבאַן־אַרבעטער, וואָס האָט שוין פון צווייטן טאָג פאַרוואַנדלט זיך אין אַ ריזיקן פּאָליטישן מאַסן־מיטינג, צו וועלכן עס זיינען יעדן טאָג געקומען צענדליקער טויזנטער מענטשן פון אַלע עקן שטאָט און פון אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג.

* זע מוניע קאַלטשינסקיס זכרונות אונטערן טיטל „אין אומלעגאַלע דרוקע־רייען", אין רוסיש, אין מאָסקווער זשורנאַל „לעטאָפּיס רעוואָלוציי", 1928, באַנד 5, ז. 23.

די מיטינגען זיינען פאָרגעקומען אויף אַ גרויסן פעלד, וואָס האָט אין יענער צייט אָפּגעטיילט די שטאָט ראָסטאָוו פון דער פאָר־שטאָט טעמערניקי מיט איר גרויסער צאָל פאַבריק־ און באַן־אַרבעטער.

די מיטינגען האָבן אָנגעהאַלטן אַ גאַנצע וואָך און אַלע פּרוּוון פון דער פּאָליציי צו צעטרייבן די גראַנדיעזע פאַרזאַמלונגען און דעמאָנסטראַציעס זיינען דורכגעפאַלן. גרויסע מאַסן פּאָליציי און סאָלדאַטן האָבן פּרובירט פאַרמאַכן אַלע וועגן פון ראָסטאָוו צו טעמערניקי, נאָר אַפילו דאָס האָט ניט געהאָלפן.

דער עולם איז געווען אַזוי ביי־געריק צו הערן אַ פריי וואָרט, אַז זיי האָבן געפונען וועגן ווי דורכצוברעכן דעם „קאָרדאָן" פון דער פּאָליציי.

דערביי זיינען אָפט פאָרגעקומען דראַמאַטישע סצענעס. אַזוי איז געווען, ווען דער גראַדאָנאַטשאַלניק האָט באַפוילן צו שיסן, האָט דער פאָרזיצער פון מאַסן־מיטינג, אַן אַרבעטער פון די באַן־שעפּער, איוואַן סטאַווסקי, געגעבן אַ באַפעל צו שליסן ענגער די רייען פון דעם ריזיקן עולם און די סאָלדאַטן האָבן ניט געוואַגט צו שיסן און ניט געשאָסן. דער זייער טאַלאַנטירטער אָראַטאָר, אַלעקסאַנדער בראַגין (אמתער נאָמען: בראַזילאָווסקי), האָט פאָרגע־זעצט זיינע רעוואָלוציאָנערע רעדעס — קיין גלייכן צו וועלכע דער גרויסער עולם האָט קיין מאָל פריער ניט געהערט, ניט אין ראָס־טאָוו און ניט אַנדערשוו.

אַ צווייט מאָל, ווען אַן עסקאַדראָן סאָלדאַטן איז אָנגעקומען און געקראָגן אַ באַפעל צו פאַרטרייבן די בונטאָווטשיקעס מיט זייערע נאַגייקעס, האָט זיך דערהערט אַ געשריי פון אָראַטאָר:

„בראַטצי! לייגט זיך אויף דער ערד! די קאָזאַקן זיינען אויך מענטשן! זיי וועלן ניט וואַגן צו רייטן מיט זייערע פערד איבער אייערע קערפּערס!"...

און אַזוי איז טאַקע געווען.

די מאַסע האָט זיך אויסגעלייגט אויף דר׳ערד און די קאָזאַקן האָבן ניט געפאָלגט דעם באַפעל.

ערשט ווען די באַן־אַדמיניסטראַציע האָט נאָכגעגעבן די וויכ־

טיקסטע פאָדערונגען פון די שטרייקערס — האָט דער קאָמיטעט באַשלאָסן דעם שטרייק צוריקצורופן.

די רעדנער האָבן איבערגעגעבן דעם באַשלוס און דער עולם איז זיך לאַנגזאַם צעגאַנגען.

די רעדנער האָבן געזאָלט זיך אויסבאַהאַלטן און שפּעטער פאַר־לאָזן די שטאָט. דער הויפּט־רעדנער אָבער האָט דעם באַפעל ניט אויסגעפאָלגט.

בראַילאָווסקי איז גלייך פון דעם מאַסן־מיטינג אין טעמערניקי אַוועקגעפאָרן צו דער הויפּט־קוואַרטיר פון דער פּאָליציי — און מיט די ווערטער „איך בין בראַגין־בראַילאָווסקי", געלאָזט זיך אַרעסטירן, וויסנדיק אַז אים דערוואַרט קאַטאָרגע...

מיט יאָרן שפּעטער, ווען איך האָב זיך באַגעגנט מיט אים צו ערשט אין פּאַריז און דערנאָך אין ניו־יאָרק, האָט ער באַרעכטיקט זיך ניט־דיסציפּלינירטע האַנדלונג מיט דעם אויסרייד, אַז ער האָט געמוזט אַזוי האַנדלען. זאָלן די שונאים פון דער פרייהייט־באַוועגונג ניט זאָגן, אַז דער, וואָס האָט אַנדערע גערופן צום קאַמף קעגן דער צאַרישער זעלבסטהערשאַפט, האָט אַליין אויס־באַהאַלטן זיך פון שטראָף...

אגב האָט בראַגין געהאַט אַ ספּעציעלן מאָטיוו ניט צו אַנט־לויפן פון שטראָף.

„איך בין דאָך אַ ייד, אַ זון פון אַ קאַפּיטאַליסט, וועמען אַלע האָבן געקענט אין שטאָט", האָט ער געזאָגט, „זאָלן אונדזערע שונאים ניט האָבן קיין נייעם באַווייז, אַז יידן זיינען טרוסן"...

בראַילאָווסקי איז געשטאָרבן מיט עטלעכע יאָר צוריק אין ניו־יאָרק, ווו ער האָט געאַרבעט אין דער רוסישער צייטונג „נאָוואָ־יע רוסקאָיע סלאָוואָ", און געשריבן אויך אין אַנדערע רוסישע צייטונגען און זשורנאַלן.

*

נאָך דעם ווי איך האָב זיך געזעגנט מיט דעם קרעמענטשוגער שניידער און זיינע צוויי חברים אין דער נייער דרוקעריי, בין איך געווען גרייט צו פאַרלאָזן יעקאַטערינאָסלאַוו און באַזעצן זיך אין

כאַרקאָוו, אָדער אָדעס, ווו איך האָב געהאַט גוטע אויסזיכטן צו געפינען אַרבעט אין אַ לעגאַלער דרוקעריי.

עס איז אָבער ניט באַשערט געווען. די יעקאַטערינאָסלאַווער פירערשאַפט האָט מיר געלאָזט וויסן, אַז אַ פאַרטרעטער פון דעם ראָסטאָווער קאָמיטעט וויל מיך זען און אַז מען האָט איינגעאָרדנט פאַר מיר אַ טרעפעניש מיט אים.

ביי דער באַגעגעניש האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די ראָסטאָווער סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן פאַרלוירן זייער דרוקעריי און מוזן זיך איינשאַפן אַ נייע. זיי ווילן, אַז יעקאַטערינאָסלאַוו זאָל זיי אַרויסהעלפן.

וואָס דאַרפן זיי?

אַלץ — איז געווען דער ענטפער. זיי דאַרפן שריפט, אַ נייעם סטאַנאָק, פאַרב, אַלץ, אַחוץ פאַפיר. דאָס האָבן זיי גענוג.

מיט דער דערלויבעניש פון פאָרשטייער פון קאָמיטעט, וועלכער האָט געבראַכט דעם ראָסטאָווער גאַסט, האָב איך דערקלערט, אַז מיר האָבן אין רעזערוו שריפט, וואָס אונדזערע חברים־זעצערס אין דער גרויסער יאַקאָוולעוו־דרוקעריי — האָבן „עקספּראָפּרייִרט". מיר האָבן אויך אַ פאַרטיקן סטאַנאָק אין רעזערוו. מיט די זאַכן קאָנען מיר זיי אַרויסהעלפן — אויב דער קאָמיטעט וועט ניט האָבן קעגן דעם.

דער גאַסט האָט באַדאַנקט און צוגעגעבן, אַז דאָס איז אָבער ניט אַלץ. זיי אין ראָסטאָוו, האָבן אין דעם מאָמענט ניט קיין שריפטזעצער און אויך ניט קיין אַנדערע פאַסיקע מענטשן פאַר אַזאַ אינסטיטוציע, ווי אַן אומלעגאַלע דרוקעריי.

דער חבר, וואָס האָט ביי דער באַגעגעניש פאַרטראָטן דעם יעקאַטערינאָסלאַווער קאָמיטעט איז געווען מיין אַלטער פריינד נאַום איינבינדער, אַ שוסטער, וועטעראַן פון אונדזערע רוסישע קרייזלעך אין די גרויסע מעטאַל־פאַבריקן אין קיידאַקי, טשעטשעלעווקע און פאַבריטשנאַיאַ סלאָבאָדקאַ. האָט ער זיך אַריינגעמישט מיט דער איבעררעאַשנדיקער פאַר מיר דערקלערונג, אַז וואָס שייך אַ באַלעבאָס פאַר דער ראָסטאָווער דרוקעריי, איז ער, איינבינדער, גרייט אָנצונעמען דעם אַמט, ווייל ער מוז איצט סיי

ווי פֿאַרלאָזן יעקאַטערינאָסלאַוו. אים דראָט אַן אַרעסט. אָבער ער האָט צוגעגעבן אײן באַדינג: ער וועט פֿאָרן „אויב סאַשאַ", דאָ האָט ער אָנגעוויזן אויף מיר, „וועט מיטפֿאָרן".

נו, האָב איך שוין געמוזט צושטימען. כ'האָב ניט געקאָנט אָפּזאָגן דעם „זקן". דאָ האָט דער ראָסטאָווער שליח אויסגע־דריקט זײַן צופֿרידנקייט מיט אונדזער באַשלוס מיטצופֿאָרן מיט אים. אייננבינדער האָט אויף אים געמאַכט אַ גוטן אײַנדרוק מיט זײַן אויסזען פֿון אַ סאָלידן מעשטשאַנין, אַ מיטליאָריקן רוסישן קאָמיוואָיאַזשאָר, אויף וועלכן עס איז שווער צו גלייבן, אַז ער איז אַ רעוואָלוציאָנער.

דער שליח האָט, אגב, געוווּסט, אַז אייננבינדער, אַ ייִד, איז דער אָנערקענטער פּאַטריאַרך פֿון די רוסישע סאָציאַליסטן־אַר־בעטער אין אַלע דריי פֿאַבריק־ראַיאָנען.

וועגן מיר האָט ער שוין שוין פֿון דעם פֿריערדיקן געשפּרעך מיט די היגע טוער געהערט, ווי וועגן איינעם, וועמען די שפּיאָ־נען איגנאָרירן...

וואָס שייך אַ באַלעבאָסטע פֿאַר דער טעכניק, האָט דער ראָס־טאָווער שליח אַלעקסאַנדער לאָקערמאַן פֿאַרזיכערט, אַז וועגן דעם האָבן מיר נישט וואָס צו זאָרגן. זיי האָבן שוין אַ קאַנדידאַטקע, וועלכע איז לויט איר עלטער און אויסזען אַן אידעאַלע פּרוי (פֿיקטיווע, נאַטירלעך) פֿאַר דעם חבר נאָום...

לאַנג קלײַבן זיך איז אונדז ניט אויסגעקומען. אין אַ פּאָר טעג אַרום זײַנען מיר שוין געווען אויפֿן וועג קיין ראָסטאָוו. אי־בערגעלאָזן אונדזער באַגאַזש אויפֿן ראָסטאָווער וואָקזאַל, זײַנען מיר אַוועק אין דעם שטעטל נאַכיטשעוואַן, וואָס געפֿינט זיך לעבן ראָסטאָוו. מיר האָבן נאָכגעפֿאָלגט די אינסטרוקציעס פֿון חבר לאָקער־מאַן, וועלכער האָט אונדז געדאַרפֿט פֿאַרלאָזן, ווײַל מ'האָט אויף אים געוואַרט אין דער רעדאַקציע פֿון דער אָרטיקער טעגלעכער צײַטונג „דאָנסקאַיאַ רעטש", ווו ער, אַ טאַלאַנטירטער זשורנאַליסט, איז געווען איינער פֿון די וויכטיקסטע מיטאַרבעטער. אגב, איז דער צווייטער וויכטיקער מיטאַרבעטער אין יענער צײַטונג געווען דע־מאָלט אויך אַ מיטגליד פֿון שטאָטישן קאָמיטעט, איוואַן גוסעוו,

(אמתער נאָמען דראַפּקין), און אַ דריטער, וועלכער האָט דע־מאָלט פאַרנומען דעם אַמט פון סעקרעטאַר פון דער שטאָט־פאַר־וואַלטונג און געשריבן פאַר דער צייטונג. זיין פאַמיליע־נאָמען קען איך זיך ניט דערמאָנען, איך ווייס נאָר, אַז ער איז געווען לאָקער־מאַנס אַ שוואָגער און אַן אָנגעזעענער מיטגליד פון קאָמיטעט.

אויף דעם אַדרעס, וואָס לאָקערמאַן האָט אונדז געגעבן, האָט אונדז דערוואַרט אַן אומאָנגענעמער סורפּריז. די קאַנדידאַטקע פאַר דער ווירטין האָט אויף אונדז געמאַכט דעם איינדרוק ווי איינע וואָס איז ניט צוגעפּאַסט צו איר ראָל. מיר האָבן געוווסט, אַז לויטן פּלאַן פון די ראָסטאָווער חברים, וועט די דרוקעריי געפינען זיך אין אַ ראַיאָן, אין וועלכן די באַפעלקערונג איז באַשטאַנען כמעט אויסשליסלעך פון קריסטלעכע אַרבעטער, אָבער די קאַנ־דידאַטקע האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ טיפּיש יידישער אינ־טעליגענטקע... אַזאַ קאָמבינאַציע האָט אין קיין פאַל ניט געפּאַסט פאַר אַזאַ ראַיאָן... איך האָב באַשלאָסן צו שווייגן. נאָום אָבער האָט געהאַלטן, אַז ער מוז אָפן אַרויסזאָגן זיין מיינונג. גרויס איז געווען מיין איבערראַשונג, ווען די דאַמע האָט זיך ניט באַליידיקט. גע־זאָגט, אַז זי איז מסכים מיט דעם גאַסט. ווו נעמט מען אָבער אַן אַנדערע, מער פּאַסיקע קאַנדידאַטקע? דער באַלעבאָס פון דער דירה, ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווסט, איז געווען איינער פון די איינפלוסרייכסטע און אינטעליגענטסטע סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישע אַרבעטער אין דעם קאָמיטעט, זיין פאַרטיי־נאָמען איז גע־ווען „פּיאָטר“, און דער אמתער נאָמען כריסטאָפאָראָוו (אויב איך מאַך ניט קיין טעות), — האָט ניט אַרגומענטירט קעגן אונדזער מיינונג, ער האָט אָבער געוואָלט וויסן, אויב מיר האָבן אַן אַנדער קאַנדידאַטקע אויף איר פּלאַץ. דער „זקן“, איינבינדער, האָט גע־ענטפערט, אַז ער קאָן ניט געבן קיין ענדגילטיקן ענטפער אויף דער פראַגע, ער האָט מיט דער חברטע, וואָס ער האָט אין זינען, וועגן דעם נאָך ניט גערעדט. „נאָר אויב סאַשאַ“, אָנווייזנדיק אויף מיר, „וועט פאָרן קיין יעקאַטערינאָסלאַוו, וועט ער אפשר צוריק־קומען מיט איר, מיט דער חברטע. וועראַ זשוראָווסקאַיאַ, וועמען ער קען גאַנץ גוט, אָדער מיט אַן אַנדער פּאַסיקער קאַנדידאַטקע. —

אויב וועראַ וועט זיך אָפּזאָגן..." דעם נאָמען האָב איך ניט דער־וואָרט. קענענדיק זי שוין עטלעכע יאָר, האָב איך זיך שטאַרק דערפרייט.

זי האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן פאַר אַן אידעאַלער באַלע־באָסטע — ביז דעם גורלפולן טאָג אין פיר חדשים אַרום, ווען עס איז אָנגעקומען אַ באַפעל צו פאַרלאָזן די דרוקעריי. דעם באַפעל האָט אונדז געבראַכט די לעגענדאַרע ראַסטאָווער זקנה, כריסטאָפאָראָווס מוטער. זי, די 70יאָריקע פרוי, האָט אונדז גע־בראַכט אַ באַפעל פון איר זון צו פאַרפּאַקן זיך, ווייל פּיאָטר האָט געזאָגט, אַז נעבן אונדזער הויז דרייט זיך אַרום אַ שפּיאָן. זי האָט אונדז איבערגעגעבן אַן אַדרעס וווּהין מען מוז איבערטראָגן די דרוקעריי צוזאַמען מיט אַלע מכשירים וואָס שטעלן צוזאַמען די דרוקעריי. איינצייטיק האָט זי אונדז איבערגעגעבן די אַדרעסן פון די דירות ווו מיר וועלן פאַרברענגען צייטווייליק, ביז דער אַליאַרם וועט זיך איינשטילן און מיר וועלן קענען פאַרלאָזן די שטאָט. פאַרן אַוועקגיין פון אונדזער וווינונג, האָט די האַלב־גראַ־מאָטנע אָבער זייער קלוגע זקנה פאָרגעשלאָגן, אַז מיר זאָלן איר געבן אַ טייל פון דעם, וואָס מען דאַרף ראַטעווען אין דער ערש־טער ריי, און געבעטן ניט מורא האָבן — „מיך וועט קיינער ניט פאַרדעכטיקן"... זי איז זיכער, אַז זי וועט דערטראָגן בשלום ווו־הין מען דאַרף און קומען אַהין אָן אַ פּאָליציייִשן ווײדל... און זי האָט געהאַלטן וואָרט.

ווען איך בין אין אַ שעה אַרום געקומען אין דער קאָנספּי־ראַטיווער דירה, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די ליבע זקנה איז שוין דאָרט געווען און איבערגעלאָזט דעם טייל שריפט, וואָס מיר האָבן איר מיטגעגעבן און אויך אַ טייל פון די אָפּגעדרוקטע פלוג־בלעטלעך, וואָס זי האָט מיטגענומען. ביים פאַרלאָזן די דירה האָט זי אָנגעזאָגט די באַלעבאַטים און דעם „דינסטמיידל" פון דער קאָנספּיראַטיווער וווינונג וועגן מיין אָנקומען.

ווען איך האָב זיך אויפגעהויבן אויף דעם הויכן גאַניק, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מען דאַרף ניט קלינגען. זיי האָבן געוואַרט אויף מיר. „אויסגעשפּאַנט", ד. ה. פונאַנדערגעוויקלט און אַרונ־

טערגענומען די שטאָלענע ראַם מיט דעם אויסגעזעצטן און טייל־
ווייז אָפּגעדרוקטן פלוגבלעטל, האָבן זיי מיך איינגעלאַדן אויס־
צוטאָן דעם מאַנטל, וואָס האָט פאַרדעקט פון אויבן מיין
שטאַרק „געשוואָלענעם" בויך. איך האָב זיך אַנטשולדיקט. גע־
זאָגט, אַז מען וואַרט אויף מיר אויף דער אַלטער דירה, און צוגע־
געבן, אַז אויב אַלץ וועט דורכגיין בשלום, וועל איך צוריקקומען
מיט דעם נייעם, לעצטן פּעקל. גייענדיק לאַנגזאַם, בין איך פאַר־
בייגעגאַנגען אונדזער וווינונג, אַ קוק געטאָן אין די פענצטער,
וואָס זיינען אַרויס אין גאַס, האָב איך ניט באַמערקט דעם וואָרע־
נונגס־צייכן, וואָס האָט געזאָלט, לויט אונדזער פאַרשטענדיקונג,
געפינען זיך ביים פענצטער, אויב די פּאָליציי איז דאָרט. און בין
דאָך אַוועק ווייטער, אַרומגעקרייזט נאָך אַ מאָל דעם קוואַרטאַל
און ווען קיין אַליאַרם־סיגנאַל איז נאָך אַלץ ניט געווען, באַשלאָסן
אַריינצוגיין אין הויז. דאָרט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיין לעצט
פּעקל איז שוין פאַרטיק. אַלץ וואָס מען האָט געקאָנט פאַרברע־
נען, האָבן די באַלעבאַטים באַוויזן צו פאַרניכטן. דאָס וואָס עס
האָט זיך ניט געלאָזט פאַרברענען האָבן וועראַ און נאַום צוגעגעבן
צו מיין פּעקל. מיר האָבן צוזאַמענגערעדט זיך ווען און וווהין צו
שרייבן, אויב עס וועט זיך איינגעבן אויסצומיידן אַן אַרעסט און
געזעגנט זיך. זיי זיינען געבליבן אין דער וווינונג, כדי צו פאַר־
ענדיקן דאָס ברענגען אין פולער אָרדענונג די דירה, און באַלד
נאָך דעם אַוועקגיין אויפן אַדרעס, וואָס פּיאָטרס מוטער האָט פאַר
זיי איבערגעלאָזט...

צוליב סיבות וואָס מיר האָבן אַ לענגערע צייט ניט געקענט
פאַרשטיין זיינען זיי אָבער געבליבן דאָרט אויף נאָך איין נאַכט —
און טאַקע יענע נאַכט זיינען זיי אַרעסטירט געוואָרן. אין עטלעכע
יאָר אַרום, נאָך דער אַמנעסטיע פון אָקטאָבער 1905, האָט מיר
וועראַ דערציילט פאַר וואָס זיי האָבן געענדערט זייער באַשלוס צו
פאַרלאָזן די דירה. דער „סטאַריק", ווי מיר האָבן אים גערופן,
איז געקומען צום אויספיר, אַז פאַר אים איז ניט געווונטשן איבער־
צוגיין צו אַן אומלעגאַלן סטאַטוס, בעת אַלע סימנים פון אונדזער
דרוקעריי האָבן מיר באַזייטיקט. פאַר לעבן אויף אַ פרעמדן פּאַס־

פּאָרט דראָט אים העכסטנס אַ קורצע וואַקאַציע אין טורמע און אַרויסשיקונג אין געבוירנשטעטל... ווערנאַ האָט מיט אים ניט מסכים געווען און געטענהט, אַז זיין לאָגיק האָט דאָס מאָל אונטערגע־הינקט, אָבער איבערלאָזן אים אַליין אין אַזאַ צייט, האָט איר אויסגעפעלט מוט.

ווען די פּאָליציי איז אָנגעקומען האָט זי בעת דער רעווי־זיע ניט געפונען קיין שפּורן, וואָס זאָלן פאַרבינדן די וווינונג מיט דער לאַבאָראַטאָריע. ביי די פאַרהערן אין דער ראָסטאָווער טורמע איז אויך ניט געווען קיין אָנצוהערעניש אויף דעם כאַראַק־טער פון אונדזער אַרבעט דאָרט. דערפאַר טאַקע זיינען זיי געבליבן ביים פאַרדאַכט, אַז דער „אַלטער" האָט בעת זיינע שפּאַצירן איבער דער שטאָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַ שפּיאָן, וועלכער האָט אים געקענט פון יעקאַטערינאָסלאַוו און האָט אים „באַגלייט" ביז זייער דירה... אָבער אָט די שפּאַצירן איבער דער שטאָט זיינען געווען אָבליגאַטאָריש פאַר אים צוליב דעם וואָס ער האָט זיך גערעכנט פאַר אַן אָנגעשטעלטן פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג און האָט געמוזט טאָן זיין אַרבעט.

## אין דער דרוקעריי פון „דאָנעצקי פּאַרבאַנד"

וויטערדיקע איבערלעבונגען פון אָט דער וויכטיקער תקופה אין מיינע זכרונות זיינען אין פאַרלויף פון דעם האַלבן יאָר־הונדערט, וואָס איז אַדורך זינט דאַן, כמעט אין גאַנצן פאַרשוווּנדן פון מיין זכרון.

איך געדענק בלויז, ווי דורך אַ נעפּל, אַז נאָך דעם ווי איך האָב בשלום אַריבערגעטראָגן די דרוקעריי אויף איר צייטווייליקער וווינונג, בין איך דאָרט געבליבן ביז איך וועל קריגן נייע אינ־סטרוקציעס.

לאַנג וואַרטן איז מיר ניט אויסגעקומען, זיי זיינען באַלד אָנגעקומען און געבראַכט נייע סורפּריזן:

ערשטנס, איז מיין צייטווייליקע וווינונג ניט געווען גלאַט אַ וווינונג פון רעוואָלוציאָנערע סימפּאַטיקער. עס איז געווען אַ דירה, ווו מען האָט געזאָלט איינאָרדענען אַ געהיימע דרוקעריי פון סאָציאַל־

דעמאָקראַטישן פאַרבאַנד פון באַרג־אַרבעטער פון דעם אינדוס־טריעלן דאָן־דיסטריקט, דעם זעלביקן, וואָס האָט מיט צוויי חדשים צוריק געביטן זיין נאָמען אויף „דאָנעצקי סאָיוז פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי״.

צווייטנס, אַז אין אָט דעם רייך אויסגעשטאַטן הויז געפינט זיך אַלץ וואָס עס פאַדערט זיך פאַר אַ גוט־איינגעאָרדנטער אומ־לעגאַלער דרוקעריי — אַ דרוק־מאַשינקע, שריפט, פּאַפּיר, גוט־צוגעפּאַסטע באַלעבאַטים און אַ דינסטמיידל. עס פעלט אָבער אַ שריפטזעצער.

דריטנס, אַז זיי, די באַלעבאַטים, דערוואַרטן, אַז פאַר דערלויבן איבערצופירן אין זייער הויז אונדזער דרוקעריי, וועל איך זיי אַרויסהעלפן איינאָרדענען זייער דרוקעריי ביז עס וועט אָנקומען דער זעצער, וואָס ווערט דערוואַרט אין אַ וואָך־צוויי אַרום.

דאָס הויז, די מענטשן, אַלץ, איך און אַרום דער דרו־קעריי, האָבן אויף מיר געמאַכט אַ גוטן איינדרוק. איך האָב אָבער ניט געקענט זיי געבן באַלד קיין פּאָזיטיוון ענטפער. האָב איך געזאָגט, אַז איך מוז זיך באַראָטן מיט די פאַרטרעטער פון ראָס־טאָווער קאָמיטעט. די „באַלעבאַטים״, וועמענס אמתע נעמען איך האָב דעמאָלט ניט געוווסט, און ווייס איצט אויך ניט, האָבן צוגע־שטימט ניט גערן.

דעם זעלבן טאָג האָבן זיי מיר געבראַכט דעם נאָמען און אַדרעס פון אַ ציין־דאָקטאָרשע, ווו אַ פאַרטרעטער פון קאָמיטעט וועט אויף מיר וואַרטן אין אַ טאָג אַרום, אַ זייגער 10 אין דער פרי.

דעם אַדרעס האָב איך געקענט פון פריער, געקענט אויך די ציין־דאָקטאָרשע, מאַדאַם בראַילאָווסקי, ביי וועלכער איך פלעג באַקומען פּאַפּיר, און אַ מאָל אויך די מאַנוסקריפּטן פאַר אונדזער דרוקעריי.

ניט האָבנדיק קיין חשק אַרייַנצופאַלן צו זשאַנדאַרן אויב יענע זוכן מיך, בין איך אויפגעשטאַנען פאַר טאָג, ווען די „שפּיקעס״ שלאָפן נאָך און די אַרבעטער פאָרן צו דער אַרבעט, און איך קאָן זיך אויסמישן מיט זיי. איך האָב זיך איבערגעטאָן אין דעם נייעם,

נאָך ניט געטראָגענעם אָנצוג, וואָס פּיאָטרס מוטער האָט מיטגענומען ביי איר ערשטן וויזיט, און בין אַוועק צו דער טרעפּעניש.

גיין צו דער דענטיסטין איז געווען צו פרי, און אַרומדרייען זיך איבער די גאַסן האָט ניט געהאַט קיין זין, בין איך אַריין אין אַ טראַקטיר איבערכאַפּן עפּעס, אין אַ צווייטן, און, דוכט זיך, אויך אין אַ דריטן, ביז דער זייגער האָט געוויזן, אַז מען מעג שוין גיין צו דער ציין־דאָקטערשע, אַ טאָכטער פון אַ פּראָמינענטן און רייכן סוחר, בראַזילאָווסקי, און אַ שוועסטער פון דעם סטודענט אַלעקסאַנדער בראַזילאָווסקי, וועלכער האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט זיינע רעדעס בשעת דעם היסטאָרישן שטרייק פון נאָוועמבער 1902.

דער חבר, וועלכער האָט אויף מיר געוואַרט, האָט באַשטעטיקט דעם אָפּמאַך מיט דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן קאָמיטעט פון די באַרג־אַרבעטער, נאַטירלעך, אויב איך האָב גאָרניט דאַקעגן.

מיין ענטפער איז געווען אַן אָפּנהאַרציקער. איך האָב אים דערקלערט, אַז איך האָב מורא, אַז אַזוי שנעל ווי איך וועל צושטימען צו פאַרבלייבן אין דער דרוקעריי, וועלן זיי אויפגעבן יעדן פּרווו צו געפינען אַן אייגענעם זעצער, און איך האָב ניט קיין חשק צו איזאָלירן זיך ווייטער פון דער אַרומיקער וועלט. איך קאָן פאַרבלייבן העכסטנס אַ פּאָר וואָכן. איך מוז נעמען אַ וואַקאַציע.

און מיט דעם האָבן מיר זיך געשיידט.

נייין. ניט מיט דעם.

איך האָב דערמאָנט דעם חבר, אַז ביים „לויפן" פון דער אַלטער וווינונג, האָב איך מיטגענומען דעם גאַנצן זאַק פון אַן אויסגעזעצטער, אָבער נאָך ניט אָפּגעדרוקטער פּראָקלאַמאַציע. מען מוז אָט דאָס פלוגבלעטל אַזוי שנעל ווי מעגלעך אָפּדרוקן אויף דער נייער דירה, און אָפּדרוקן אין עטלעכע טויזנט עקזעמפּליאַרן. דער פאַקט, וואָס אויף דער אַלטער דירה האָבן מיר ניט איבערגעלאָזן קיין שפּורן פון אַ דרוקעריי, וועט אפשר העלפן אָפּנאַרן די זשאַנדאַרן וועגן דער ראָל, וואָס יענע דירה אויף דער 15טער גאַס האָט געשפּילט.

עס מוז אָבער פאַרשטאַנען ווערן, אַז דעם שריפט פון דעם

„סאָיוז גאָרנאָזאָוואָדסקיך ראַבאָטשיך" וועלן מיר נוצן בלויז פאַר זייערע אייגענע בלעטלעך, און אָנהאַלטן אָט די צווייענדיקע בוכהאַלטעריע ביז דער ראָסטאָווער קאָמיטעט וועט געפינען מענטשן פאַר אַן אייגענער דרוקערײַ...

איך האָב צוגעגעבן, אַז אויב מײַנע נײַע מיטאַרבעטער וועלן מיר אַרויסהעלפן, קאָנען מיר פּאַרטיק ווערן מיט דער אַרבעט אין 5—6 שעה. אויב ניט ווײַט פון מײַן נײַער וווינונג קאָן מען געפינען אַ פּלאַץ, וווּהין צו ברענגען די אָפּגעדרוקטע פלוגבלעטלעך, קאָנען זיי דאָרטן זיך ניט שפּעטער ווי אַ זייגער 7—8 אין אָוונט.

ס׳מוז אָבער אויך פאַרשטאַנען ווערן, אַז איך אַליין וועל זיי אַהין ניט קאָנען ברענגען. דאָס מוזן טאָן די אַנדערע מענטשן אין דער דרוקערײַ. איך בין אַנטשלאָסן ניט צו ווײַזן זיך אין די גאַסן פון נאַכיטשעוואַן ביזן סוף פון מײַן אַרבעט דאָרט.

האָבן מיר טאַקע אַזוי אָפּגעמאַכט. די באַלעבאַטים זענען ניט געווען קעגן דעם פּלאַן. די פּראָקלאַמאַציעס זײַנען פאַרטיק געוואָרן צו דער באַשטימטער צײַט און זײַנען געווען אויף דער „נייטראַלער" דירה, אײדער די פאַרטרעטער פון די ראָסטאָווער ראַיאָנען זײַנען געקומען נאָך זיי.

## איך פאַרלאָז ראָסטאָוו און נאַכיטשעוואַן

גענוי ווי לאַנג איך האָב פאַרבראַכט אין יענער דרוקערײַ, געדענק איך ניט. איך גלייב, אַז מײַן ראָל פון אַן אינסטרוקטאָר און צײַטווײַליקער זעצער האָט אין דעם פּלאַץ ניט געדויערט לאַנג. ווײַל שוין אין יולי 1903, בין איך געווען אין יעקאַטערינאָ־סלאַוו.

געקומען קיין יעקאַטערינאָסלאַוו בין איך מיט אַ פּלאַן אָפּצו־רוען זיך אַ פּאָר וואָכן און דערנאָך אַריבערקלײַבן זיך אין אַן אַנדער גרויסער שטאָט, וווּ עס וועט זײַן ניט שווער צו געפינען אַרבעט אין אַ לעגאַלער דרוקערײַ.

דאָ, אין יעקאַטערינאָסלאַוו, האָב איך זיך באַגעגנט מיט אַלטע פרײַנד. די גרויסע אַרעסטן, וואָס די יעקאַטערינאָסלאַווער

אָרגאַניזאַציע האָט איבערגעלעבט אין די לעצטע פּאָר חדשים, האָבן אָנגערירט בעיקר דעם אינטעליגענטישן טייל פון דער פּירערשאַפט.

דער פּאַרהעלטנישמעסיק גרויסער קאָנטינגענט אינטעליגענטע אַרבעטער, די אַקטיווע פּאַרטיי־פּירער פון אַלע דריי ראַיאָנען, וועלכע האָבן פּאַרגעשטעלט מיט זיך אַ גרויסע מערהייט פון קאָמיטעט און פון אַנדערע צענטראַלע פּאַרטיי־קערפּערשאַפטן, זיינען געבליבן כמעט אומבאַשעדיקט.

דאָס איז דערפּאַר, האָבן זיך געוויצלט די אַרבעטער, ווייל די שפּיאָנען האָבן מורא צו ווייזן זיך אין די קריסטלעכע אַרבעטער־קוואַרטאַלן פון טשעטשעלעווקע, קיידאַקי, אַמור און ניזשנעדנעפּ־ראָווסק. מען פלעגט זיי דאָרט ממש ממיתן.

וואָס שייך די אַרעסטירטע אינטעליגענטן און פּראָפּאַגאַנדיסטן, איז דער פּלאַץ פון די אַרעסטירטע ניט לאַנג געבליבן ליידיק. אייניקע פלעגן קומען צו פּאָרן אַליין, לויפנדיק פון אַ מעגלעכן אַרעסט, אָדער ווייל אויף דעם פּלאַץ פון די אַרעסטירטע פלעגט דער נייער אַלרוסישער צענטער, דער אַזוי גערופענער „אָרגאַ־ניזיר־קאָמיטעט", צושיקן אַנדערע טוער.

דער צענטער, אגב, האָט זיך באַזונדערס שטאַרק געאיילט צו שיקן געשולטע און לאָיאַלע טוער פון דער „איסקראַ"־ריכטונג, האָט מיר געזאָגט איינער פון זיי, ווייל עס האָט זיך דערנענטערט די צייט פון אַ נייעם פּאַרטיי־צוזאַמענפּאָר, וואָס האָט געזאָלט פּאַראייניקן די באַזונדערע גרופּעס, אָרגאַניזאַציעס און קאָמיטעטן פון לאַנד אַרום דער צייטונג „איסקראַ", און עס איז געווען אַ געפּאַר, אַז די גרויסע אינדוסטריעלע שטאָט יעקאַטערינאָסלאַוו זאָל אויף דעם צוזאַמענפּאָר זיין פּאַרטראָטן פון דעלעגאַטן, וועלכע באַציִען זיך קריטיש צו דער ריכטונג, וואָס די רעדאַקציע פון „איסקראַ" — מאַרטאָוו, לענין, פּלעכאַנאָוו, פּאָטרעסאָוו, זאַסוליטש, אַקסעלראָד און טראָצקי — האָט פּאַרטראָטן מיט אַזוי פיל גלאַנץ.

צו פּאַרשטיין ווי שטאַרק די „געפּאַר" איז געווען, דאַרף מען האָבן אין זינען, אַז אין פּאַרלויף פון די פיר חדשים, וואָס איך האָב פּאַרבראַכט אין ראָסטאָוו, האָט די יעקאַטערינאָסלאַווער אָרגאַ־

ביזאַציע זיך געשפּאָלטן אויף צוויי פּײַנטלעכע לאַגערן, וועלכע האָבן געקעמפּט איינער קעגן דעם אַנדערן מיט מער אימפּעט און אָפּגעגעבן אויף דעם מער צייט, ווי אויף זייער דירעקטן קאַמף קעגן צאַרישן רעזשים.

אמת, עס איז ניט געווען דער ערשטער אינערלעכער קריזיס פון דער יעקאַטערינאָסלאַווער אָרגאַניזאַציע. איינער פון זיי איז ליקווידירט געוואָרן אַ פּאָר וואָכן פאַר דעם ווי עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו אָרגאַניזירן אַן אייגענע דרוקעריי און מען האָט מיך אַריינגעצויגן אין דער אַרבעט פון אָרגאַניזירן זי.

אָבער אויך אָט דער קריזיס פון האַרבסט 1901, איז ניט געווען דער ערשטער, אָדער לעצטער אָרגאַניזאַציאָנעלער קריזיס, וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע באַוועגונג פון יעקאַטערינאָסלאַוו האָט דורכגעמאַכט אין משך פון די רעוואָלוציעס פון 1905 און 1917. דער קריזיס אָבער אין יולי 1903, איז געווען דער שאַרפס־טער און דראַמאַטישסטער פון זיי אַלע.

## אַ „רעוואָלוציע" אין דער יעקאַטערינאָסלאַווער אָרגאַניזאַציע

ווען איך האָב אין האַרבסט פון יאָר 1901 צוגעשטימט צו גנבענען ביי מיינע באַלעבאַטים גענוג שריפט פאַר דער געפּלאַנטער געהיימער דרוקעריי, איז דאָס געווען צו מאָרגנס נאָך דעם נצחון פון די אויפגעקלערטע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער איבער די מיטגלידער פון דעם אַלטן רייין־אינטעליגענטישן קאָמיטעט. ווען דער קאָנפליקט האָט זיך געענדיקט, איז דער קאָמיטעט באַשטאַנען כמעט אויסשליסלעך פון אַרבעטער: דער זייער פּאָפּולערער טאָקער פון די אייזנבאַן־שעפּער ניקיפאָר דראַכאַנאָוו, נאַום איינבינדער, אַראָן בעליאַווסקי (אַ בוכבינדער), נ. גאָלוב (אַ שלאָסער), גרישאַ סאַפּאָזשניק (אַ שוסטער), קראַסנאָשטשאָקאָוו און מאַרק מאַקאַדזיוב (טעכניקער), און דריי הויך געבילדעטע אינטעליגענטן: יעווגעניאַ אַדאַמאָוויטש, העגריק מאַלקין און ראָ־זאַליאַ האַלבערשטאַדט.

די איבערקערעניש, וואָס די אַרבעטער־אָפּאָזיציע האָט דורכ־

געפירט, האָט ניט געקוקט אויף די אָפטע אַרעסטן און פאַרשי־
קונגען, געבראַכט אַ ראַשיקן אויפבלי פון דער רעוואָלוציאָנערער
באַוועגונג אין יעקאַטערינאָסלאַוו. לאַנג נאָך דעם האָט די שטאָט
ניט געהערט מער וועגן פּרוּוון אָפּצוזאָגן זיך פון שטים־רעכט פאַר
אַרבעטער ביי די וואַלן פון קאָמיטעט און אַנדערע אָנפירנדיקע
פּאַרטיי־קערפּערשאַפטן. פאַרקערט, דער פּרינציפּ פון וואַלן און
שטים־רעכט פאַר אַרבעטער האָט אַלץ מער און מער פאַרשפּרייט
זיך אין דער פּעריפעריע. בלויז נאָך גרויסע אַרעסטן, אָדער ווען
אין אַ באַשטימטן קרייזל איז ניט געווען קיין פּאַסיקער קאַנדידאַט
אויפן אַמט פון פאַרטרעטער צו אַ העכערער קערפּערשאַפט איז
געמאַכט געוואָרן אַן אויסנאַם.

אין שייכות מיט דעם ווילט זיך פאַרצייכענען, אַז אין דעם
פאַל איז יעקאַטערינאָסלאַוו ניט געווען קיין אויסנאַם. ענלעכע
„בונטן" פון דער אַרבעטער־פּעריפעריע זענען אין יענע יאָרן אויך
פאָרגעקומען אין אַנדערע שטעט פון דרום־רוסלאַנד (אָדעס און
קיעוו) אויך אין צפון־רוסלאַנד (פּעטערבורג) און אין די צענטערן
פון צפון־מערב־רוסלאַנד.

מער אויספירלעכע באַריכטן וועגן דעם קען מען געפינען אין
דעם ביכל פון מ. פּאַנין „קוסטאַרניטשעסטוואָ אי פּאַרטיינייע אָרגאַ־
ניזאַציי", פאַרלאַג פון ר.ס.ד.ר.פּ., זשענעווע, 1904. דער אויטאָר
איז פאַר דעם געווען אַקטיוו אין די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָר־
גאַניזאַציעס פון אָדעס, יעקאַטערינאָסלאַוו און קיעוו, ווו זיין פאַר־
טיי־נאָמען איז געווען „איליאַ איליטש", אָבער זיין אמתער נאָמען
איז געווען מאַרק מאַקאַדזיוב.*

מ. פּאַנין האָט דער ערשטער געשריבן וועגן די דערמאָנטע
„בונטן" פון אַרבעטער־סאָציאַל־דעמאָקראַטן. ער האָט אַנאַליזירט
די סיבות, כאַראַקטער און געזעלשאַפטלעכע ראָל פון די בונטן.
דאָס ביכל האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַזוי באַלערנדיק, אַז דער

* דאָס ביכל איז שוין אַ ביבליאָגראַפישע זעלטנקייט. איין עקזעמפּלאַר גע־
פינט זיך אין דער ניו־יאָרקער שטאָט־ביבליאָטעק.

גייסטיקער פֿאָטער פון דער מענשעוויסטישער באַגרינדונג פון דער פּאָליטישער און אָרגאַניזאַציאָנעלער טאַקטיק, פּאַוועל אַקסעלראָד, האָט געפונען פאַר נייטיק אָנצושרייבן אַ ספּעציעלע איינלייטונג פול מיט שבחים צו דער צווייטער אויפלאַגע פון פּאַנינס ביכל. אין דער איינלייטונג לויבט ער שטאַרק דאָס ביכל פון דעם יונגן פאַר־טיי־טוער מ. פּאַנין, און לענין, דער דעמאָלטיקער באַלעבאָס פון סאָציאַל־דעמאָקראַטישן צענטראַל־קאָמיטעט, האָט ניט געפונען פאַר נייטיק צו וועטאָירן דאָס דרוקן פון פּאַנינס ביכל, ניט געקוקט אויף דעם וואָס איר אויטאָר האָט שטאַרק קריטיקירט לענינס קאָנצעפּציע איבער דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן בוי פון דער פּאַרטיי.

פּאַנין שרייבט וועגן די בונטן קעגן צוגעשיקטע פּאַרטיי־באַ־אַמטע, וואָס ער האָט אָבסערווירט אין יעקאַטערינאָסלאַוו אין אָקטאָבער 1901 ווי אויך אין אָדעס, וועו די גרופּע „ראַבאָטשעיע זנאַמיאַ" האָט זיך אָפּגעשפּאָלטן פון דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן קאָמיטעט צוליב סיבות, וואָס האָבן געטראָגן אַן עכט אָרגאַניזאַ־ציאָנעלן כאַראַקטער.

„דער לייטמאָטיוו פון די אַלע שפּאַלטונגען, שרייבט מ. פּאַנין, איז געווען דער קאַמף פאַר אויטאָנאָמיע, פאַר שטים־רעכט ביים אויסקלייבן פּאַרטיי־פירער און פאַר זעלבסטשטעטיקייט פון די אַרבעטער. דאָס איז געווען אַ שטרייט קעגן די מנהגים, וואָס די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג האָט געירשנט פון די פּריִער־דיקע שטאַרק פאַרקאָנספּירירטע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זיינען באַשטאַ־נען פון פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן" (זע פּאַנין, אין דער ציטירטער אויפלאַגע פונעם ביכל, ז. 36).

## דער היסטאָרישער עפּיזאָד אויפן ערשטן אַלרוסישן צוזאַמענפאָר

דער קריזיס פון וווקס פון די אַזוי גערופענע מענשעוויסטי־שע טענדענצן צווישן דעם אַרבעטער־אַוואַנגאַרד פון די יעקאַטע־רינאָסלאַווער סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָט זיך פאַרענדיקט נאָך דעם

ערשטן גרויסן טריומף פון אָקטאָבער 1901. נאָך אים — אין הע־
כער 16 חדשים אַרום — איז געקומען אַ צווייטער, נאָך מער ערנ־
סטער קריזיס, וואָס פאַרדינט, אַז מיר זאָלן אים דערמאָנען. איידער
אָבער מיר וועלן אים באַטראַכטן, וועט ניט זיין, גלייב איך, פון
וועג, צו דערמאָנען אַ וויכטיקן עפּיזאָד, וואָס איז פאַרצייכנט גע־
וואָרן ביים ערשטן צוזאַמענפאָר פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־
דעמאָקראַטיע אין מאַי 1898 אין מינסק.

אויף דעם צוזאַמענפאָר זיינען די יעקאַטערינאָסלאַווער סאָציאַל־
דעמאָקראַטן געווען פאַרטראָטן דורך אַ דעלעגאַט מיטן נאָמען
פּעטרוסעוויטש. דער דעלעגאַט האָט מיטגעבראַכט אַ שריפטלעכן
אָנזאָג, אַז אימפּעראַטיוון מאַנדאַט, צו פאַרטיידיקן אויפן צוזאַמענ־
פאָר דעם פּרינציפּ, אַז די אָרגאַניזאַציעס וואָס זיינען אָנגעשלאָסן
אין דער פאַרטיי, וואָס ווערט געבוירן ביי דעם צוזאַמענפאָר מוזן
אומבאַדינגט אָפּהיטן דעם פּרינציפּ פון „וואַל־רעכט" און „אַרבע־
טער־אויטאָנאָמיע" פאַר די מיטגלידער. אַ פּרינציפּ, וואָס האָט
אין די שפּעטערדיקע פינף יאָר געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָל אין
שטרייט פון די אָרטיקע אַרבעטער פאַר „דעמאָקראַטישן סאָציאַ־
ליזם" אין קעגנזאַץ צו דעם אינטעליגענטישן „עקסטרעם צענטראַ־
ליסטישן" סאָציאַליזם, וואָס פאַסט פאַר קליינע קרייזלעך „פאַר־
שווערער", אָבער אין קיין פאַל ניט פאַר אַ באַוועגונג, וואָס
שטרעבט צו ווערן אַ מאַסן־באַוועגונג...

אָט וואָס פאַראַ כאַראַקטעריסטיק עס האָט געגעבן דער יעקאַ־
טערינאָסלאַווער אָרגאַניזאַציע דער פאַרזיצער פון דעם ערשטן
פאַרטיי־צוזאַמענפאָר, דער באַוווּסטער סאָציאַל־דעמאָקראַט ב. איי־
דעלמאַן:

„פון די פיר לאַנד־פאַרבאַנדן, וואָס האָבן עקזיסטירט (אין דער
צייט פון דעם צוזאַמענפאָר) האָט דער יעקאַטערינאָסלאַווער פאַר־
באַנד, אָדער „סאָיוז באָרבי" געטראָגן אַן אייגנאַרטיקן כאַראַקטער.
ער האָט דערמאָנט דעם טיפּ פון אַרבעטער־קאַסעס אין פּאָליטיש
פרייע לענדער. (אונטערגעשטראָכן פון מיר — מ. כינאָי). דאָרט
האָבן פון אָנהייב אָן זיך באַזעצט גרופּעס פון פאַרשיידענע שטעט,
וועלכע האָבן שוין געהאַט אַ באַשטימטע דערפאַרונג אין זייערע

געבורט־פּלעצער. צווישן אַט די אַרבעטער האָט זיך געפונען אַ גרופּע אַרבעטער פון ווילנער פאַבריקן, וואָס די דאָרטיקע פּאָליציי האָט פאַרשיקט אַהער. דאָרט האָט זיך אויך געפונען אַ גרויסע גרופּע פּעטערבורגער פאַבריק־אַרבעטער, וואָס האָבן אָנטייל־גענומען אין באַרימטן שטרייק פון יאָר 1896. דער יעקאַטערינאָ־סלאַווער „קאַמפּס־פאַרבאַנד" האָט זיך אָרגאַניזירט באַלד נאָך דעם ווי די אַרויסגעשיקטע אַרבעטער פון די דערמאָנטע אינדוסטריעלע צענטערן האָבן זיך דאָרט באַזעצט (זע זאַמלבוך „יעקאַטערינאָ־סלאַוו", ז"ז 97—99).

דער רעדאַקטאָר פון דעם זאַמלבוך, מ. רובאַטש, שטעלט זיך אָפּ אין דעם אַריינפיר־אַרטיקל וועגן דעם ערשטן פּאַרטיי־צוזאַ־מענפאָר אויף אַן עסיי פון מאַכנאָוועץ־אַקימאָוו, מיט דער כאַ־ראַקטעריסטיק פון דער ראָל, וואָס עס האָט געשפּילט אויפן צוזאַ־מענפאָר דער יעקאַטערינאָסלאַווער דעלעגאַט פּעטרוסעוויטש. אין דער דיסקוסיע וועגן אַרבעטער־„שטרייק־קאַסעס", „פּראָפּאַגאַנדע־קרייזלעך" און „עקאָנאָמישער אַגיטאַציע", האָט מאַכנאָוועץ־אַקימאָוו צוגעגעבן:

„אויפן צווייטן טאָג (דעם 2טן מערץ 1898), זיינעןביידע זיצונגען געווען פאַרנומען דער עיקר מיט דער דיסקוסיע וועגן דער אָרגאַניזאַציע פון דער פּאַרטיי. אין די רעדעס האָט זיך געפילט אַ קעגנערשאַפט צו דער אידעע פון אָרגאַניזירן די גע־פּלאַנטע פּאַרטיי מיט אַ צו שטאַרק צענטראַליזירטן אַפּאַראַט. דער יעקאַטערינאָסלאַווער דעלעגאַט האָט אַפילו מיטגעבראַכט פון זיינע אָרגאַניזאַציעס אַן אימפּעראַטיוון מאַנדאַט, וואָס האָט אים פאַר־פליכטעט צו אַרבעטן פאַר אַריינגעמען אַזאַ פּונקט אין דער פּאַר־טיי־קאָנסטיטוציע, אַ פּונקט, וואָס זאָל באַטאָנען, אַז די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס זיינען זעלבשטענדיק (אויטאָנאָם) אין זייער לאָקאַ־לער אַרבעט און האָבן אַפילו דאָס רעכט, אויב זיי וועלן געפינען פאַר נייטיק, ניט דורכצופירן, איגנאָרירן, די באַשלוסן פון צענט־ראַל־קאָמיטעט. זיי מוזן אָבער אין אַזאַ פאַל צושטעלן די שריפט־לעכע מאָטיוון פון זייער האַנדלונג. אָט די פאָדערונג פון דער יעקאַטערינאָסלאַווער אָרגאַניזאַציע האָט דער צוזאַמענפאָר אָנגע־

נומען און דער באַשלוס איז געוואָרן אַ טייל פון פּאַרטיי־רעגולאַמין (סטאַטוט).

*

פון דעם זייער רייכן מאַטעריאַל, וואָס מען האָט נאָך דער רעוואָלוציע פון 1917 געפונען אין די אַרכיוון פון דער געהיים־פּאָליציי, האָב איך געלערנט, אַז די אינערלעכע קריזיסן פון אונ־דזער אומלעגאַלער פּאַרטיי זיינען געווען כמעט אומפאַרמיידלעכע.

דאָס זיינען געווען קריזיסן פון וווּקס, פון וועלכע עס האָבן זיך שפּעטער אַנטוויקלט די צוויי גרונט־ריכטונגען אין אונדזער באַוועגונג — די באָלשעוויסטישע און מענשעוויסטישע.

וואָס מער עס איז געשטיגן די פּאָליטישע און די אַלגעמיינע אויסבילדונג פון די אַרבעטנדיקע מאַסן, אַלץ שטאַרקער איז גע־וואַקסן די שטרעבונג פון זייערע מער אינטעליגענטע פירער צו האָבן אַ גרעסערע דעה אין דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן אַפּאַראַט פון דער פּאַרטיי און אין איר פירערשאַפט און לאַזונגען.

*

אין יאַנואַר 1903, נאָך די אַרעסטן און דער פרייוויליקער עמיגראַציע פון אַ צאָל מיטגלידער פון קאָמיטעט, זיינען אָנגעקומען קיין יעקאַטערינאָסלאַוו 4 אינטעליגענטן, כדי צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון די אַרעסטירטע.

זייער אָנקומען האָט צו ערשט שטאַרק דערפרייט די מערסטע אַרבעטער־מיטגלידער פון קאָמיטעט.

ווי גרויס אָבער איז געווען זייער איבעררשאַונג, ווען ביי דעם ערשטן צוזאַמענקום מיט די פיר צוגעשיקטע „פּראָפעסיאָנאַלן" האָט זייער פירער, וואַלענטין — מאַרטאָוס יינגסטער ברודער, שפּעטער באַקאַנט אונטער דעם פען־נאָמען לעוויצקי — דערקלערט, אַז זיי זיינען געקומען מיט אַ ספּעציעלער שליחות פון דעם „צענטער" — צו רעאָרגאַניזירן דעם אַלטן קאָמיטעט, וואָס איז כלומרשט באַשטאַנען פון „ראַבאָטשעדיעלצי", וואָס דאָס האָט געמיינט קעגנער פון דער פּאָליטישער און מער רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק פון דער צייטונג „איסקראַ".

די באַהויפּטונג איז געווען אַ פאַלשע, די 8—9 מיטגלידער

פון דעם קאָמיטעט זיינען דאָך דאָס געווען די יעניקע, וועלכע האָבן מיט קנאַפּע צוויי יאָר צוריק דורכגעפירט די „איבערקערעניש" אין פריערדיקן קאָמיטעט פון דער „ראַבאָטשעיע דיעלאָ"־ריכטונג און דערביי אויך געוווּנען זייער צווייטע וויכטיקע פאָדערונג, אַז די אָנגעזעענע פירער פון די אַרבעטער זאָלן האָבן זייערע פאַרטרעטער אין דעם קאָמיטעט, פאַרטרעטער, וואָס זיי אַליין זאָלן אויסקלייבן, אויך, אַז מען זאָל מער ניט אַריינגעמען אין קאָמיטעט קיין נייע מיטגלידער אָן דער צושטימונג פון די אַרבעטער אין קאָמיטעט.

טאַקע קעגן דעם פונקט אָבער זענען אַמשטאַרקסטן אַרויסגעטראָטן די פיר „צוגעשיקטע קאָמיטעטשיקעס" מיט וואַלענטינען בראש. זיי האָבן דערקלערט, אַז זיי וועלן ניט דערלאָזן צו קיין וואַלן פון קאָמיטעט און די אַרבעטער מוזן צושטימען צו דעם פּרינציפּ פון „נאַזנאַטשענסטוואָ", פון באַשטימען די מיטגלידערשאַפט פון קאָמיטעט פון אויבן פון די צוגעשיקטע אינטעליגענטן און ניט דורך וואַלן פון אונטן.

געזיגט אין דעם ביטערן און פאַרצויגענעם שטרייט האָבן די אַרבעטער־וועטעראַנען פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג אין יעקאַטערינאָסלאַוו. עס האָט ניט געהאָלפן די אַריינמישונג פון אַן אָנגעזעענעם פאַרטרעטער פון זשורנאַל „יוזשני ראַבאָטשי", גינזבורג־נאַומאָוו.

וואַלענטין און זיינע דריי צוגעשיקטע חברים האָבן געשאַפן אַן אייגענעם קאָמיטעט און די גרעסטע מערהייט פון די מיטגלידער אין אַלע דריי־אַרבעטער־דיסטריקטן — אַרום 800 מאַן — זיינען געבליבן מיט דעם אַלטן קאָמיטעט, וועמענס פירער עס זיינען געווען אַראָן בעליאַווסקי, דאַוויד בראַגינסקי און אַ צאָל אַנדערע פּאָפּולערע אַרבעטער־טוער פון שטאָט און די אינדוסטריעלע פאָרשטעט.*

* גענויער וועגן די דאָזיקע שפּאַלטונג האָב איך געשריבן אין אַ ספּעציעלן אַרטיקל פאַרן גרויסן זאַמלבוך וועגן דער געשיכטע פון מענשעוויזם, וואָס אַ גרופּע רוסישע שרייבער האָט צוגעגרייט אויף דער באַשטעלונג פון די אוניווערסיטעטן קאָלאַמביע, שיקאַגאָ און האַרוואַרד.

מאַרק כינאָי

## די שפּאַלטונג ווערט טיפער און די לאַגע — קריטישער

דער יונגער סטודענט לעאָנאָוו, וועלכער איז געווען איינער פון וואַלענטינס געהילפן אין דער שפּאַלטונג פון דער יעקאַטערי־נאָסלאַווער אָרגאַניזאַציע, האָט שפּעטער געשריבן אין זיינע זכרו־נות, אַז מיט זייער אָנקומען קיין יעקאַטערינאָסלאַוו „האָט זיך אָנגעהויבן אַ ביטערער אידעאָלאָגישער קאַמף, צו ערשט אין קאָ־מיטעט, און דערנאָך — אין דער פּעריפעריע. אייניקע אַלטע מיט־גלידער פון קאָמיטעט האָבן אויסגעמיטן אַרעסטן און פאַר־לאָזן די שטאָט. זיינען אין דעם נייעם קאָמיטעט אַריין: מאַר־טאָווס יינגערער ברודער וואַלענטין, סאַשאַ פּרוס, ג. פּיאָדאָר און איך. אַלע פיר זיינען מיר געווען „איסקראָווצעס" און די איבע־ריקע, די מיטגלידער „פון דעם ערשטן קאָמיטעט", זיינען אַלע געווען קעגנער פון דער „איסקראַ"־ריכטונג און אָנהענגער פון דעם זשורנאַל „ראַבאָטשעיע דיעלאָ". דאָס איז ניט אמת. צווישן די פּירער פון דעם אַלטן קאָמיטעט זיינען ניט געווען קיין אָנהענגער פון דעם זשורנאַל „ראַבאָטשעיע דיעלאָ".

די לעצטע זיינען אַלע באַזייטיקט געוואָרן דורך דעם קאָמי־טעט פריער מיט 16—17 חדשים, בעת דעם נצחון פון די אַרבע־טער־סאָציאַל־דעמאָקראַטן און מיט זייער אַקטיווער הילף.

דערצו טאָר מען ניט פאַרגעסן, אַז דער זשורנאַל „ראַבאָ־טשעיע דיעלאָ" האָט צו יענער צייט ראַדיקאַל געענדערט זיין שטעלונג צו די טאַקטישע פּראָבלעמען פון אונדזער באַוועגונג און די דאָזיקע נייע „ליניע" אירע האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט נאָך די פּאָליטישע מאַסן־דעמאָנסטראַציעס אין ראָסטאָוו־דאָן (זע די זשורנאַלן "איסקראַ" און „ראַבאָטשעיע דיעלאָ" פון האַרבסט 1902, תחילת 1903).

וועגן דער אמתער שטעלונג פון יעקאַטערינאָסלאַווער קאָמי־טעט אין דער פראַגע וועגן דער ראָל, וואָס פּאָליטישע אַגיטאַציע און מאַסן־קאַמפן דאַרפן שפּילן אין אונדזער אַרבעט, ווערן ניט מיד צו דערמאָנען די חברים אַראָן בעליאַוווסקי און ניקיפאָר דראַכאָנאָוו אַפילו אין דעם טייל פון זייערע זכרונות, וואָס די קאָ־

מוניסטישע רעדאַקציע פון דעם דערמאָנטן זאַמלבוך האָט אָפּגע־דרוקט אין יאָר 1923. און עס זיינען דאָ סיבות צו גלייבן, אַז ביידע אַרטיקלען פון צוויי מענשעוויסטישע פירער פון יענעם קאַמף: ניקיפאָר דראַכאַנאָוו און אַראָן בעליאַווסקי — זיינען שטאַרק צענזורירט און געשניטן געוואָרן און אַז די שרעק־שילד „ראַבאָטשעיע דיעלאָ" האָט די רעדאַקציע אַליין אַריינגעשטעלט.

ווען איך האָב מיט יאָרן שפּעטער — אין יאָר 1934 — באַזוכט יעקאַטערינאָסלאַוו, האָט איינער פון מיינע אַמאָליקע חברים מיר פאַרזיכערט, אַז די רעדאַקציע פון דעם זאַמלבוך האָט זיך אָפּגעזאָגט אַריינצונעמען אין דעם בוך אויך אַרטיקלען, וואָס אַנדערע פירער פון דער אַרבעטער־אָפּאָזיציע האָבן צוגעשיקט, און אַז די צוויי אַרטיקלען, וואָס זי האָט יאָ אַריינגענומען האָט זי שטאַרק גע־שניטן...

לעאָנאָוו באַקלאָגט זיך אין זיינע זכרונות: „די אַרבעטער־צענטערס זיינען אַלע געווען קעגן אונדז"...

דער אמת איז, אַז ניט בלויז די אַרבעטער־צענטערס און דער קאָמיטעט זיינען געווען קעגן זיי.

דאָס איז אויך געווען די שטעלונג פון דער גרעסטער מער־הייט אַרבעטער פון אַלע דריי ראַיאָנען, וועלכע האָבן דעמאָלט געציילט העכער 800 מיטגלידער. ניט אומזיסט האָט אַזאַ האַרטנע־קיקער באָלשעוויק ווי וויקטאָר נאָגין (אַ מיטגליד פון באָלשע־וויסטישן צענטראַל־קאָמיטעט און פון דער צענטראַלער סאָוועטן־רעגירונג) געשריבן אין יאָר 1924, אַז ווען ער האָט אין יולי 1903 איבערגענומען די פירערשאַפט פון דעם „איסקראַ"־טייל פון קאָמיטעט, איז אָט דער טייל געווען זייער שוואַך, — געציילט אין גאַנצן 35 מיטגלידער, בעת די אָרגאַניזאַציע פון דעם אַלטן אָפּאָזיציע־קאָמיטעט האָט זיך געשטיצט אויף אַ גרויסער צאָל אַרבעטער אין די פאַבריקן פון טשעטשעלעווקע, בריאַנסקי און דעם עזאַאו־זאַוואָד — און פון די עטלעכע הונדערט קלענערע און גרעסערע וואַרשטאַטן פון דעם שטאָטישן (יידישן) ראַיאָן.

אין שייכות מיט דעם, גלייב איך, איז אינטערעסאַנט צו

ברענגען אַ פראַגמענט פון אַ שטרענג־געהיימען באַריכט פון די יעקאַטערינאָסלאַווער זשאַנדאַרן צו זייער שעף אין פעטערבורג:

„אין דער יעקאַטערינאָסלאַווער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָר־גאַניזאַציע געפינען זיך, לויט אונדזער אינפאָרמאַציע, באַוווּסטזי־ניקע און אינטעליגענטע מיטגלידער, וועלכע זיינען פעיִק זעלב־שטענדיק אָנצופירן מיט זייער אַרבעט — פּראָפּאַגאַנדע אַריינגע־רעכנט".

ווייטער לייענען מיר דאָרט:

„צווישן דעם נייעם, ערשט אַריינגעשיקטן, קאָמיטעט און די אַלטע, די אָרטיקע, טוער איז געקומען צו אַ שאַרפן קאָנפליקט צוליב דעם, וואָס די מיטגלידער פון דעם צוגעשיקטן קאָמיטעט האַלטן, אַז דאָס „קאָמפּליצירטע" סיסטעם פון דעמאָקראַטישע וואַלן איז ניט צוגעפּאַסט צו דעם געענדערטן כאַראַקטער פון דער פּאַרטיי־אַרבעט. זיי זאָגן, אַז מען מוז מאַכן אַ סוף צו דעם... אַז מען מוז אָפּשאַפן דאָס סיסטעם פון וואַלן, און אַז דער קאָמיטעט און אַלע זיינע מיטגלידער מוזן באַשטימט ווערן פון אויבן, פון צענטראַל־קאָמיטעט, אָדער פון זיינע אַגענטן...

„זייערע פּלענער אָבער האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד פון די אַרבעטער־צענטערן און פון אַלע מיטגלידער פון פריערדיקן קאָמיטעט, וועלכע האָבן ניט קיין חשק אָפּצוזאָגן זיך פון זייער זעלשטענדיקייט און פאַרוואַנדלען זיך אין אַ בלינד ווערקצייג פון דעם צוגעשיקטן קאָמיטעט". זיי זיינען געבליבן ביי זייער באַשלוס, ניט געקוקט אויף דער גרויסער צאָל באַגעגענישן און באַראַטונגען, וואָס דער (נייער) „קאָמיטעט" האָט אָפּגעהאַלטן מיט די איינפלוסרייכסטע פירער פון די דערמאָנטע אָרגאַניזאַציעס, און ניט געקוקט אויף די גרויסע מאַסן־פאַרזאַמלונגען פון 3טן און 10טן מערץ... „די באַציִונגען האָבן זיך אויף אַזוי פיל פאַר־שאַרפט", שרייבט ווייטער פּאָדפּאָלקאָווניק קרעמעניעצקי, „אַז די מיטגלידער פון די „צענטערס" און פון דער גרויסער צאָל קאָ־לעקטיוון, וואָס טראָגן דעם נאָמען „יאַדראָס" האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו פאַרשפּרייטן די פלוגבלעטלעך, וואָס דער „קאָמיטעט" האָט אָפּגעדרוקט וועגן דעם 200־יאָריקן יובילייַ פון דער פּרעסע. זיי האָבן

אויך געלאָזט וויסן, אַז זיי קלייבן זיך צו שאַפן אַ נייע זעלבשטענ־דיקע אָרגאַניזאַציע אונטער אַ נייעם נאָמען „יעקאַטערינאָסלאַוו־סקי ראַבאָטשי קאָמיטעט".*

אין איינעם פון זיינע ווייטערדיקע צושריפטן, אויך אַ „זייער געהיימען", נאָטירלעך, שרייבט קרעמעניעצקי, אַז צו מאָרגנס, דעם 30סטן מערץ, 8 אַ זייגער אין דער פרי, ווערט גערופן אַ פאַרזאַמלונג פון אַלע מיטגלידער, וועלכע שטעלן צוזאַמען דעם „צענטער" און די „יאַדראָ־קאָלעקטיוון" פון אַלע דריי ראַיאָנען. דער צוזאַמענקום ווערט גערופן אויף דער איניציאַטיוו פון די טוער, וואָס דער אָרגאַניזיר־קאָמיטעט האָט אַריינגעשיקט אַהער... „נאָר אַזוי ווי עס איז נייטיק אויסצוגעפינען גענוי ווער עס זיי־נען די צוגעשיקטע טוער, האָב איך באַשלאָסן צו באַנוגענען זיך מיט די אָבסערוואַציעס פון אונדזערע אַגענטן און ניט שטערן דער פאַרזאַמלונג"... (דאָרטן, ז. 380).

אין אַן אַנדערן ראַפּאָרט, דאַטירט דעם 30סטן מערץ, האָט קרעמעניעצקי געשריבן: „...אַז די פאַרזאַמלונג פון 30סטן מערץ איז פאָרגעקומען אין די סטעפּ־פעלדער, הינטער דעם שטעטל ניזשני־דניעפּראָווסק. די פאַרזאַמלונג האָט זיך אָנגעהויבן 9 אַ זייגער אין דער פרי. צו איר זיינען געקומען כמעט אַלע מיטגלי־דער פון די „צענטערס" און „קאָלעקטיוון" (אָבער ניט די איינ־פאַכע מיטגלידער — מ. כ.) — אַרום 100 מענטשן.

צווישן זיי האָבן זיך אויך געפונען די דריי אַגענטן פון די פיר, וואָס דער „אויספיר־קאָמיטעט" האָט צוגעשיקט. ווען איינער פון זיי, וועלכער האָט זיך פאָרגעשטעלט ווי „קאָמאַר", האָט גענומען דאָס וואָרט און געזאָגט, אַז מען מוז רעאָרגאַניזירן די אָרגאַניזאַציע, האָבן צוויי מיטגלידער פון שטאָטישן צענטער, דער באַוווסטער דאַוויד בראַגינסקי, און אַן אַרבעטער, וואָס איז באַקאַנט אונטערן נאָמען „וואַניאַ" פון בריאַנסקי־זאַוואָד, אים באַלד אי־בערגעריסן מיט אַ פראַגע ווער ער איז, און צי רעדט ער אין

* איבערגעדרוקט דאָ און ווייטער — פון דערמאָנטן זאַמלבוך פון „איסטפּאַרט" 1925, ז"ז 376—377.

נאָמען פון אַן אָרגאַניזאַציע, אָדער אין זיין אייגענעם נאָמען. „קאָמאַר״ האָט זיי געענטפערט מיט שטאָלץ און גרויס גאווה, אַז ביי אַזאַ געהיימער פאַרזאַמלונג שטעלט מען ניט אַזעלכע פראַגן... און אַז בכלל האַלט ער ניט פאַר נייטיק זיך צו רעכענען מיט אַזעלכע פראַגן, ווייל ער איז אַ פאָרשטייער פון דעם צענטער, וועלכן איר אָנערקענט ניט״...

די פאַרזאַמלטע האָבן אויף דעם געענטפערט מיט אַ פאָרשלאָג, אַז מען זאָל אויסקלייבן אַ פאָרזיצער. מען האָט אויסגעקליבן בראַגינסקין, ניט רעכנדיק זיך מיט די פראָטעסטן פון „קאָמאַרן״, גלייכצייטיק האָבן די פאַרזאַמלטע באַשלאָסן ניט צו אָנערקענען „קאָמאַרן״ ווי אַ פאָרשטייער פון דעם „קאָמיטעט״. סוף כל סוף האָט „קאָמאַר״ ניט געפונען פאַר נייטיק צו בלייבן אויף דער פאַרזאַמלונג און צוזאַמען מיט זיינע הברים האָט ער זי פאַרלאָזן (דאָרט, ז. 382).

פּאָדפּאָלקאָווניק קרעמעניעצקי שרייבט ווייטער, אַז „אין די ערשטע טעג פון פאַרגאַנגענעם חודש האָבן די פירער פון די „אַרבעטער־צענטערס״ פאַרכאַפּט די דרוקעריי פון קאָמיטעט צוזאַמען מיט אַן אָפּגעדרוקטער רעדע פון „אַרבעטער־וואָיעוואָדע״...

„דעם 4טן אַפּריל איז אין סטעפּ, עטלעכע וויאָרסט פון יעקאַטערינאָסלאַוו, פאָרגעקומען אַ געמיינזאַמער מיטינג פון „צענטער״ און פון די „יאַדראַ״־מיטגלידער פון שטאָטישן ראַיאָן. אויף דעם מיטינג האָט מען אויסגעקליבן אַ נייעם „צענטער״, וועמענס מיטגלידער דאַרפן שפּעטער צוזאַמען מיט די מיטגלידער פון די צוויי אַנדערע „צענטערס״ אויסקלייבן אַ באַשטימטע צאָל מיטגלידער פון דעם יעקאַטערינאָסלאַווער קאָמיטעט.

„אין אָוונט פון דעם זעלבן טאָג, זיינען אויך אויף אַ פעלד, פון דער אַנדערער זייט פונעם טייך דניעפּער, פאָרגעקומען פאַרזאַמלונגען פון די צוויי אַנדערע ראַיאָנען — דעם בריאַנסקער און דעם אַמור ניזשני־דניעפּראָווסקער ראַיאָן.

„זייער אויפגאַבע איז געווען די זעלבע, וואָס אויף דעם מיטינג פון שטאָטישן ראַיאָן פון די קליינע אינדוסטריעס און האַנטווערקערייען. אויף יעדע מיטינגען זיינען אַנוועזנדיק געווען

אָפיציעלע פאָרשטייער פון אַלע דריי ראַיאָנען: בראַגינסקי און בעליאַווסקי פון שטאָטישן, וואַסילי יעפּיפאַנאָוו און יאַקאָוו קראַוו־טשענקאָ — פון זאַוואָדסקאָי (בריאַנסקי) עזאָר־ראַיאָן, און אַן אַרבע־טער פון אַמור ניזשני־דניעפּראָווסק, וועמענס נאָמען עס האָט זיך ניט איינגעגעבן פעסטצושטעלן.

„די ערשטע פיר דעלעגאַטן זיינען אַרויסגעטראָטן אויף ביידע פאַרזאַמלונגען מיט רעדעס וועגן די לויפנדיקע אויפגאַבן פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, און דערביי אויך פון דאָס ניי דערקלערט פאַר וואָס זיי טרעטן אַרויס קעגן די פאָרשלאָגן פון די אינטעליגע־טן, אַז סיי דער „קאָמיטעט" און סיי די „צענטערס" זאָלן ניט דערוויילט ווערן פון די מיטגלידער, נאָר באַשטימט ווערן פון די אינטעליגענטן. די רעדנער האָבן דערביי באַטאָנט, אַז אין פאַל ווען דער פאָרשלאָג פון די אינטעליגענטן וועט אָנגענומען ווערן, וועלן די אַרבעטער פאַרלירן יעדע מעגלעכקייט צו ווירקן אויף דער טעטיקייט פון דער אָרגאַניזאַציע, און זיי וועלן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ בלינד געצייג פון די אינטעליגענטן.

„פון די דערמאָנטע דריי פאַרזאַמלונגען האָבן אין די ערשטע צוויי אָנטייל גענומען צו צוויי הונדערט מענטשן און אין דער דריטער — אַרום הונדערט" (דאָרט, ז"ז 383—384).

אין איינעם פון די ווייטערדיקע בריוו האָט קרעמעניעצקי געשריבן:

„ווי אַ צוגאָב צו מיינע באַריכטן פון דעם 23סטן, 29סטן און 30סטן פון פריערדיקן חודש, האָב איך דעם כבוד צוצוגעבן, אַז דער קאַמף אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע — צווישן די אינטעליגענטן און אַרבעטער — האָט זיך געענדיקט מיט אַ פולשטענדיקן ריס. די מיטגלידער פון די אָנפירנדיקע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס האָבן אָנגענומען אַ ריי שריט, וואָס וועלן זיכער פירן צו דער גרינדונג פון אַ זעלבשטענדיקער אָרגאַ־ניזאַציע אונטערן נאָמען „יעקאַטערינאָסלאַווער אַרבעטער־קאָמי־טעט", וועלכער וועט אַרבעטן אין גאַנצן אומאָפּהענגיק פון דעם פריערדיקן „קאָמיטעט".

„די אָנפירער פון דער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע האָבן אין

עטלעכע טעג אַרום אָפיציעל דערקלערט אַ באָיקאָט פון דעם צוגעשיקטן „קאָמיטעט" און אָנגעהויבן פונקציאָנירן אונטער דעם אַלטן יאַרליק: „יעקאַטערינאָסלאַווער קאָמיטעט ר.ס.ד.ר.פּ.".

„גלייכצייטיק האָבן זיי אַדרעסירט צו דעם „אָרגאַניזיר־קאָמיטעט" אין קיעוו אַ פאָדערונג, אַז דער „אָרגאַניזיר־קאָמיטעט" זאָל אָנערקענען דעם אַלטן קאָמיטעט, ווייל דער צווייטער פאַרטרעט אַ נישטיקן פּראָצענט מיטגלידער פון דער אָרטיקער אָרגאַניזאַציע".

אין צוויי וואָכן אַרום האָט קרעמעניעצקי ווייטער געמאָלדן זיין נאַטשאַלסטווע אין פּעטערבורג, אַז די פירער פון דער אַרבעטער־אָפּאָזיציע האָבן דעם 19טן און 20סטן אַפּריל (ערשטער מאַי לויט דעם נייעם קאַלענדאַר) צוזאַמענגערופן צוויי גרויסע פאַרזאַמלונגען,ביידע הינטער דער שטאָט, ריכטיקער, הינטער די שלאַכט־הייזער. אויף די מיטינגען האָט איינער פון זייערע פירער, בראַגינסקי, רעדנדיק וועגן די פלוגבלעטלעך, וואָס דער „קאָמיטעט" פאַרשפּרייט, פאַרזיכערט די פאַרזאַמלטע, אַז די דערמאָנטע גרופּע אינטעליגענטן האָט אויך אַרויסגעלאָזט אַ בלעטל אין נאָמען פון דעם יעקאַטערינאָסלאַווער קאָמיטעט, כאָטש ער האָט ניט געהאַט קיין רעכט צו באַצייכענען זיך ווי דער „יעקאַטערינאָסלאַווער קאָמיטעט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי", ווייל זיי פאַרטרעטן אַ קליינע גרופּקע אינטעליגענטן, וועלכע האָבן זיך אָפּגעשפּאָלטן פון דער אָרגאַניזאַציע. ער האָט דערביי געוואָרנט, אַז מען טאָר ניט מיטאַרבעטן מיט די בונטאַרן „ראַסקאָלניקעס"...

קרעמעניעצקי מעלדעט ווייטער, אַז דעם 21סטן אַפּריל האָט ער דורכגעפירט רעוויזיעס אין די דירות פון די באַקאַנטע טוער פון דער אַרבעטער־אָפּאָזיציע, און דערביי אַרעסטירט פינף פון זיי: אַראָן בעליאַווסקי, גאָרדייענקאָ און דריי אַנדערע.

און דאָ קומט אַ העכסט־פּיקאַנטער צוגאָב: „וואָס שייך זייער אמתן אָנפירער דאַוויד בראַגינסקי, האָבן מיר אים בכיוון ניט אַרעסטירט, ווייל ער שטייט נאָענט צו דער געהיימער דרוקעריי... און כדי צו פאַרשנעלערן דעם אַרעסט פון דער דרוקעריי, האָב איך אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז מיר זאָלן דעם גרעסטן

טייל פון אונדזער אויסשפּיר־אַרבעט קאָנצענטרירן אויף בראַ־גינסקין"... (דאָרט, ז. 185).

## וואָס „זעמלאַטשקע" האָט געשריבן וועגן יעקאַטערינאָסלאַווער בונט

חבר וואַלענטין, ווען דער קיעווער געהיימער צענטער פון די „איסקראָווצעס" אין דרום־רוסלאַנד, האָט אַריינגעשיקט קיין יעקאַטערינאָסלאַוו צוזאַמען מיט דריי אַנדערע יונגע „איסקראַ"־אַגענטן, איז פאַרבליבן אין דער שטאָט בסך־הכל 5—6 וואָכן. פריער האָט ער געלעבט אין פּאָלטאַווע, וווּהין די פּעטערבורגער זשאַנדאַרן האָבן אים פאַרשיקט צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע יונגע סטודענטן. ווען די אָרטיקע זשאַנדאַרן האָבן אים דערקענט און אַרעסטירט, האָט דער קיעווער צענטער אויף זיין אָרט אַריינ־געשיקט אַ דאַמע, וועלכע איז געווען באַקאַנט אונטער דעם נאָמען „זעמליאַטשקע".* זי איז געוואָרן די אָנפירערין פון דער קליינער גרופּע יונגע אינטעליגענטן, וועגן וועלכער איך האָב אויבן גע־שריבן. צווישן די בריוו, וואָס די זשאַנדאַרן האָבן פאַרכאַפּט, האָבן זיך אויך געפונען איניקע פון אירע טשיקאַווע בריוו.

(די בריוו האָט מען נאָך דער רעוואָלוציע אויך געפונען אין די אַרכיוון פון פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט אין פּעטערבורג, און דער קאָמוניסטישער „איסטפּאַרט" האָט זיי פאַרעפנטלעכט אין יאָר 1923).

ווי אַן אַריינפיר צו דעם פּעקל בריוו, וואָס די „זעמלאַטשקע" האָט געשריבן, דינט דאָ אַ בריוו, וואָס דער דירעקטאָר פון פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט האָט געשיקט צום נאַטשאַלניק פון דער יעקאַ־טערינאָסלאַווער „אָכראַנע". מיר לייענען דאָרט:

„ווי אַ צוגאָב צו דער שריפט פון 6טן מאַי (1903)... שיק איך

* „זעמלאַטשקע" איז דער פּסעוודאָנים פון אַ דעמאָלט וויכטיקער טוערין ר. ס. זאַלקינד. תיכף נאָך דער פּאַרטיי־שפּאַלטונג פון זומער 1903 איז זי צוגעשטאַנען צו לענינס באָלשעוויסטישער פראַקציע.

איך איבער „דאָוויערײַטעלנאַ" (שטרענג געהיים) קאָפּיעס פון די צוויי בריוו, וואָס מיר האָבן דערהאַלטן פון אונדזערע געהיימאַגענטן דעם 23סטן אַפּריל, אונטערגעשריבן פון דער „זעמלאַטשקע" אין יעקאַטערינאָסלאַוו, צו ראַבינאָוויטשן אין אָדעס, פאַר „א", און אַ צווייטן בריוו אין קיעוו, צו דער פעלדשעריצע קוגעלאָוואַ.

זי שרײַבט: איר מוזט אָננעמען אַ קלאָרע שטעלונג פאַר אונ־דזער צד. מיר האָבן באַשלאָסן צוצוגרייטן אַן אַפּלייקענונג מיט דער אונטערשריפט פון „אָליען" (אָרגאַניזיר־קאָמיטעט). מיר וועלן דאָס פלוגבלעטל אָבער ניט פאַרשפּרייטן ביז מיר וועלן ניט דער־האַלטן די דערלויבעניש פון אָליען.*

„איך חזר איבער: די אַרײַנמישונג פון אָליען אין דעם אַר־טיקן פלאַנטער מוז פאַרקומען באַלד, און אַן ווייטערדיקע קאַני־טעלן... ענטפערט באַלד; יעדע מינוט איז טייער... שיקט צו געלט וואָס שנעלער. איך האָב שוין אויסגעליען געלט פאַר אקולינען (די דרוקערײַ). אויב מיר וועלן האָבן איבעריק געלט, וועלן מיר איך אַרויסשיקן. אָבער איצט מוזט איר אונדז אומבאַדינגט העלפן... איך פיל זיך איצט אין גאַנצן אָפּגעריסן פון דער וועלט. דאָס שטערט דער אַרבעט. שוין באַלד 4 חדשים ווי מיר האָבן פון ערגעץ ניט געקראָגן קיין בריוו. איך ווייס בלויז, וואָס דאָ (אין יעקאַטערינאָסלאַוו) קומט פאָר, און דאָ איז די לאַגע אַ ביטערע. ניט גוט... העלפט אונדז באַלד אין אונדזער קריטישער לאַגע"...

ווייטער קומט אַ בריוו פון „זעמלאַטשקע", פון 15טן מאַי, צו ראַבינאָוויטשן אין אָדעס. פאַר חבר „א", יעווריעיסקאַיאַ אוליצאַ 8. זי שרײַבט:

„... עס פאַרדריסט, וואָס די פאַרבינדונג צווישן אונדז האָט זיך אַזוי שנעל איבערגעריסן. עס איז זייער ניט אָנגענעם, וואָס מײַן בקשה צו אײַך וועגן דעם „קאָמיטעט" איז ביז איצט גע־בליבן אָן אַן ענטפער. אײַלט זיך צו, אויב עס איז נאָר דאָ אַ מעג־לעכקייט...

* זעמליאַטשקע האָט אָפּגעדרוקט דאָס פלוגבלעטל ניט וואַרטנדיק אויף דער דערלויבעניש. — מ. כ.

„דאָ פילט זיך אַ געוואַלדיקער מאַנגל אין מענטשן. אַ סך זיינען זיך צעפאָרן. מיר קומט אויס צו טאָן אַליין אַ סך פאַרטיי־פונקציעס. אונטער אַזעלכע באַדינגונגען קאָן די אַרבעט, נאַטיר־לעך, ניט גיין ווי געהעריק. איך פיל, אַז איך מוז אַוועקפליען פון דאַנען וואָס שנעלער. לעבן מיר געפינען זיך דריי דאָקטוירים (שפיאָנען), אָבער עס פעלט די מעגלעכקייט צו געפינען אַ מענטש צו פאַרנעמען מיין פּלאַץ... לויפּסטו אַרום אומעטום אַליין באַגלייט פון די הינט. עס איז פאַסקודנע שווער פאַר דעם צושטאַנד פון אונדזער אָרגאַניזאַציע, און קיין געלט איז ניטאָ. דער מאַנגל אין געלט שטייגט איבער אַלע גרענעצן"...

ווי אַן ענטפער אויף דעם אַ איבערגעכאַפּטן בריוו האָט דער דירעקטאָר פון דעם דעפּאַרטאַמענט פון דער געהיים־פּאָליציי, לאָ־פּוכין אַליין, אַרויסגעשיקט פאָלגנדיקע טעלעגראַמע צום פּאָדפּאָל־קאָווניק קרעמעניעצקי:

„די „זעמלאַטשקע" האָט באַמערקט אירע נאָכשפּירער. זי קלייבט זיך אַוועקצופאָרן. נעמט אָן די נייטיקע שריט... דירעקטאָר לאָפּוכין".

קרעמעניעצקי האָט באַלד צוגעשיקט לאָפּוכינען אַ שיפרירטע טעלעגראַמע: „נאָך דעם ווי מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז די „זעמלאַטשקע" קלייבט זיך באַלד צו פאַרלאָזן די שטאָט צוליב די באַוווּסטע סיבות און כדי זי צו אַרעסטירן, האָב איך באַשלאָסן זי באַלד צו ליקווידירן. דעם 22סטן מאַי האָבן אונדזערע אַגענטן זי באַגלייט (דאָס הייסט נאָכגעשפּיאָנירט), ביז איר וווינונג און ניט פאַרלאָזן דאָס הויז ביז עלף אַ זייגער אין אָוונט. ווען אָבער אונדזערס אַן אָפיציר איז געקומען עלף אַ זייגער אין אָוונט צו מאַכן די רעוויזיע, האָט ער זי שוין ניט געפונען אין איר דירה און אַפילו ניט געפונען איר נאָמען אויף דער זייט פון דעם הויז־בוך, אויף וועלכער איר נאָמען האָט געזאָלט פיגורירן, די זייט האָט עמעצער אויסגעריסן. די אויספאָרשונג האָט באַלד פעסט־געשטעלט, אַז זי, די „זעמלאַטשקע", זאָל האָבן פאַרלאָזן דאָס הויז צוויי אַ זייגער נאָך מיטאָג און איבערגעלאָזט „צייטווייליק" ביי דער באַלעבאָסטע איר וואַליזקע מיט קליידער און וועש, זי

האָט געזאָגט, אַז זי פֿאָרט קיין קרים. איך האַלט אָבער, אַז זי איז נאָך דאָ. אַלנפֿאַלס האָבן מיר אָנגענומען אַלע נייטיקע מיטלען זי צו פֿאַרהאַלטן. אָבער אויב זי איז טאַקע אַוועקגעפֿאָרן, איז דאָס אַוודאי קיין קיעוו, אָדער גאָר דירעקט קיין אויסלאַנד אויפֿן צו־זאַמענפֿאָר״ (פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי — מ. כי־נאַי). אין אַ צווייטער טעלעגראַמע האָט קרעמעניעצקי געמאָלדן זיין נאַטשאַלסטווע אין פּעטערבורג, אַז ער האָט די זעלבע נאַכט אַרעסטירט די אומלעגאַלע טיפּאָגראַפֿיע פֿון די ״איסקראָווצעס״ צוזאַמען מיט דריי מענטשן, וועלכע האָבן דאָרט געאַרבעט. די טי־פּאָגראַפֿיע האָט געאַרבעט בלויז עטלעכע וואָכן. אין דער דרוקעריי האָבן מיר אַרעסטירט דריי מענטשן: א. ב. קושעל, זיין פֿרוי סאַראַ און אַ שריפֿטזעצער גינזבורג״...

(דאָס איז, אגב, געווען די דרוקעריי ״אַקולינאַ״, וועגן וועל־כער די ״זעמלאַטשקע״ האָט געמאָלדן מיט אַ קורצער צייט צוריק פֿאַר דעם אין איר בריוו צו אירע ״באַלעבאַטים״ אין קיעוו. וואָס שייך דער אַלטער דרוקעריי פֿון דער אָפּאָזיציע (דראַכאָנאָוו, בראַגינסקי, בעליאַווסקי א.א.) האָט זי געאַרבעט נאָך מער ווי אַ חודש צייט).

*

צום סוף ברענג איך דאָ נאָך אַ טשעקאַווע בריוו, וואָס האָט אַ גאָר נאָענטע שייכות צו אונדזער ענין. דער בריוו איז אונטער־געשריבן מיט דעם בוכשטאַב ״אַ״. (אמתער נאָמען שטיין) און איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פֿון יעקאַטערינאָסלאַוו. ער איז אַדרעסירט צו קוגעלאָוואַ אין יידישן שפּיטאָל פֿון קיעוו.

שטיין שרייבט: ״אָנגעקומען אַהער אָן שטערונגען דעם 3טן יוני. אָפּיציעלע געשפּרעכן מיט די ״בונטאַרן״ נאָך נישט געהאַט. איך האָב אָפּגעזוכט אין שטאָט פּריוואַטע פֿאַרבינדונגען מיט באַ־וועגונגס־מענטשן און געשמועסט מיט זיי אַ סך. די לאַגע איז אַ סך ערנסטער ווי מיר האָבן זיך פֿאָרגעשטעלט. די ״בונטאַרן״ האָבן אַן אייגענעם קאָמיטעט, וואָס האָט שוין אַרויסגעלאָזט אונטער דעם נאָמען פֿון קאָמיטעט צוויי געדרוקטע פּראָקלאַמאַציעס. איינע

וועגן דעם צאַרישן מאַניפעסט און די צווייטע וועגן דעם ערשטן מאַי (די לעצטע אין 7 טויזנט עקזעמפּלאַרן), אַחוץ דעם האָבן די „בונטאַרן" אַרויסגעלאָזט אַן אָפּגעדרוקטע פּראָקלאַמאַציע מיט אַזאַ אומגעפער אינהאַלט: „די טעג האָט מען פאַרשפּרייט פּראָקלאַמאַ־ציעס פון „א־קא", אָבער מיט דעם שטעמפּל פון „יעקאַטערינאָ־סלאַווער קאָמיטעט". מיר האָבן זיי ניט פאַרשפּרייט, און אַזוי ווייטער... מיר איז אויסגעקומען צו הערן אַזעלכע פראַגן: „איז עס מעגלעך, אַז די „איסקראָוועצעס" זאָלן זיך דערלויבן אַזאַ מיאוסן טריק, ווי באַצייכענען זיך מיטן טיטל „קאָמיטעט" — ווען זיי זיינען דאָס ניט?!

„די אָפּאָזיציע שטעלט זיך פאָר די גאַנצע געשיכטע אַזוי: עס זיינען געקומען, דער טייוול ווייס פון וואַנען און מיט וועמענס דערלויבעניש, „איסקראָוועצעס" און ניט פרעגנדיק ביי קיינעם קיין דערלויבעניש, האָבן זיי גענומען איינפירן נייע פאָריאַדקעס. דעריבער האָט די אָרגאַניזאַציע אויסגעקליבן נייע פירער פון זייער אייגענער סביבה און די ניט געבעטענע געסט געוויזן די טיר. זיי פילן זיך שטאַרק געטראָפן פון דעם, וואָס קיינער האָט אַפילו ניט פּרובירט צו איבערצייגן זיי מיט וועלכע עס איז לאָ־גישע אַרגומענטן, און האָבן אַרגומענטירט בלויז מיט סטראַשונ־קעס, ווי צום ביישפּיל: „איסקראַ" וועט אייך ניט געבן קיין ליטע־ראַטור. און זי איז איצט אַלץ... אין אַלגעמיין, אַ שרעקלעכע קאַשע, וואָס איז באַשמירט מיט פוטער פון קעגנזייטיקער שנאה און אומ־צוטרוי. די כוחות פון די בונטאַרן זיינען פילפאַכיק גרעסער ווי די כוחות פון די אָרטאָדאָקסן, וועלכע זיינען אַחוץ דעם געזעסן אין אַ גראָשן געלט, אָן אַ דרוקעריי, אָן פאַרבינדונגען...

„גענויער וועגן דעם וועל איך אייך שרייבן אין קומענדיקן בריוו".

## גרויסער פּאָליטישער שטרייק אין יעקאַטערינאָסלאַוו

אָנהייב אויגוסט איז אין אָדעס אויסגעבראָכן אַ גרויסער שטרייק, וואָס האָט לויט אייניקע סימנים געדראָט צו פאַרשפּרייטן זיך אויף אַנדערע דרום־רוסישע שטעט. פון אַן אַלטן באַקאַנטן,

דעם אַדוואָקאַט איליאַ פּאָלאָנסקי, דעם צוקונפטיקן גאָראָדסקאָי גאָלאָוואַ פון דער שטאָט יעקאַטערינאָסלאַוו, נאָך דער רעוואָלוציע פון 1917, האָבן איך זיך דערוווּסט, אַז אויך אין יעקאַטערינאָסלאַוו



איליאַ פּאָלאָנסקי

שטייען מיר פאַר אַ מעגלעכן גענעראַל-שטרייק, אונטער וועמענס דרוק עס וועט זיך מעגלעך איינגעבן צו מאַכן אַ סוף צו דער שפּאַלטונג. ער האָט מיר אויך דערציילט, אַז וואַלענטין און זיינע דריי חברים פון דעם „נייעם" קאָמיטעט זיינען שוין מער ניטאָ אין שטאָט. וואַלענטין איז אַרעסטירט געוואָרן מיט צוויי חדשים צוריק און די אַנדערע זיינען זיך צעפאָרן. אויף זייער אָרט האָט

דער ציטוויליקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער צענטער אַריינגעשיקט אין שטאָט איינעם פון די אָנגעזועענסטע פּאַרטיי־טוער, וועלכער איז געווען באַקאַנט אונטער דעם נאָמען „מאַקאַר”. ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, איז מאַקאַרס אמתער נאָמען געווען וויקטאָר נאָגין, דער זעלבער נאָגין, וואָס איז שפּעטער, נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, געוואָרן אַ מיטגליד פון דער סאָוועטן־רעגירונג. מאַקאַר האָט מיטגעבראַכט עטלעכע פּעיִקע רעוואָלוציאָנערע פּאַכלייט: אַ מאָסקווער אַרבעטער, וועמענס אמתן נאָמען איך האָב פאַרגעסן, אַ צווייטן אינטעליגענטן אַרבעטער מיכאַיִל ווילאַנאָוו און אַן אַלטע יעקאַטערינאָסלאַווער טוערין יעקאַטערינאַ גראָמאַן. די לעצטע האָט זיך ערשט צוריקגעקערט פון סיביר. דערציילנדיק מיר דאָס, האָט פּאַלאָנסקי צוגעגעבן, אַז מיט אַ טאָג פריער איז פאָרגעקומען אַ געמיינזאַמע זיצונג פון ביידע קעמפנדיקע קאָמיטעטן צו באַהאַנדלען די פראַגע וועגן אַ גענעראַל־שטרייק, ביי דעם צוזאַמענקום איז אויך באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן אַ געמיינזאַמען קאָמיטעט פאַר דער אָנפירונג פון דעם דערוואַרטן שטרייק. ווען אָבער עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ביידע קאָמיטעטן האָבן ניט אין דעם מאָמענט קיין אַרבעטספעיִקע דרוקעריי און עמעצער האָט דערמאָנט, אַז „סאַשאַ טיפּאָגראַף” איז איצט אין שטאָט, און האָט דערקלערט פאַר די, וואָס האָבן ניט געוווּסט, וועגן מיין דערפאַרונג אויף דעם געביט, איז איינשטימיק באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרהאַלטן מיך דאָ, ביז נאָכן שטרייק. מאַקאַר האָט אינסטרויִרט פּאַלאָנסקין צו פאַרבינדן זיך מיט מיר און פועלן ביי מיר, אַז איך זאָל דאָ בלייבן. „מאַקאַר אַליין וועט ביי אייך זיין היינט” — האָט פּאַלאָנסקי צוגעגעבן.

פון מאַקאַרן האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דער „פאַראייניקטער שטרייק־קאָמיטעט” האָט באַשלאָסן צו רופן אַלע אינדוסטריעלע אַרבעטער פון יעקאַטערינאָסלאַווער ראַיאָן צו אַ שטרייק, וואָס זאָל זיך אָנהייבן אין דריי טעג אַרום — נאַטירלעך, אויב די געהיימע דרוקעריי וועט אַרבעטן. ביי אַזעלכע באַדינגונגען האָט ניט געקענט זיין קיין פראַגע פון אָפּזאָגן זיך. איך האָב געקראָגן פון מאַקאַרן דעם אַדרעס פון דער נייער נאָך ניט איינגעאָרדנטער

דרוקעריי און בין אַוועק אַהין. זי האָט זיך געפונען אויף דער גאַס, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען פון באַרימטן רוסישן שריפטשטע־לער ניקאָלאַי גאָגאָל, ניט ווייט פון דעם הויז, ווו מיר האָבן מיט צוויי יאָר פאַר דעם געהאַט אונדזער ערשטע דרוקע־ריי, וואָס איז, אגב, נישט געווען די ערשטע. מיט אַ פּאָר יאָר פריער האָט דאָרט געהאַט זיין ערשטע דרוקעריי דער זשורנאַל „יוזשני ראַבאָטשי״, און פאַר דעם אויך דער ערשטער נומער פון דער צייטונג, וואָס דער ניי־געשאַפענער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער אַלרוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי האָט דאָרט איינגעאָרדנט. אירע שריפטזעצער און דרוקער זיינען אַרעסטירט געוואָרן צוזאַמען מיט דער דרוקעריי איידער דער ערשטער נומער איז פאַרטיק געוואָרן. דערוווּסט זיך וועגן דעם האָב איך זיך אָבער מיט יאָרן שפּעטער — נאָך דער רעוואָלוציע פון 1917.

די באַלעבאַטים פון דער דרוקעריי האָבן געמאַכט דעם איינ־דרוק פון מענטשן, וועלכע זיינען גוט צוגעפּאַסט צו דער ראָל, וואָס זיי האָבן אויף זיך גענומען. שאַפּיראָ דער באַלעבאָס, אַ סטאָ־ליער־אַרבעטער, האָט אין איינעם פון די צימערן איינגעאָרדנט אַ וואַרשטאַט, ווו ער פלעגט אויסאַרבעטן טישלעך, בענקלעך שטולן, און פון צייט צו צייט זיי אַרויספירן אויפן מאַרק צו פאַר־קויפן. זיין יונגע פרוי, די באַלעבאָסטע, האָט געפירט די ווירט־שאַפט און אויסגעמיטן צו נאָענטע פאַרבינדונגען מיט די אייגנ־טימער פון הויז, וועלכע האָבן געוווינט אין דעם זעלבן הויף. אין איינעם פון די שלאָפצימערן האָבן מיר איינגעאָרדנט די דרוקעריי. די מאַשינקע צום דרוקן די פּראָקלאַמאַציעס איז געווען אַ גענויע קאָפּיע פון דער, וואָס מיר האָבן געהאַט אין אונדזער ערשטער דרוקעריי. אויך די אַנדערע מכשירים, אַריינגערעכנט די שריפט, זיינען געווען אומגעפער די זעלבע, ווי אין אַלע פריערדיקע טיפּאָגראַפיעס אונדזערע. פּאַפּיר איז געווען גענוג. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פּאַפּיר פאַר דער דרוקעריי האָט צוגעשטעלט אַן אינטעליגענטע יידישע פאַמיליע מיטן נאָמען קייזער, וועמענס לאָקאַטאָר האָט פאַרטראָטן אין יעקאַטערינאָסלאַוו אַ פּאַפּיר־פאַב־ריק און האָט, ווי עס שיינט, סימפּאַטיזירט מיט אונדזער קאַמף

קעגן דער צאַרישער רעגירונג. כאָטש אַליין איז ער קיין סאָציאַליסט ניט געווען. עס האָט מיר גענומען אַ פּאָר שעה אויסצולייגן דעם שריפט אין דער קאַסע און איינאָרדענען אַלץ, אַז מען זאָל קענען צו יעדער צייט צוטרעטן צו דער אַרבעט.

ווען איך האָב ערב דעם גענעראַל־שטרייק געבראַכט אויף דער קאָנספּיראַטיווער דירה דאָס ערשטע פּעקל פּראָקלאַמאַציעס מיטן רוף צום שטרייק, האָב איך דאָרט געפונען מיין אַלטע באַקאַנטע און גוטן פריינד, קאַטיאַ גראָמאַן, וועלכע האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק פאַרטראָטן דעם קאָמיטעט אין אַלע אונדזערע פאַרבינדונגען מיט דער פּאַרטיי. דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די זשאַנדאַרן האָבן זי ניט לאַנג געהאַלטן אין טורמע און זי פאַרשיקט אין יעניסעיער גובערניע, אין סיביר. פון דאָרט איז זי באַלד אַנטלאָפן. זי איז ערשט צוריקגעקומען אויף דער איינלאַדונג פון איר אַלטן פריינד, מאַקאַרן, און מיט דער הסכמה פון דער „איסקראַ"־פירערשאַפט אין קיעוו. זי האָט געוווסט, אַז די לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס מאַכן דורך אַ שאַרפן קריזיס, זי האָט אָבער נאָך ניט געהאַט קיין צייט פונאַנדערצוקלייבן זיך אין די סיבות פון שטרייט און אין די כוחות־פאַרהעלטענישן פון די שטרייטנדיקע צדדים. אָבער אויך זי האָט געהאָפט, אַז די געמיינזאַמע אַרבעט אַרום דעם געפּלאַנטן שטרייק וועט פאַרהיילן די ווונדן, וואָס די אומטאַקטישע האַנדלונגען פון די יונגע אומדערפאַרענע אַגענטן פון דער „איסקראַ"־אָרגאַניזאַציע האָבן גורם געווען... זי האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס צימער, וווהין איך האָב געבראַכט די פרישע פּראָקלאַמאַציעס איז איר צייטווייליקע דירה בלויז אויף דער צייט, וואָס דער שטרייק וועט אָנהאַלטן און אויך, אַז איך וועל דאַרפן ברענגען די ליטעראַטור אַהער צו איר. מען וועט אָבער דאָס דאַרפן טאָן זייער פרי — ניט שפּעטער ווי פינף אַ זייגער פאַר טאָג. אויב ניט, וועט זיך צו שפּעט צו פאָרן צו דער שטרייק־קוואַרטיר אין טשעטשעלעווקע — זי וועט אויף מיר וואַרטן ביים אָפענעם פענצטער, און אַזוי ווי דאָס פענצטער גייט אַרויס אויף אַ שטיל געסל, וואָס אין דער צייט איז עס ליידיק פון מענטשן, און געפינט זיך דאָרט ביים טראָטואַר, וועל איך איר קאָנען איבערגעבן דאָס

פּעקל דירעקט אין די הענט, און זי, די טאָכטער פון דעם אָפּי־ציעלן פירער פון די אַדעליקע („פּרעוואָדיטעל דוואָריאַנסטוואַ״) פון וויאַטקער גובערניע, וועט זיין איבערגעטאָן ווי אַ פּראָסטע פּויערטע, וועט זיך באַמיִען אַרויפצוכאַפּן זיך אויף דעם ערשטן טראַמוויי, וואָס פאָרט אָפּ אין יענער צייט פון סאָבאָרנע פּלאַץ טאָקע ניט וויִיט פון איר דירה. אָבער פאַר וואָס עפּעס אַזוי פרי? — דערפאַר, האָט זי געענטפערט, וואָס שפּעטער וועלן די דריי־פיר גאַסן, וואָס פירן פון שטאָט אין די אַרבעטער־קוואַרטאַלן פון טשעטשעלעווקע, בריאַנסקער זאַוואָד און קיידאַקי, זיין פאַרפלייצט מיט פּאָליציי און שפּיאָנען „און אַפילו איר, אַ פּראָסטער באַבע, וואָס גייט פון אָזיערני־באַזאַר מיט איר קיישל, וועט זיין שווער דורכצוגיין״...

האָבנדיק דאָס אין זינען בין איך באַשטאַנען אויף דעם, אַז דעם מאַנוסקריפּט פאַר די וויטערדיקע פּראָקלאַמאַציעס מוז איך קריגן מיט אַ טאָג פריִער, ביי טאָג, און ניט אין אָוונט, ווייל די בלעטלעך וועט מען דאַרפן אויסזעצן און אָפּדרוקן פאַר פיר פאַר טאָג. ביי אונדזערע פּרימיטיווע באַדינגונגען קען דויערן אַרום אַכט שעה אָפּצודרוקן די 4—5 טויזנט פּראָקלאַמאַציעס... זי האָט אָנגענומען דעם באַדינג און האָט שוין דעם זעלבן טאָג איינגע־אָרדנט אַזוי, אַז דאָס מיידל, וואָס האָט געדאַרפט צונעמען ביי דעם שרייבער פון די פּראָקלאַמאַציעס (איליאַ ב. פּאָלאָנסקי) דעם מאַנוסקריפּט און אים ברענגען אין אַ צווייטער „פאַרשלייערטער״ דירה, ווו די באַלעבאָסטע פון דער דרוקעריי, חברטע שאַפּירא, האָט אויף זיי געוואַרט. מיר, פון אונדזער זייט, האָבן אויך אָפּגע־היט דעם פּלאַן. אונדזער שטיבל האָט געהאַט צוויי אַריינגענג — איינער פון בולוואַר און דער צווייטער פון הויף. פּונקט פיר פאַר טאָג פלעגט זיך עפענען די טיר און אַ יונגער בחור, וואָס האָט דעמאָלט אויסגעזען יונגער פון זיינע 19 יאָר, פלעגט זיך אַרויסשלייכן פון הויז אָנגעלאָדנט מיט פּראָקלאַמאַציעס אונטער זיין ברייטן זומער־מאַנטל. ער האָט רויק שפּאַצירט צום פּראָס־פּעקט, וואָס האָט דעמאָלט געהייסן יעקאַטערינינסקי (היינט — לענינסקי־פּראָספּעקט). ביים אָנקומען צום פּראָספּעקט פלעגט

ער פֿאַרקירעוועט רעכטס, באַרג־אַרויף צום סאָבאָרני־פּלאַץ, וואָס האָט געפֿירט צו דער גרויסער פּראַוואָסלאַוונער קירכע. אָנקומען אַהין פֿלעג איך פֿאַרן ערשטן טראַמווײַ און אַרײַן אין בײַדל פֿאַר פּאַסאַזשירן. זיצנדיק אין אים האָב איך געזען דאָס גאַנצע געסל פֿון סאָבאָר ביז צום שטאָטישן גאָרטן, וואָס האָט אַ מאָל געהייסן פּאָטיאָמקין־גאָרטן און טראָגט איצט דעם נאָמען פֿון פּאָעט טאַראַס שעווטשענקאָ. אויב די גאַס איז געווען פֿרײַ פֿון פּוסגייער, פֿלעג איך אַרויסגיין פֿון בײַדל און צוגיין צו גראַמאַנס אָפֿענעם פֿענצטער, און אויב איך האָב דאָרט קײנעם ניט געזען, פֿלעג איך אַרײַנוואַרפֿן מײַן פּעקל פֿלוגבלעטלעך אין צימער. דאָס פּאַלן פֿון פּעקל האָט שטענדיק באַוויזן אויפֿצוּוועקן קאַטיען און ווען איך פֿלעג אין אַ פּאָר מינוט אַרום אומקערן זיך פֿון מײַן קורצן שפּאַציר, פֿלעגט קאַטיע לאָזן וויסן אָן ווערטער, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג. איין מאָל אָבער זײַנען געווען שוועריקייטן. אַ נאַכט־שומר האָט מאַכנדיק זײַן שפּאַציר אַרום דעם בלאָק הײַזער, זיך פּלוצעם אָפּגעשטעלט. נו, האָב איך, באַטירלעך, ניט געהאַט קיין חשק אַרײַנצוּוואַרפֿן מײַן פּאַק ווען ער קוקט אויף מיר פֿון דער צווייטער זײַט גאַס. האָב איך געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז איך האָב זיך אין עפּעס דערמאָנט. כ׳האָב זיך אָפּגעשטעלט און פֿאַרקירעוועט אויף צוריק. גרויס איז געווען מײַן פֿרייד ווען איך האָב דערזען ווי קאַטיאַ איז אַרויס פֿון דער פֿראָנט־טיר — ניט געוואָלט, ווײַזט אויס, קריכן דורכן פֿענצטער, ווען דער נאַכט־וועכטער שטייט אַנטקעגן. זי איז אַרויס און פֿאַרקירעוועט זיך צום טראַמווײַ־בײַדל, און איך — נאָך איר. קוים איז זי אַרײַן אין טראַמווײַ, ווי דער קאָנדוקטאָר האָט געלאָזט גיין דעם וואַגאָן. ניט טראַכטנדיק לאַנג, בין איך אַרויפֿגעשפּרונגען אויף דער פּלאַטפֿאָרמע, זיך אַוועקגעזעצט נעבן קאַטיען. און פֿאַרפֿירט אַ געשפּרעך מיט דער „פּויערטע". צערעדט זיך מיט איר און אומבאַמערקט פֿון קאָנדוקטאָר אַוועקגעלייגט נעבן דער „פּויערטע" מײַן פּעקל, וואָס זי האָט געשיקט אַרײַנגעלייגט אין איר מאַרק־קוישל. באַלד נאָך דעם ווי דער טראַמווײַ האָט זיך פֿאַרקירעוועט צום פּראָספּעקט, בין איך אַראָפּגעשפּרונגען פֿון וואַגאָן און רויִק, שטיל און אומגע־

שטערט צוריקגעקומען אין אונדזער דירה. דאָ האָבן די באַלע־באַטים געוואַרט ביי דער טיר און נאָך איידער איך האָב באַוויזן צורירן זיך צו דער קליאַמקע, האָט די טיר זיך געעפנט און מיך איינגעשלונגען.

אונדזערע פּראָקלאַמאַציעס, געשריבן פון דעם אַדוואָקאַט און צוקונפטיקן „גאָראָדסקאָי גאָלאָוואַ” איליאַ פּאָלאָנסקי, האָבן שטאַרק אויסגענומען ביי די אַרבעטער. דאָס איז פאַר מיר געווען אַן איבעראַשונג. איך האָב געהאַלטן, אַז אונדזער איינציקער אין יענעם מאָמענט שריפטשטעלער שרייבט צו טרוקן, אָן פייער און טעמפעראַמענט. ניט געקוקט אָבער אויף דעם, האָבן שוין נאָך די ערשטע עטלעכע טויזנט בלעטלעך די אַרבעטער אַוועקגעוואָרפן די אַרבעט און אַרויס אויפן גרויסן פּלאַץ וואָס נעבן בריאַנסקי־זאַוואָד און מיט ענטוזיאַזם אויפגענומען אונדזערע רעדנער: די ברידער עססען („באַראָן און „בור”), די אַרבעטער טשירקין און אַרסעני און יעקאַטערינאַ גראָמאַן. די לעצטע האָט באַזונדערס שטאַרק אויסגענומען ביים עולם. אַ שיינע, יונגע בלאָנדינקע, מיט אַן עכט רוסיש פּנים און אַ זעלטן שיינער און שטאַרקער ווייט־גרייכנדיקער שטימע, האָט זי זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַן אויסערגעוויינלעך גוטע רעדנערין פאַר די פאָלקס־מאַסן. שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אַלע אונדזערע רעדנער זיינען פון די אַרבעטער וואַרעם אויפגענומען געוואָרן, און זיי האָבן זיי אַרומגערינגלט מיט אַזאַ געדיכטער מאַסע, אַז די גרויסע צאָל פּאָליציאַנטן און שפּיאָנען האָט זיך קיין מאָל ניט איינגעגעבן צו־צוקומען צו די רעדנער.

ביים רופן צום שטרייק האָט דער קאָמיטעט צו ערשט אַרויסגעשטעלט כמעט אויסשליסלעך ריין עקאָנאָמישע פאָדערונגען, אָבער שוין ביי קאַטיאַ גראָמאַנס ערשטער רעדע האָט זי באַמערקט, אַז דער גרויסער עולם רעאַגירט מיט מער ענטוזיאַזם אויף דער קריטיק פון דער רעגירונג ווי אויף דער קריטיק פון דער פאַבריק־אַדמיניסטראַציע. האָט זי, און נאָך איר די אַנדערע רעדנער, גערעדט קודם כל וועגן דער אַרבעטער־פיינטלעכער פּאָליטיק פון

דער רעגירונג, איר באַרבאַרישער באַהאַנדלונג פון די פויערים און די ברייטע פאָלקסמאַסן אין אַלגעמיין.

די קאָזאַקן, וואָס דער גובערנאַטאָר האָט אַראָפּגעבראַכט, כדי ניט צו דערלאָזן, אַז די אַרבעטער פון די גרויסע פאַבריקן זאָלן אָפּשטעלן די אַרבעט און אַרויס אין גאַס, האָבן שוין דעם ערשטן טאָג געשאָסן אויף די שטרייקערס, ווען יענע האָבן ניט גערעכנט זיך מיטן פאַרבאָט. דערביי האָבן זיי געטויט 11 אַרבעטער און פאַרוווּנדעט 12 אַנדערע. דאָס האָט אָבער דעם שטרייק ניט אָפּ־געשטעלט. די שיסעריי האָט געהאַט אַ פאַרקערטע ווירקונג. אַר־בעטער פון אַזעלכע צעכן און פאַבריקן, וועלכע האָבן צו ערשט איגנאָרירט דעם שטרייק־רוף, האָבן נאָך דער שיסעריי אַוועקגע־וואָרפן די אַרבעט און אַרויס אין שטרייק. צו מאָרגנס זיינען זיי אין גאַנצן ניט געקומען צו דער אַרבעט. אין די טויזנטער האָבן זיי געשטראָמט צו די צוויי גרויסע פעלדער, וואָס האָבן זיך געפו־נען נעבן בריאַנסקי־ און עזאַאו־זאַוואָדן און מיט גרויס ענטוזיאַזם אַפּלאָדירט די רעוואָלוציאָנערע רעדעס. די מיטינגען זיינען אָנגעגאַנגען. געשרייען „נידער מיט דער זעלבסטהערשאַפט פון די צאַרן!‟ האָבן זיך געלאָזט הערן אַלץ אָפטער. אייניקע פון די אַר־בעטער האָבן געזאָגט, אַז „די שיסעריי וועט זיי ניט אָנשרעקן. עס איז אַ רעפּעטיציע פון דער אָנקומענדיקער רעוואָלוציע!‟ — אַזוי האָט געשריבן דער צוקונפטיקער מיטגליד פון דער סאָוועטן־רע־גירונג, דער פאָלקס־קאָמיסאַר וויקטאָר נאָגין, אין זיינע זכרונות.

שרייבנדיק וועגן דעם שטרייק האָט ער צוגעגעבן: „מיר האָט מען אָנפאַרטרויט די אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן אַ דרוקעריי. צו דעם צוועק האָב איך איינגעלאַדן דעם חבר סאַשאַ גאָראָדסקאָי און ער האָט די אויפגאַבע דורכגעפירט מיט גרויס דערפאָלג‟ (זע דאָס דערמאָנטע בוך „יעקאַטערינאָסלאַוו‟ ז. 364). אונטער די נעמען „סאַשאַ גאָראָדסקאָי‟ און „סאַשאַ טיפּאָגראַף‟ האָבן די פּי־רער פון דער אָרגאַניזאַציע געקענט דעם שרייבער פון די שורות.

פאַר דעם האָט נאָגין געשריבן: „ביי מיין אָנקומען אין יעקאַ־טערינאָסלאַוו, יולי 1903, האָב איך דאָרט געפונען אַ זייער שוואַכע אָרגאַניזאַציע פון „איסקראָווצעס‟, וואָס האָט געציילט ניט מער ווי

35 מיטגלידער. צווישן זיי געדענק איך די חברים גורעוויטש, סערגיי אַבראַזצאָוו און איליאַ פּאָלאָנסקי. צווישן די אַקטיווע טוער געדענק איך מישאַ זאַוואָדסקאָי (ווילאַנאָוו) און סאַשאַ גאָראָד־סקאָי"... ווען מען נאָמען ער האָט קיין מאָל ניט געוווסט. און דאָס איז אַלץ. וויקטאָר נאָגין איז זייער שפּאַרעוודיק מיט ווערטער. ער האָט דאָ אַפילו ניט דערמאָנט די אַקטיוויסטע און פּראָמינענט־סטע פון זיי אַלע, — זיין זייער נאָענטן פריינד, יעקאַטערינאַ גראָ־מאַן, מיט וועמען ער איז געווען פאַרשיקט אין סיביר. נאָר אפשר טוט ער דאָס דערפאַר, וואָס ביים שרייבן די זכרונות, איז איר נאָמען שוין געווען טריף אין סאָוועט־רוסלאַנד. זי איז געווען אַן אַקטיווע מענשעוויסטקע, און ער — אַ לאָיאַלער באָלשעוויק.

## באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס אין טורמע

באַלד נאָכן גענעראַל־שטרייק האָט זיך פּאַקטיש פאַרענדיקט די שפּאַלטונג אין דער יעקאַטערינאָסלאַווער סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישער אָרגאַניזאַציע. אין דער געמיינזאַמער אַרבעט אַרום דעם שטרייק זיינען פאַרשוווּנדן די פריערדיקע שטרייט־פראַגן. מאַקאַר איז געווען דער ערשטער דאָס צו דערפילן און ער האָט באַפוילן די קנאַפּע 35 מיטגלידער פון דער אָפּאָזיציע אויפצולייזן זייער באַזונדערע אָרגאַניזאַציע. און זיי האָבן אים געפאָלגט. וואָס שייך דער דרוקעריי, וואָס איך האָב איינגעאָרדנט ערב דעם שטרייק, האָט זי ענדלעך באַקומען דעם זעצער, וואָס זי האָט דערוואַרט. דער פאַראייניקטער קאָמיטעט האָט מיך אָבער געבעטן צו בלייבן אַ צייט אין שטאָט ווי דער פאַראַנטוואָרטלעכער פירער פון דעם שטאָטישן דיסטריקט און דער פאַרטרעטער פון דעם דיסטריקט אין צענטער. איך האָב זיך ניט אָפּגעזאָגט, ווייל איך האָב געוווסט, אַז כמעט אַלע אָנפירנדיקע חברים, מיטן אויסנאַם פון חבר נאָגין, האָבן באַלד נאָכן שטרייק געמוזט פאַרלאָזן די שטאָט. מיין נייעם פּאַרטיי־אַמט איז מיר אויסגעקומען צו פאַרנעמען אַ זייער קורצע צייט — בלויז פינף וואָכן. איך בין אַרעסטירט געוואָרן דורך אַ

צופאַל, אונטער דעם פאַרדאַכט, אַז איך בין אַ שטרייקער, וואָס פאַרשפּרייט פּראָקלאַמאַציעס און מען האָט מיך אַריינגעזעצט אין דעם פּאָליציי־אוטשאַסטאָק, וואָס האָט זיך געפונען האַרט ביי דער וואַנט פון דער גרויסער טורמע. דאָ האָב איך פאַרבראַכט בלויז אַ פּאָר טעג ביז עס האָט זיך אָפּגעליידיקט אַ קאַמער אין דער טורמע.

קעגן דעם טויש האָב איך ניט געהאַט קיין סיבה צו פּראָטעס־טירן. דער ראש פון דעם 4טן אוטשאַסטאָק האָט כשר פאַרדינט זיין רעפּוטאַציע פון אַ ברוטאַלן שונא פון די פּאָליטישע געפאַנגע־נע און, פאַרקערט, דער תפיסה־נאַטשאַלניק פון יענעם צייט־אָפּ־שניט האָט געשמט ווי אַ ציוויליזירטער טשינאָווניק, אָן די סאַדיס־טישע נייגונגען פון זיין שכן.

אין דער טורמע איז דעמאָלט געווען אַ גרויס געדרענגעניש אויף פּאָליטישע געפאַנגענע. דער גרעסטער טייל — אַ ירושה פון דעם גאַר וואָס פאַרענדיקטן פּאָליטישן גענעראַל־שטרייק. אַ צאָל פון זיי האָב איך פערזענלעך געקענט, מיט איינעם פון זיי בין איך געווען גאָענט באַפריינדט. בין איך דעריבער געווען אָנגענעם איבערראַשט ווען מען האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ קאַמער, וווּ מיין שכן איז געווען מיין נאָענטער חבר און פריינד, דאַוויד בראַגינ־סקי, וועלכער האָט זיך אַרויסגערוקט ווי דער וויכטיקסטער פירער פון דער אָפּאָזיציע, וואָס האָט ניט דערלאָזט, אַז מען זאָל אויפ־לייזן דעם אַלטן קאָמיטעט.

די ערשטע פראַגע, וואָס בראַגינסקי האָט מיר געשטעלט ביים אַריבערשפּאַנען די שוועל פון זיין קאַמער, איז געווען:

— האָסטו נייעס פון פאַרטיי־צוזאַמענפאָר?

נו, האָב איך אים דערציילט דאָס וואָס איך האָב זיך ערשט דערוווּסט פון דעם באַריכט פון ראָסטאָווער דעלעגאַט לאָקערמאַן, וועלכער האָט זיך ערשט צוריקגעקערט פון צוזאַמענפאָר אין לאָנ־דאָן, זיך אָפּגעשטעלט אין יעקאַטערינאָסלאַוו און איבערגעגעבן וועגן דעם גרויסן קריזיס, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אויף דעם צוזאַמענפאָר.

דעם באַריכט האָט דער ראָסטאָווער דעלעגאַט אָפּגעגעבן אויף

אַ געהיימער זיצונג פון „פּאַראײניקטן" קאָמיטעט, וואָס וויקטאָר נאָגין האָט צוזאַמענגערופן. צו דער זיצונג האָט נאָגין איינגע־לאַדן בלויז מיטגלידער פונעם קאָמיטעט און געמאַכט אַן אויס־נאַם פאַר מיר, כאָטש איך בין נאָך ניט געווען קיין מיטגליד פון קאָמיטעט. ער איז, ווי עס שיינט, געווען זיכער, אַז די אַנדערע מיטגלידער פון קאָמיטעט וועלן ניט אויסזעצן קעגן זיין האַנדלונג, באַזונדערס, ווען זיי האָבן געוווּסט וועגן מיין אַרבעט אין די גע־היימע דרוקערייען.

חבר לאָקערמאַן האָט דערציילט, אַז אויפן צוזאַמענפאָר זיינען געווען פאַרטראָטן 43 דעלעגאַטן פון 26 אָרגאַניזאַציעס מיט פולע שטים־רעכט און אַ קלענערער צאָל אַזעלכע פּאַרטיי־טוער, וועלכע האָבן געהאַט רעכט צו באַטייליקן זיך אין די דיסקוסיעס, אָבער שטימען האָבן זיי ניט געקאָנט.

ער האָט צוגעגעבן, אַז יעקאַטערינאָסלאַוו איז געווען פאַר־טראָטן מיט צוויי דעלעגאַטן, די מאַנדאַט־קאָמיסיע האָט זיי צו־געלאָזט, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס די מערסטע פון זיי האָבן געוווּסט, אַז די צוויי דעלעגאַטן האָבן פאַקטיש פאַרטראָטן בלויז עטלעכע צענדליק מיטגלידער, און די אָפּאָזיציע — 800 מיטגלי־דער.

דער ראָסטאָווער דעלעגאַט אַרקאַדי האָט צוגעגעבן, אַז פון די צוויי „יעקאַטערינאָסלאַווער דעלעגאַטן" האָט איינער (פּיאָדאָר) געמאָלדן, אַז ער בלייבט אין אויסלאַנד פאַרצוזעצן זיין בילדונג, און דער צווייטער („לענסקי־לעאָנידאָוו") רייסט איבער מיט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און שליסט זיך אָן אין דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג. מיט יאָרן שפּעטער, נאָך דעם ווי די באָלשעוויסטישע איבערקערעניש האָט זיך באַפעסטיקט אין רוס־לאַנד, האָט ער צוריקגעקערט זיך אין סאָוועטן־לאַנד און געשפּילט די ראָל פון אַ מאַרקסיסט־לעניניסט.

אַרקאַדי האָט צוגעגעבן, אַז פון די 43 דעלעגאַטן מיט שטים־רעכט האָט, דוכט זיך, בלויז איינער אָנגעהערט צו דער אַזוי גערופענער „מעסיקער" ריכטונג פון דעם זשורנאַל „ראַבאָטשעיע

דיעלאָ". אַלע אַנדערע זיינען, ווי־ז אויס, געווען אויסגעשפּראָ־כענע תלמידים פון דער ראַדיקאַלער „איסקראָ"־ריכטונג.

און דאָך איז ניטאָ מיט וואָס צו פרייען זיך, דער פּאַרטיי־צוזאַ־מענפאָר, וואָס די „איסקראָווצעס" האָבן צוגעגרייט אין איינקלאַנג מיטן פּראָגראַם פון דער „איסקראָ"־ריכטונג, האָט זיך פאַרענ־דיקט מיט אַ שפּאַלטונג פון די „איסקראָווצעס", אַ שפּאַלטונג, „וואָס איז שאַרפער און ביטערער ווי וועלכע פון אונדזערע פריערדיקע שטרייטן און שפּאַלטונגען"...

ווי און פאַר וואָס איז עס געקומען צו דעם? — האָט בראַגינ־סקי ניט אויפגעהערט צו פרעגן.

איך האָב געמוזט מודה זיין, אַז אָט דער קאַרדינאַלער פּונקט איז מיר דערווייל נאָך ניט קלאָר. פון דעם, וואָס עס האָט דער־ציילט דער ראָסטאָווער דעלעגאַט, דערמאָן איך זיך בלויז, אַז דער ערשטער קאָנפליקט איז אויפגעשווומען ווען מען האָט דיס־קוטירט די פּאַרטיי־סטאַטוטן. ריכטיקער, זייער ערשטן פּונקט, נעמלעך, דעם פּונקט: וועמען זאָלן מיר באַטראַכטן ווי אַ פּאַרטיי־מיטגליד? עס זיינען געווען צוויי פאָרמולירונגען: איינע האָט פאָרגעשלאָגן מאַרטאָוו; די צווייטע — לענין.

מאַרטאָווס פּראָיעקט האָט זיך געלייענט אַזוי:

„פאַר אַ מיטגליד פון דער פּאַרטיי רעכנט זיך יעדער, וועלכער נעמט אָן איר פּראָגראַם, שטיצט זי פינאַנציעל און העלפט איר רעגלמעסיק אין איר אַרבעט, אונטער דער פירערשאַפט פון איי־נער פון אירע אָרגאַניזאַציעס".

לענינס פּראָיעקט אָבער האָט געשטרעבט צו באַגרענעצן די ראַמען פון דער פּאַרטיי, ווי מען קאָן עס זען פון זיין טעקסט:

„פאַר אַ מיטגליד פון דער פּאַרטיי רעכנט זיך בלויז דער, וועלכער נעמט אָן דעם פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי און שטיצט זי דורך זיין פערזענלעכן אָנטייל אין איינער פון די פּאַרטיי־אָרגאַ־ניזאַציעס".

פון די ווייטערדיקע דיסקוסיעס פון די פּאַרטיי־סטאַטוטן, האָט דערציילט דער ראָסטאָווער דעלעגאַט, איז פאַר פיל קלאָר געוואָרן, אַז לענין שטרעבט צו באַגרענעצן די מיטגלידערשאַפט פון דער

פּאַרטיי אויף אַזאַ אופן, אַז זי זאָל באַשטיין בלויז פון פּראָפעסיאָ־נעלע רעוואָלוציאָנערן. מאַרטאָוו מיט זיינע פריינד זיינען אָבער גע־ווען גרייט צו באַטראַכטן פאַר פולבאַרעכטיקטע מיטגלידער ניט בלויז די פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן, נאָר אויך די אַקטיווע, אויפ־געקלערטע אַרבעטער, וועלכע קענען ניט צוליב זייערע לעבנס־באַדינגונגען ווערן מיטגלידער פון קאָנספּיראַטיווע אָרגאַניזאַ־ציעס... זיי קענען אָפּגעבן דער פּאַרטיי זייער פרייע צייט. זיי קענען פאַרשפּרייטן פּראָקלאַמאַציעס, זאַמלען געלט פאַר איר, דעמאָנ־סטרירן אויף די גאַסן. זיי קענען גיין אין טורמע און אין פאַר־שיקונג, אָבער צוליב די ספּעציפישע באַדינגונגען פון זייער לעבן, קענען זיי ניט אַלע מאָל אַריינטרעטן אין קאָמיטעט, אָדער אין וועלכע עס איז אַנדערע געהיימע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס...

איבער אָט די רעזאָלוציעס האָט דער צוזאַמענפאָר געשטימט צוויי מאָל און ביידע מאָל איז לענין דורכגעפאַלן. ביי דער ערש־טער אָפּשטימונג איז מאַרטאָווס פּראָיעקט דורכגעגאַנגען מיט 28 שטימען קעגן 22, איינער האָט זיך אָפּגעהאַלטן. ביי דער צווייטער, ענדגילטיקער אָפּשטימונג איז אָט די רעזאָלוציע דורכגעגאַנגען מיט נאָך אַ גרעסערע מערהייט — 35 פאַר, איינער קעגן און 12 האָבן זיך אָפּגעהאַלטן...

ווען מען האָט אָבער שפּעטער געשטימט איבער די אַנדערע שטרייט־פּונקטן פון די סטאַטוטן, וועגן דעם צוזאַמענשטעל פון דער „איסקראַ״־רעדאַקציע, און די אַנדערע צענטראַלע קערפּער־שאַפטן פון דער פּאַרטיי, האָט אָפּגעהאַלטן אַ נצחון לענין. ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך געווען? איז דער ענטפער אַ גאַנץ פשוטער. ביי די פריערדיקע אָפּשטימונגען האָבן די בונדיסטישע דעלעגאַטן געשטימט מיט מאַרטאָוון, אָבער נאָך דעם ווי די בונדישע רעזאָ־לוציע, וואָס האָט געפאָדערט נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע פאַרן „בונד״ אין דער פּאַרטיי, איז דורכגעפאַלן, האָבן די פינף דעלעגאַטן פון בונדישן צענטראַל־קאָמיטעט דעמאָנסטראַטיוו פאַר־לאָזן דעם צוזאַמענפאָר. נאָך זייער אַוועקגיין זיינען לענינס פאַר־שלאַגן וועגן דעם צוזאַמענשטעל פון די צענטראַלע קערפּערשאַפטן

דורכגעגאַנגען. אמת, מיט אַ זייער קליינער מערהייט, אָפט בלויז מיט אַ מערהייט פון איין־צוויי שטימען.

אָבער ווי ניט קליין די דאָזיקע מערהייט איז געווען, האָט זי דאָך אַנטשידן די וויכטיקע שטרייט־פראַגע, וואָס איז געשטאַנען פאַרן צוזאַמענפאָר — די פראַגע פון דעמאָקראַטיע און דיקטאַטור אין די אַנפירנדיקע קערפּערשאַפטן פון דער פּאַרטיי. אַט די אָפּ־שטימונגען האָבן געגעבן דער רעדאַקציע פון „איסקראַ" און דעם צענטראַל־קאָמיטעט מיט לענינען בראש אַ געוואַלדיק גרויסע מאַכט איבער דער פּאַרטיי און שטאַרק פאַרקלענערט די אויטאָנאָ־מיע פון די אָרטיקע קאָמיטעטן.

מיט דעם פּונקט, האָט דער ראָסטאָווער דעלעגאַט געזאָגט, איז דער צענטראַל־קאָמיטעט, באַזונדערס דער טייל פון קאָמיטעט וואָס געפינט זיך אין אויסלאַנד און ווערט דאָמיניר'ט פון לענינען, געוואָרן דער אַלמעכטיקער באַלעבאָס פון דער פּאַרטיי. די מיט־גלידער פון די אָרטיקע קאָמיטעטן ווערן באַשטימט און אַראָפּגע־זעצט פון אויבן פון דעם צענטראַל־קאָמיטעט און פון זיינע אַגענטן אָן דער מינדסטער אַנצוהערעניש אויף לאָקאַלער אויטאָ־נאָמיע.

די אָפּאָזיציע, וועמענס וויכטיקע וואָרטזאָגער זיינען געווען מאַרטאָוו, אַקסעלראָד, פּאָטרעסאָוו און טראָצקי, האָבן אין די דיק־טירטע באַשלוסן פון לענינען געזען אַ פּרוּוו צו פאַרוואַנדלען די פּאַרטיי אין אַ קערפּערשאַפט פון פאַרשווערער מיט אים, לענינען, ווי איר אַלמעכטיקער קאָמאַנדיר, אַ זאַך, וואָס איז, לויט זייער מיינונג געפערלעך און שעדלעך.

צום סוף פון צוזאַמענפאָר, ווען עס איז געקומען די צייט פאַר די דעלעגאַטן צו שטימען פאַר קאַנדידאַטן צום צענטראַל־קאָמי־טעט, איז די שטימונג אין זאַל געווען אַזאַ קריגערישע און פיינט־לעכע, אַז די קעגנער פון לענינס פּאָזיציע האָבן זיך אַלע אָפּגעזאָגט אַרויסצושטעלן זייער קאַנדידאַטור. דאָס האָט דערפירט צו דעם, אַז אין נייעם צענטראַל־קאָמיטעט זיינען אויסגעקליבן געוואָרן נאָר דריי מיטגלידער — אַלע דריי אויסגעשפּראָכענע אָנהענגער פון לענינס פּלענער. ווי אַ רעזולטאַט פון דעם, האָט די מינדערהייט,

וואָס איז ביז דעם מאָמענט, ווען די בונדישע דעלעגאַטן האָבן פאַרלאָזט דעם זאַל, געווען די מערהייט, איצט באַיקאָטירט די וואַלן פון אַלע צענטראַלע קערפּערשאַפטן...

*

מיין באַריכט פון דעם, וואָס איך האָב געדענקט פון דעם רע־פעראַט פון ראָסטאָווער דעלעגאַט, האָט געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק אויף בראַגינסקין. די איבעריקע מער אינטעליגענטערע מיטגלידער פון דער געוועזענער „אָפּאָזיציע" און מיט וועלכע מיר, בראַגינסקי און איך, האָבן צו מאָרגנס געטיילט זיך מיט דעם באַריכט פון ראָסטאָווער דעלעגאַט, האָבן צו ערשט זייער סקעפּטיש אויפגענומען מיין נוסח פון לאָקערמאַנס רעפעראַט. זיי האָבן ניט געהאַט קיין חשק צו גלייבן, אַז אַזאַ מענטש ווי לענין איז פעיִק צו נעמען אַן אַנטי־פּראָלעטאַרישע פּאָזיציע אין אַזעלכע ערנסטע פּראָבלעמען ווי דאָס פּראָבלעם פון זעלבשטענדיקייט פון אַרבעטער־אַוואַנגאַרד, אָדער אין דער פראַגע פון געבן פּאַרטיי־מיטגלי־דער שטים־רעכט ביים אויסקלייבן מיטגלידער פון אָנפירנדיקע קערפּערשאַפטן פון שטאָט און דיסטריקט־מאַסשטאַב.

אַזוינע זאַכן — האָבן זיי געטענהט — האָבן מיר געקענט דערוואַרטן פון אַזעלכע יונגע און גרינע טוער ווי לעאָנידאָוו, וואַ־לענטין און זייערע צוויי יוגנטלעכע חברים, וועלכע די „אָ־קאָ" האָט צו אונדז אַריינגעשיקט לעצטן ווינטער מיט אינסטרוקציעס אויפצולייזן די אַרבעטער־צענטערס צוזאַמען מיט דער אויטאָנאָ־מיע, וואָס מיר האָבן אויסגעקעמפט מיט אַנדערהאַלבן יאָר צוריק. פון אַזעלכע יונגע האָבן מיר דאָס געקענט דערוואַרטן, אָבער ניט פון וועטעראַנען פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, ווי לענין, קאַמעניעוו און זינאָוויעוו.

דאָס, אומגעפער, איז געווען די פּאָזיציע פון דער מערהייט רעדנער, וועלכע האָבן אָנטיילגענומען אין אונדזערע עפנטלעכע דיסקוסיעס אין טורמע. אין זיי האָבן זיך באַטייליקט אַלע פּאָלי־טישע געפאַנגענע פון די צוועלף קאַמערן פון טורמע־בלאָק „אַנעקס" קעגנאיבער דעם הויפּטקאָרפּוס און די צוויי באַשניעס (טורמעס)

פונעם זעלבן קאָרפּוס, אין וועלכן עס זיינען געזעסן אַ צאָל אַנגע־זעענע פּאָליטישע געפאַנגענע, וועמענס פענצטער זיינען אַרויס צו דער איין־גאָרנדיקער געביידע פון דעם „אַנעקס" מיט אירע פּאָ־ליטישע געפאַנגענע אין זייערע קאַמערן. דער טורמע־רעזשים איז אין יענער צייט געווען אַ „ליבעראַלער" און די אַדמיניסטראַ־ציע האָט ניט געשטערט אונדזערע „פאַרזאַמלונגען". שפּעטער, אין אַ יאָר אַרום, איז דער רעזשים פאַרערגערט געוואָרן און די פּאָלי־טישע געפאַנגענע האָבן פון דאָס ניי געמוזט קעמפן פאַר אַ צוריק־קער צום „ליבעראַליזם".

אייניקע רעדעס זיינען געווען זייער אינטערעסאַנט. אַ באַזונ־דערס שטאַרקן איינדרוק האָט אויף די געפאַנגענע געמאַכט אַ שריפטלעכער פּאָרטראַג, וואָס עס האָט צוגעשטעלט אַ פאַרהעלט־נישמעסיק נייער טוער פון דער יעקאַטערינאָסלאַווער אָרגאַניזאַציע, אַ מאַן, וועלכער איז ביז זיין אַרעסט געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען „פּיאָטר פּעטראָוויטש", אָבער אין טורמע האָבן מיר אים געקענט אונטער זיין אמתן נאָמען: וויקטאָר אַלעקסעיעוויטש וואַנאָווסקי, אַ זון פון סענאַטאָר וואַנאָווסקי.

וויקטאָר וואַנאָווסקי איז געווען אַ וועטעראַן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג, אין וועלכער ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין יאָר 1890, מיט 13—14 יאָר פאַר דעם. ווען מיר האָבן זיך באַגעגנט מיט אים אין טורמע, איז ער שוין געהאַט געזעסן עט־לעכע מאָל, דערינטער דריי יאָר אין דער פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג. ער האָט אויך געאַרבעט אין אונטערערדישע טיפּאָ־גראַפיעס פון צענטראַל־רוסלאַנד און אין דער זעלבער צייט גע־שריבן אין די לעגאַלע מאַרקסיסטישע זשורנאַלן, ווו ער האָט אַרויסגעוויזן גרויס ערודיציע, אַ קלאָרן פאַרשטאַנד און אַ גלענצנ־דיקע פען. זיין עלטערער ברודער, אַלעקסאַנדער, איז אגב געווען אַ דעלעגאַט פון מאָסקווע צום ערשטן סאָציאַל־דעמאָקראַטישן צוזאַמענפאָר, וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1898 אין מינסק. אויך ער האָט שפּעטער געאַרבעט אין געהיימע דרוקערייען פון צענטראַל־ און צפון־רוסלאַנד. נאָכן זיג פון די באָלשעוויקעס אין 1918—1919, איז אַלעקסאַנדער וואַנאָווסקי אַנטלאָפן קיין יאַפּאַן,

ווו ער איז אין פאַרלויף פון פיל יאָרן געווען פּראָפעסאָר פון פילאָזאָפיע אין אַ יאַפּאַנישן אוניווערסיטעט. זיין ברודער וויקטאָר, איז דורך אַ צופאַל געבליבן שטעקן אין טיומען, מערב־סיביר.

אין די ערשטע טעג פון אונדזער דיסקוסיע וועגן פאַרטיי־קאָנגרעס און דער טראַגישער שפּאַלטונג, מיט וועלכער דער קאָנגרעס האָט זיך פאַרענדיקט, האָט וויקטאָר וואַנאָווסקי זיך ניט באַטייליקט אין די דעבאַטן. ער איז געזעסןביים פענצטער פון דעם אויבערשטן טורעם פון הויפּט־קאָרפּוס, צוגעהערט זיך צו דער דיסקוסיע — און געשוויגן. ווען מיר האָבן ביי אים ענדלעך גע־פּועלט ער זאָל אויך נעמען דאָס וואָרט, האָט ער צוגעשטימט, אָבער געשטעלט אַ באַדינג, — מען זאָל אים דערלויבן צו פאָר־מולירן זיינע געדאַנקען שריפטלעך. אַזוי, האָט ער געזאָגט, וועט אים זיין לייכטער און באַקוועמער פאַר די מערסטע חברים, וועלכע זיצן אין דעם גרעסטן קאָרפּוס פון דער טורמע, ער וואָלט געוואָלט, אַז אויך זיי זאָלן נאָכפאָלגן אונדזער דיסקוסיע פון זיין מאַנוסקריפּט, וואָס ער וועט צוגרייטן אין אַ פּאָר טעג. אין צוויי־דריי טעג אַרום איז דער מאַנוסקריפּט געווען פאַרטיק. ווען דער וועכטער האָט זיך פאַררעדט מיט די חברים ביים צווייטן עק הויף, האָט וואַנאָווסקי אַראָפּגעלאָזן דעם מאַנוסקריפּט, וואָס איז געווען צוגעבונדן צו אַ שטריקל, און ער איז אַוועק שפּאַצירן איבער די קאַמערן פון דער טורמע. שוין דער ערשטער בליק אויף דעם דיקן העפט האָט אונדז געלאָזט וויסן, אַז דער טאַלאַנטפולער ליטעראַט וואַנאָווסקי האָט פאַר זיין אַרעסט באַוויזן אויפמערקזאַם אויסצושטודירן לענינס בראָשור „טשטאָ דעלאַט?” (וואָס דאַרף מען טאָן?) — און פאַרצייכנט אין זיין זכרון אַלע וויכטיקע שטעלן פון לענינס ביכל, וואָס איז מיט דער צייט געוואָרן ביי לענינס תלמידים אַ מין הייליקע תורה פון באָלשעוויזם. וואַנאָווסקי האָט זיך געקליבן שרייבן וועגן דעם ביכל. זיין אַרעסט האָט אָבער צעשטערט דעם פּלאַן, האָט ער איצט אויסגענוצט די געלעגנהייט און האָט שאַרף קריטיקירט די באָלשעוויסטישע עוואַנגעליע אין דער האָפענונג, אַז זיין געפאַנגענע אוידיטאָריע וועט עפּעס לער־נען פון דער קריטיק. אגב, האָט מען אין די מערסטע קאַמערן

געלייענט און דיסקוטירט צווישן זיך וואַנאָווסקיס ביכל בציבור, כדי ניט האַלטן צו לאַנג דאָס ביכל אין דער קאַמער און גיבן די אַנדערע חברים אַ געלעגנהייט וואָס שנעלער עס איבערצולייענען. דערביי איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז אין אונדזער גרויסער תפיסה־קאַמונע בין איך געווען דער איינציקער, וועלכער האָט שוין געהאַט אַ געלעגנהייט צו זען לענינס בראָשור פאַרן אַרעסט. איך האָב זי באַקומען אויף צוויי טעג, באַוויזן איבערצולייענען מיט אַ געוואַלדיקן אינטערעס, אָבער ניט געהאַט קיין צייט אַריינצו־טראַכטן זיך אין איר, אָדער, וואָס איז אפשר נאָך וויכטיקער, צו פאַרדייען אירע נייע פאַר מיר געדאַנקען. אגב, בין איך אין דעם פאַל ניט געווען קיין אויסנאַם. אַ צאָל פּראָמינענטע פירער פון די מענשעוויקעס, מאַרטאָוו, דאַן, פּאָטרעסאָוו, פּלעכאַנאָוו, האָבן זיך שפּעטער מודה געווען אין דער צייטונג „איסקראַ", אַז נאָכן דורכלייענען די בראָשור, האָבן זיי שטאַרק געלויבט לענינען פאַר זיין גלענצנדיקן פּאַמפלעט, דעם זעלבן, וואָס זיי האָבן איצט אַזוי שטאַרק קריטיקירט...

וויקטאָר וואַנאָווסקי האָט ציטירט אויף אויסנווייניק פון לענינס בראָשור אַ ריי פון די מער אינטערעסאַנטע פּלעצער, וואָס זיינען זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר לענינס פילאָזאָפיע פון געשיכטע.* זיינע ציטאַטן און די קאָמענטאַרן צו זיי האָבן מיר פּערזענלעך געהאָלפן אַריינטראַכטן זיך אין לענינס אַפּיקורסישע געדאַנקען און מיט דער צייט פאַרנעמען מיין פּלאַץ אין די רייען פון די דע־מאָקראַטישע סאָציאַליסטן פון דער מענשעוויסטישער ריכטונג. געשען אָבער איז דאָס ניט מיט אַ מאָל. ערשט נאָך דעם ווי איך האָב אין תפיסה איבערגעלייענט נאָך אַ מאָל אויפמערקזאַם לענינס „טשטאָ דעלאַט?", האָב איך געהאַט אַ געלעגנהייט צו איבערצייגן זיך, אַז וואַנאָווסקי האָט ריכטיק ציטירט לענינס ביכל און ריכטיק אויסגעטייטשט דעם באַהאַלטענעם מיין פון לענינס תורה, וואָס

* וואָס איז געוואָרן פון וואַנאָווסקיס מאַנוסקריפּט — ווייס איך ניט. איך האָב געהערט, אַז ער האָט אים איבערגעשיקט קיין אויסלאַנד און ער איז פאַרלאָרן געגאַנגען אין וועג.

איז אין פולער סתירה מיט אונדזער מאַרקסיסטישער פילאָזאָפיע.
עס האָט מיר אויך געהאָלפן דער פאַקט, וואָס צו יענער צייט האָבן מיר שוין אין טורמע דערהאַלטן דורך אונדזער „פּאָטשטאַליאָן", חברטע דוניאַ זאַרזשעווסקאַיאַ, די נומערן פון דער באַנייטער „איסקראַ" אונטער דער אַלטער רעדאַקציע, אָבער אָן לענינען. אין די נומערן האָבן מיר געשלונגען די באַרימטע אַרטיקלען פון די חברים פּאַוועל אַקסעלראָד, פּאָטרעסאָוו, מאַרטאָוו און טראָצקי, און מיט צופרידנקייט געפונען אין זיי די זעלבע ציטאַטן און די זעלבע אויספירן, וועלכע מיר האָבן פאַר דעם געלייענט אין וואַנאָווסקיס מאַנוסקריפּט. וואָס זיינען דאָס פאַר אַ ציטאַטן? — צום באַדויערן, איז אין די ראַמען פון דער אַרבעט אוממעגלעך צו ברענגען זיי אַלע, אַפילו ווען איך זאָל זיי שטאַרק קירצן. איך וועל זיך דעריבער באַנוגענען מיט די פון זיי, וואָס האָבן געמאַכט דעם שטאַרקסטן איינדרוק אויף מיר און מיינע חברים.

„די געשיכטע פון אַלע לענדער זאָגט עדות — האָט לענין געשריבן — אַז מיט זיינע אייגענע כוחות איז דער אַרבעטער־קלאַס פעיִק צו דערטראַכטן זיך בלויז צו אַ טרייד־יוניאָניסטישן באַוווּסטזיין, וואָס דאָס מיינט, צום געדאַנק, אַז די אַרבעטער דאַרפן זיך פאַראייניקן אין פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, דאַרפן פירן אַ קאַמף מיט די אַרבעטסגעבער, דאַרפן פאָדערן פון דער רעגירונג, אַז זי זאָל דורכפירן געזעצן גינסטיקע פאַר די אַרבעטער, און אַזוי ווייטער. די לערע אָבער פון סאָציאַליזם איז אויסגעוואַקסן פון יענע פילאָזאָפישע, היסטאָרישע און עקאָנאָמישע טעאָריעס, וואָס עס האָבן אויסגעאַרבעט פאַרטרעטער פון די פאַרמעגלעכע קלאַסן, די אינטעליגענטן, די באַגרינדער פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם מאַרקס, ענגעלס און לאַסאַל. האָבן אַליין באַלאַנגט לויט זייער סאָציאַל'ער לאַגע, צו דער בירגערלעכער אינטעליגענץ".

אָט דעם פונדאַמענטאַלן פונקט פון זיין געשיכטע־פילאָזאָפיע האָט לענין ניט אויפגעהערט איבערצוחזרן אין זיין ביכל „וואָס טאָן?". ער האָט, צום ביישפּיל, געשריבן, אַז די אַרבעטער־באַוועגונג אַליין קען אַנטוויקלען און אַרויסברענגען בלויז טרייד־יוניאָניזם, אָבער די טרייד־יוניאָניסטישע באַוועגונג פון אַר־

בעטער־קלאַס איז אַ בירגערלעכע („בורזשואַזע״) באַוועגונג. קיין אייגענעם סאָציאַלדעמאָקראַטישן באַוווסטזיין האָבן די אַרבעטער ניט געקענט האָבן, זי האָט געמוזט אַריינגעטראָגן ווערן פון דרויסן״.

קריטיקירנדיק אָט די מיינונג האָט וואַנאָווסקיס מאַנוסקריפּט זיך פאַררופן אויף דעם קלאַסישן טרייד־יוניאָניזם פון די ענגלישע אַרבעטער, ווו די סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי איז אויס־געוואַקסן פון דער טרייד־יוניאָניסטישער באַוועגונג, אָן דער מינדס־טער ווירקונג פון מאַרקסן, ענגעלסן, אָדער לאַסאַלן, ווי דאָס איז געווען אין דייטשלאַנד. אירע אָרגאַניזאַטאָרן און פירער — קעיר האַרדי, הענדערסאָן און מעקדאָנאַלד — האָבן קיין מאָל ניט גע־שמעקט קיין מאַרקסיזם און האַלטן ניט פון אים אויך היינט. אויך ביי אונדז אין רוסלאַנד לערנט די געשיכטע פּונקט דעם היפוך פון דעם, וואָס לענין לערנט, האָט פאַרזיכערט וואַנאָווסקי, און דער־מאָנט דעם מאַרקסיסט לענין מיט ציטאַטן פון מאַרקסן און ענגעלסן, אַז „די אידעאַלע אָפּשפּיגלונג (פון סאָציאַליזם) אין די קעפּ פון די אַרבעטער קומט פריער פון אַלץ אין די מוחות פון דעם קלאַס, וועלכער ליידט אַמשטאַרקסטן פון קאַפּיטאַליזם, דעם קלאַס פון די אַרבעטער. דער וויסנשאַפטלעכער סאָציאַליזם שטעלט פאַר מיט זיך אַן אָפּשפּיגלונג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג.״*

און ווען עמעצער פון די טורמע־דיסקוטאַנטן האָט דערמאָנט וואַנאָווסקין, אַז „דאָס איז געווען אין אייראָפּע; ביי אונדז אין רוס־לאַנד איז די אַנטוויקלונג געגאַנגען אין גאַנצן אַנדערש: די ערשטע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע גרופּע — די גרופּע פון באַפרייונג פון אַרבעט — איז באַשטאַנען אויסשליסלעך פון אינטעליגענטן: ג. פּלע־כאַנאָוו, וו. זאַסוליטש, פּ. ב. אַקסעלראָד, לעוו דעיטש און וו. פּ. איג־נאַטאָוו״, האָט וואַנאָווסקי דערמאָנט דעם רעדנער, אַז דאָס איז ניט אין גאַנצן ריכטיק. די גרופּע „פאַר דער באַפרייונג פון אַרבעט״ האָט זיך געגרינדעט אין אויסלאַנד אין 1883, אָבער דער ערשטער סאָציאַליסטישער פּראָגראַם איז אין רוסלאַנד פאַרעפנטלעכט געוואָרן מיט פיר יאָר פאַר דעם — אין יאָר 1879 — פון דעם „סעווערני

* זע דעם קאַפּיטל „די אַנטוויקלונג פון וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם״, אין ענגעלסעס בוך „אַנטי־דירינג״.

ראַבאָטשי סאָיוז״ („צפונדיקן אַרבעטער־בונד״) וועמענס גרינדער עס זיינען געווען אַ שלאָסער אָבנאָרסקי און אַ טישלער כאַלטורין. אין אָט דעם פּראָגראַם זייערן זענען צום ערשטן מאָל אין רוסלאַנד אַרויסגעבראַכט געוואָרן די וויכטיקסטע טעזן פון סאָציאַליסטישן געדאַנק אין מערב־אייראָפּע. אין דעם פּראָגראַם האָט געפונען איר פּלאַץ, האָט געזאָגט וואנאָווסקי, אַפילו די צעטיילונג אויף דעם פּראָגראַם־מאַקסימום, וואָס צייכנט אָן דעם ענדציל פון אונדזער באַוועגונג — סאָציאַליזם, און דעם פּראָגראַם־מינימום פאַר אונדזער צייט — די פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און סאָציאַלע רעפאָרמען.

די און אַנדערע טעאָרעטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע לענינס אידעען, וואָס זיינען צום ערשטן מאָל אויפגעדעקט געוואָרן אין אונ־דזערע דיסקוסיעס אין דער יעקאַטערינאָסלאַווער טורמע, האָבן געמאַכט אַ שטאַרקן, אומפאַרגעסלעכן איינדרוק אויף דעם גרעסטן טייל פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרעסטירטע. וואָס לענגער עס האָבן געדויערט אונדזערע דיסקוסיעס, און וואָס לענגער און אינטענסיווער עס איז אָנגעגאַנגען אונדזער שטודיע פון לענינס טעאָריעס וועגן דער ראָל, וואָס עס שפּילן „בלינדע״ און „באַוווסט־זיניקע״ כוחות אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, אויך וועגן די אַרבעטער־מאַסן, און די אינטעליגענטן, וועלכע זיינען באַרופן, לויט לענינען, צו פירן די מאַסן — אַלץ מיט אַ שטאַרקערן אינטערעס איז אָנגע־גאַנגען אין אונדזער טורמע דאָס שטודירן דעם רייכן מאַטעריאַל, וואָס מיר האָבן געקראָגן דורך די געהיימע וועגן, וועלכע האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין רשות פון אונדזער חברטע דוניאַ זאַר־זשעווסקאַיאַ, געקראָגן פון אויסלאַנד דורך דעם זשורנאַל „איסקראַ״, אין דער פאָרעם פון ביכלעך און פּאַמפלעטן, וואָס די לענין־פראַק־ציע און זיינע קעגנער האָבן אונדז צוגעשיקט.

עס איז אמת, אַז צווישן די פּאָליטישע אַרעסטירטע האָבן זיך אויך געפונען סאָציאַל־דעמאָקראַטן פון לענינס ריכטונג, וועלכע האָבן זיך באַצייכנט ווי באָלשעוויקעס און זיינען מיט אונדז ניט מסכים געווען. צווישן זיי האָבן זיך אויך געפונען אַזעלכע וויכטיקע פירער און טוער פון באָלשעוויזם ווי ניקאָליי סקריפּניק, וועלכער האָט פאַר דער פּאַרטיי־שפּאַלטונג געשריבן פון צייט צו צייט אין

דער „איסקראַ“ און נאָך דער שפּאַלטונג — אין לעניִנס אָרגאַנען, און ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, אויך אַ מיטגליד פון באָלשעוויסטישן צענטראַל־קאָמיטעט פאַר און נאָך דעם באָלשעוויסטישן זיג. ער איז געוואָרן דער הויפּט־פירער פון דער באָלשעוויסטישער רעגירונג אין אוקראַיִנע, אַן אַמט, וואָס ער האָט פאַרנומען ביז זיין טראַגישן טויט אין די יאָרן פון סטאַלינס מאַסן־טעראָר. סקריפּניק איז, ווי איך שרייב ווייטער, רעהאַביליטירט געוואָרן ערשט 24 יאָר נאָך זיין טויט.

די צאָל פון אַזעלכע אינטעליגענטן־באָלשעוויקעס איז אין אונדזער טורמע געווען זייער קליין און זייער איינפלוס אויף די אינטעליגענטע אַרבעטער־מעטאַליסטן פון די אָרטיקע גרויסע זאַוואָדן, ווי ניקאָליי באָריסענקאָ, יעגאָר קוזניעצאָוו, ניקיפאָר קאַשקין און יאַקאָוו קראַווטשענקאָ* איז געווען זייער באַגרענעצט. זיי פלעגן זיך אָנשטויסן אויף אַזעלכע פראַגן, אויף וועלכע די אָנהענגער פון באָלשעוויזם האָבן ניט תמיד געקענט געבן אַ צופרידנשטעלנדיקן ענטפער. איינער פון אָט די אַרבעטער (מיר שיינט, אַז דאָס איז טאַקע געווען יאַקאָוו קראַווטשענקאָ), האָט אין איינער פון די עפנטלעכע דיסקוסיעס מיט אַן אינטעליגענטן באָלשעוויק פאַרזיכערט, אַז אַ „סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע קוקט אויף אינטעליגענטע אַרבעטער ווי אויף שטיפקינדער, איז ניט ווערט קיין צעבראָכענעם גראָשן. מיר, אין יעקאַטערינאָסלאַוו, האָבן שטענדיק געקעמפט פאַר גלייכע רעכט מיט די אינטעליגענטן און וועלן דאָס ווייטער טאָן. דאָס וואָס מיר האָבן איצטער, נאָך דער שפּאַלטונג פון דער פּאַרטיי, זיך דערוווּסט פון לעניִנס צוואַנגעליע, האָט אונדז נאָך מער איבערצייגט, ווי וויכטיק עס איז ניט צו דערלאָזן, אַז חברים מיט דיפּלאָמען פון גימנאַזיע אָדער אוניווערסיטעט זאָלן אונדז דיקטירן, זאָלן הערשן איבער אונדז“.

* אַ פּראָמינענטער אַרבעטער־פירער פון די באַן־וואַרשטאַטן פון יעקאַטערינאָסלאַווער באַן־ליניע און אַ פעטער פון אַ סאָוועטישן דעלעגאַט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וועלכער האָט געבעטן די דערלויבעניש ביי דער אַמעריקאַנער רעגירונג צו בלייבן דאָ און איז באַלד נאָך דעם באַרימט געוואָרן אין אַלע ציוויליזירטע לענדער מיט זיין בוך „איך האָב אויסגעקליבן פרייהייט“, ניו־יאָרק, 1946.

„יעקאַטערינאָסלאַוו וועט מער קיין מאָל ניט זיין אין דעם באָל־שעוויסטישן לאַגער", האָט צוגעגעבן אַ יעקאַטערינאָסלאַווער חבר, וועלכער איז בייגעווען ביי דעם געשפּרעך. און איז טאַקע ניט געווען — וועל איך דאָ צוגעבן. מיטן אויסנאַם פון עטלעכע קורצע פּעריאָדן, ווען נאָך די אַרעסטן פון דעם מענשעוויסטישן קאָמיטעט, האָבן זיינע קעגנער פאַרנומען די פּלעצער פון די אַרעסטירטע, האָבן אַלע אָנפירנדיקע קאָלעקטיוון פון די יעקאַטערינאָסלאַווער סאָציאַל־דעמאָקראַטן שטענדיק נאָכגעפאָלגט די פּאָליטישע פּאַרטיי־ליניע פון די מענשעוויקעס און זיי זיינען געבליבן ביי דער ליניע ביז צו דער צייט ווען די לענין־מאַכט האָט צעטריבן די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג און פּראָקלאַמירט די „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט", — אַ דיקטאַטור, וואָס איז פון די באַדייטנדיקע שיכטן פון די אַרבעטנדיקע אויסגעטייטשט געוואָרן ווי די „דיקטאַטור איבער דעם פּראָלעטאַריאַט".

# פיאָטר סמידאָוויטש

ווען טעלעגראַמעס פון מאָסקווע האָבן דעם 17טן אַפּריל 1935 געמאָלדן וועגן פּלוצלינגן טויט פונעם „אַלטן באָלשעוויק", „מיט־גליד פון אַלפאַרבאַנדישן פּרעזידיום" און סאָוועטישן וויצע־פּרעזי־דענט פּיאָטר גערמאַגענאָוויטש סמידאָוויטש, איז די דאָזיקע נייעס פאַר מיר פּערזענלעך געווען אַ פּיינלעכע איבערראַשונג.

מיט פינף מאָנאַטן צוריק זיין פרוי, און איצט — ער.

ווען איך האָב זיך לעצטן סעפּטעמבער געזען מיט זיי אין מאָסקווע, בין איך אַוועק פון זיי מיט דעם איינדרוק, אַז צווישן די אַלטע סאָלדאַטן פון דער רוסישער רעוואָלוציע — אונדזערע אַמאָליקע חברים און מיטקעמפּער — זיינען די סמידאָוויטשעס די „יינגסטע". איך האָב זיי ניט געזען אַ יאָר 28, און מיין ערשטער איינדרוק איז געווען, אַז די צייט האָט אין זיי אין גאַנצן פאַרגעסן. אַזוי „יונג" מונטער, אויסערלעך געזונט, און אַרבעטספעיִק האָבן זיי אויסגעקוקט.

מיט מאַדאַם סמידאָוויטש האָב איך זיך באַגעגנט אין פּאַלאַץ פון דער „אַלטער גוואַרדיע" אין „הויז פון אַלטע באָלשעוויקעס", וועמעס געזעלשאַפט האָט דעמאָלט, אין סעפּטעמבער 1934, געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער פּאַרטיי־דיקטאַטור פון סאָוועטן־פאַרבאַנד. מאַדאַם סמידאָוויטש איז דאָרט געווען איינע פון די הויפּט־אָנפירערינס, די וויצע־פּרעזידענטין.

זי איז געזעסן הינטער אַ גרויסן שרייבטיש און אויפגענומען באַזוכער — וויכטיקע פּאַרטיי־ און מלוכה־טוער, מיטגלידער פון דעם „קלוב פון די אויסדערוויילטע", דער געזעלשאַפט פון „אַלטע באָלשעוויקעס". די גאַנצע פּראָצעדור איז פאַר מיר געווען ניי, טשיקאַווע. איך האָב איר ניט געשטערט, פאַרזיכערט, אַז איך

האָב צייט און זי קען אָנגיין מיט אירע קאָנפערענצן. זופנדיק די טיי, מיט וועלכע זי האָט געהייסן מיך מכבד זיין, האָב איך זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו די פּאָר מיר נייע און כמעט אומפּאָר־שטענדלעכע געשפּרעכן פון די אַמאָליקע באַקאַנטע...

אין מיטן פון אַ הייסן וויכוח מיט אַ פּראָווינציעלן באַלשעוויק, ווענדט זי זיך פּלוצים מיט אַ פראַגע צו מיר. זי וויל וויסן אויב איך האָב זיך שוין געזען מיט אונדזער אַלטער באַקאַנטער, דער איצט אָנגעזעענער באַלשעוויסטישער טוערין, לודמילאַ ניקאָלאַ־יעוונאַ סטאַל. ווען זי האָט דערהערט אַז ניין, האָט זי געזאָגט, אַז סטאַל וווינט אין קרעמעל צוזאַמען מיט נאַדעזשדאַ קאָנסטאַנטי־נאָוונאַ (לענינס אַלמנה) און איר טעלעפאָן איז „קרעמעל 7—545". גלייכצייטיק האָט זי מיר שוין געגעבן דעם אַדרעס און טעלעפאָן פון אַ צווייטער אַלמנה — דער פרוי פון פאַרשטאָרבענעם באַלשע־וויסטישן פירער און קאָמיסאַר וויקטאָר נאָגין, אָלגאַ פּאַוולאָוונאַ, מיט וועלכער מיר האָבן אַ מאָל צוזאַמען געאַרבעט אין יעקאַטערינאָ־סלאַוו.

אַ דאַנק איר זיינען אַלע שוועריקייטן אין מיין פּאַרזוך צו באַגעגענען זיך מיט איר מאַן, דעם אַלמעכטיקן מיטגליד פון סאָ־וועטישן פּרעזידיום, באַזייטיקט געוואָרן נאָך איידער איך האָב זיך מיט די דאָזיקע שוועריקייטן באַגעגנט.

זי האָט אַ קלונג געטאָן אין דער קאַנצעלאַריע פון „וציק" און באַפוילן דעם קאָמענדאַנט פון דער געביידע, וואָס לאָזט קיינעם ניט אַריין אָן אַ ספּעציעלן צעטל, דורכצולאָזן מיך ווען איך וועל ווייזן מיין אַמעריקאַנער פּאַספּאָרט. גלייכצייטיק האָט זי אָפּגערופן סמי־דאָוויטשעס סעקרעטאַרין און געבעטן אים זאָגן, אַז איך בין אין מאָסקווע און וואָלט וועלן וויסן ווען ער האָט צייט מיך אויפצו־נעמען. די צייט איז באַשטימט געוואָרן טאַקע אויפן זעלבן טאָג און מיר האָבן זיך באַגעגנט.

מיט אים האָבן מיר געהאַט אַ לאַנגן געשפּרעך, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט אַ ספּעציעלן אינטערוויו, וואָס ער האָט געגעבן פאַרן „פאָרווערטס". וועגן דעם דאָזיקן אינטערוויו האָב איך טעלעגראַפירט

נאָך פון אייראָפּע. איך וויל אָבער באַטאָנען צוויי מאָמענטן פון דעם דאָזיקן געשפּרעך.

דעם ערשטן מאָמענט האָב איך פאַרצייכנט, ווען ריידנדיק וועגן די דערגרייכונגען פון דער רוסישער רעוואָלוציע מיט איר איצטיקן פּרווו צו שאַפן אַ קלאַסנלאָזע, אינדוסטריעל־אַנטוויקלטע און עקאָנאָמיש־אומאָפּהענגיקע פון קאַפּיטאַליסטישע לענדער, סאָציאַליסטישע אָרדענונג, האָט ער פּלוצים באַמערקט, דאָס „דער וועג צום סאָציאַליזם האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין פיל שווערער, לענגער און אין גאַנצן אַנדערש ווי מיר האָבן זיך אַ מאָל פאָרגעשטעלט".

דער צווייטער מאָמענט איז געקומען, ווען איך האָב זיך דערמאָנט, אַז ער איז דער אָפּיציעלער הויפּט פון „קאָמזעט", וואָס האָט צו טאָן מיט אַלע פּלענער פון באַזעצן יידן אויף לאַנד, און אַז ער ווערט באַטראַכט פאַר דעם איניציאַטאָר פון דער קרימער, ביראָ־בידזשאַנער און אַנדערע אויטאָנאָמע יידישע „רעפּובליקן".

איך האָב געוואָלט וויסן, וואָס עס באַהאַלט זיך הינטער קאַליִנס מאָדנער דעקלאַראַציע פון 7טן מאַי, אַז ביראָ־בידזשאַן, ווו עס וועלן דערוויַיל ניט מער ווי צען טויזנט יידישע נפשות, ווערט פּראָקלאַמירט פאַר אַן „אויטאָנאָמער יידישער טעריטאָריע".

מיט אַ פעסטן טאָן פון אַ מלוכה־מאַן, וואָס ווייס, אַז זיין יעדעס וואָרט האָט געוויכט, האָט ער מיר געזאָגט, אַז „די סאָוועטן־רעגירונג איז איצט צו פיל באַשעפטיקט מיט אַנדערע אומגעהייער וויכטיקע און שווערע פּראָבלעמען" און „קען נאָך ניט אונטערנעמען קיין גרויסע מאַסן־קאָלאָניזאַציע פון יידן אין ביראָ־בידזשאַן". „דאָס וואָס עס איז ביז איצט געטאָן געוואָרן אויפן געביט פון יידישער קאָלאָניזאַציע" — האָט ער פאָרגעזעצט, — „איז געווען ניט מער ווי אַמאַטאָרישע אַרבעט פון פּריוואַטע און האַלב־פּריוואַטע געזעלשאַפטן. די אַרבעט איז דעריבער ניט תמיד געטאָן געוואָרן ווי געהעריק. עס איז געפירט געוואָר אויף אַ קליינעם מאָסשטאַב און געווען אָרגאַניזירט ניט פאַכמעניש. עס האָבן אויך אויסגעפעלט די אמת־גרויסע מיטלען וואָס זענען נייטיק פאַר אַזאַ אַרבעט, און דערפאַר איז זי געווען אַ דורכפאַל".

„ערשט אין אַ יאָר אָדער צוויי אַרום — האָט ער פאַרענדיקט — וועט די סאָוועטן־רעגירונג מעגלעך די פראַגע אַוועקשטעלן אויפן טאָג־אָרדענונג אַלס אַ מלוכה־פראַגע. ערשט דאַן וועט באַשלאָסן ווערן אויב די יידישע קאָלאָניזאַציע אין בירא־בידזשאַן פאַרדינט צו ווערן אַ מלוכה־פּראָבלעם. אויב יאָ, וועט באַשטימט ווערן אַ ספּעציעלע, אויף אַ גרויסן פאַרנעם דורכגעפירטע, אונטערזוכונגס־אַרבעט. און ערשט נאָך דער אונטערזוכונג, אין נאָך אַ יאָר אָדער צוויי אַרום, וועט מען אפשר זיך נעמען קאָלאָניזירן יידן אין בירא־בידזשאַן אויף אַן אַלפאַרבאַנדישן מלוכה־פאַרנעם און די רעגירונג וועט געפינען אויף דעם די נייטיקע מיטלען.*

אין די דערמאָנטע טעלעגראַמעס וועגן טויט פון באַרימטן סאָוועטישן טוער האָבן זיך, אַגב, אַריינגעגנבעט עטלעכע מאָדנע טעותן.

דעם אויבנאָן צווישן די דאָזיקע טעותן פאַרנעמט די לאַנגע רשימה פון טיטולן און אַמטן פון דעם פאַרשטאָרבענעם.

אויסרעכענענדיק זיי, האָבן די טעלעגראַמעס דערמאָנט די צוויי וויכטיקסטע טיטולן: „סאָוועטישער וויצע־פרעזידענט” און „מיט־

* די דאָזיקע אויסצוגן פון סמידאָוויטשעס סענסאַציאָנעלער דערקלערונג וועגן בירא־בידזשאַן אונטערשיידן זיך עטוואָס פון דעם טעקסט, וואָס איז לעצטן אָקטאָבער דערשינען אין „פאָרווערטס”. דאָס דערקלערט זיך טיילווייז מיט דעם, וואָס איך האָב מיין טעלעגראַמע שטאַרק געקירצט — געזוכט צו שפּאָרן געלט — און טיילווייז מיט דער ניט פּינקטלעכער איבערזעצונג פון ענגליש אויף יידיש. דער היינטיקער טעקסט איז דער ריכטיקער און איז אַ ווערטלעכע קאָפּיע פון דעם, וואָס איך האָב פאַרצייכנט באַלד נאָך דעם געשפּרעך. אגב, האָט אין סמידאָוויטשעס אָפיס געמוזט בלייבן אַ סטע־נאָגראַפישער באַריכט פון דעם דאָזיקן געשפּרעך. זיין סעקרעטאַרין איז געווען ביי דעם אינטערוויו און ביי מיר איז געבליבן דער איינדרוק, אַז זי האָט פאַרשריבן יעדן וואָרט פון דעם געשפּרעך. מיט דעם דערקלערט זיך אפשר, פאַר וואָס אַלע פרוווון פון די היגע „איקאָר”־פירער אָפּצושוואַכן דעם איינדרוק פון מיין אינטערוויו דורך דער דירעקטער אָפּלייקענונג פון מאָסקווע האָבן ניט געבראַכט קיין רעזולטאַטן. אין דעם פאַל, ווי אין אַלע אַנדערע אַרטיקלען מיינע וועגן רוסלאַנד, בין איך געווען פאָרזיכטיק איבער־צוגעבן פּינקטלעך אַלץ, וואָס איך האָב געהערט און געזען — און נאָר דאָס.

גליד פון פרעזידיום פון „וציק", פון „צענטראַלן אויספיר־קאָמיטעט פון די אַלפאַרבאַנדישע סאָוועטן".

און דאָס איז אַ טעות.

פּיאָטר נ. סמידאָוויטש האָט זיין פרעזידיום־טיטל צום קבר ניט ד'ערטראָגן; ער איז געשטאָרבן אָן אים.

אַ מיטגליד פון אַלפאַרבאַנדישן פרעזידיום גאַנצע 17 יאָר, איז ער געשטאָרבן אַ „געוועזענער".

צוויי מאָנאַטן פאַרן טויט האָט מען זיין נאָמען אויסגעמעקט פון פרעזידיום און אויף זיין פּלאַץ אַוועקגעזעצט סטאַלינען.

און ניט, חס ושלום דערפאַר, וואָס סמידאָוויטש איז קראַנק געוואָרן און ניט געקענט מער דערפילן זיינע פליכטן. לויט ווי עס דערציילט בוכאַרין (אין מאָסקווער „איזוועסטיאַ" פון 10טן אַפּריל 1935) איז סמידאָוויטש געווען טעטיק ביז דער לעצטער מינוט און איז געשטאָרבן פּלוצעם...

און אויך ניט דערפאַר, וואָס ער האָט פאַרלאָרן דעם אינטערעס צו דער אַרבעט פון פרעזידיום. ווי עס ווייזן די באַריכטן פון דער זעלבער „איזוועסטיאַ", איז סמידאָוויטש אָנוועזנדיק געווען ביי אַלע וויכטיקע זיצונגען פון דער העכסטער סאָוועטישער מלוכה־אינ־סטאַנץ — אָבער שוין ניט אַלס פולבאַרעכטיקטער מיטגליד נאָר אַלס אַ „קאַנדידאַט".

אין לעצטן יאָר איז ער געווען אַ גבאי, אָבער געשטאָרבן איז ער... אַ שמש.

און דאָ קומען מיר צו נאָך אַ טשיקאַווען ענין.

די נייעס, אַז סטאַלין האָט זיך געלאָזט „דערוויילן" צום פּרעזידיום פון צענטראַלן אויספיר־קאָמיטעט, איז געווען איבערגע־געבן אין אַלע סאָוועטישע צייטונגען. די דאָזיקע צייטונגען האָבן אָבער אין גאַנצן פאַרשוויגן דעם פאַקט, אַז סטאַלין איז אַריין אויף סמידאָוויטשעס פּלאַץ.

איך האָב זייער אויפמערקזאַם נאָכגעפאָלגט אין דער אָפיציע־לער רעגירונגס־צייטונג „איזוועסטיאַ" די באַריכטן וועגן די זיצונ־גען פון דעם לעצטן צוזאַמענקום פון סאָוועטישן „פּאַרלאַמענט". דעם „וציק"; געלייענט וועגן אַלע זיינע באַשלוסן, געלייענט וועגן

די וואַלן פון נייעם פּרעזידיום — און ניט באַמערקט קיין איין וואָרט וועגן דעם, אַז דער לאַנגיאָריקער וויצע־פּרעזידענט פון סאָוועטן־פאַרבאַנד, סמידאָוויטש, האָט רעזיגנירט אָדער אַרונטער־געזעצט געוואָרן. בלויז איבערלייענענדיק די נעמען פון די נייע „וויצע־פּרעזידענטן", האָב איך באַמערקט, אַז עס פעלט דאָרט סמידאָוויטשעס נאָמען. נישטערנדיק ווייטער, האָב איך אויסגעפונען, אַז אויף זיין פּלאַץ האָט זיך אַוועקגעזעצט יאָסיף סטאַלין („מאָסקווער „איזוועסטיאַ", 8 פעברואַר 1935).

וואָס עס באַהאַלט זיך הינטער דער דאָזיקער דראַמע, איז פּאָרלויפיק ניט קלאָר. אין דער סאָוועטישער פּרעסע איז וועגן דעם ענין נאָך אַלץ קיין וואָרט ניטאָ. אַז אַ דראַמע איז מיט דעם געווען פאַרבונדן, קען מען זען פון די אויסערגעוויינלעך מאָגערע נעקראָלאָגן און קאַזיאָנע „טרויער־רעזאָלוציעס", וואָס די סאָוועטן־פירער האָבן געלאָזט אָפּדרוקן נאָך סמידאָוויטשעס טויט. זיין לאַנג־יאָריקער פריינד, בוכאַרין, דער הויפּט־רעדאַקטאָר פון „איזוועס־טיאַ", וועלכער האָט שוין יאָ אָנגעשריבן אַ נעקראָלאָג, האָט אָבער געפונען פאַר נייטיק אין זיין קורצן אַרטיקל אַריינצושטעלן אַ פאָר־וווּרף: סמידאָוויטש, דער וועטעראַן און העלד פון דער באָלשעוויס־טישער רעוואָלוציע, האָט געהאַט אַ צו ווייך האַרץ — אים האָט געפעלט די פעיִקייט „צו האַנדלען האַרט מיט פּאָליטישע קעגנער".

*

אין די אויבנדערמאָנטע ידיעות וועגן סמידאָוויטשעס טויט האָט זיך געמוזט אַריינשמוגלען אַ צווייטער טעות. אין זיי ווערט געזאָגט, אַז דער סאָוועטישער „וויצע־פּרעזידענט" איז געשטאָרבן אין עלטער פון 61 יאָר. דאָס שיינט מיר צו זיין אַן אוממעגלעכע זאַך. עס מוז מיינען „71", ווייל ווען איך האָב, מיט 28 יאָר צוריק, זיך מיט אים צום ערשטן מאָל באַגעגנט, האָט ער שוין אויסגעזען ווי אַ מאַן פון אַ יאָר עטלעכע און פערציק, אויב נישט עלטער. שוין דאַן — אין יוני, 1906 — האָט ער געמאַכט אויף מיר דעם איינדרוק פון אַ רעוואָלוציאָנערן זקן, אַ דאַר, אויסגעמאַטערט פּנים, מיט גרויע האָר אויפן קאָפּ און מיט ווייסע פעדעם אין שיטערן

בערדל, האָט ער אויף מיר געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ מאַן, וואָס דאַרף שוין האָבן קינדער אין מיין עלטער.

באַגעגנט האָבן מיר זיך אין מאָסקווע אויף אַ פאַרזאַמלונג פון פראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון אַרבעטער און אָנגעשטעלטע פון דער מאָסקווער שטאָט־פאַרוואַלטונג. עס איז געווען אין דער צייט פונעם ערשטן רוסישן „פאַרלאַמענט״, דער ערשטער דומע. רוסלאַנד האָט שוין דאַן געהאַט אָפענע, געזעצלעכע פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. די דאָזיקע פאַראיינען זיינען כמעט אַלע געווען אָנגעפירט פון סאָציאַל־דעמאָקראַטן — אין גאַנץ רוסלאַנד מערסטנס פון סאָציאַל־דעמאָקראַטן־מענשעוויקעס, אין מאָסקווע און אין עטלעכע אַנדערע „עכט־רוסישע״ צענטרען — פון מענשעוויקעס און באָלשעוויקעס צוזאַמען.

די באָלשעוויסטישע פירערשאַפט פון אונדזער געמיינשאַפט־לעכער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי האָט שוין דאַן שטאַרק געליטן פון אַ ספּעציעל־לעניניסטישער קרענק — פון אומצוטרוי צו ברייטע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס. זי האָט אויך געליטן פון אַ שרעק, אַז די דאָזיקע עקאָנאָמישע און אינדוסטריעלע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס „וועלן זיך לאָזן פאַרפירן פון זייערע קלאַסן־שונאים״... די דאָזיקע קרענק האָט געפונען איר „וויסנשאַפטלעכן״ אויסדרוק אין אַ בוך „וואָס טאָן ?״, וואָס לענין האָט אַרויסגעגעבן אין 1901 און איר פּראַקטישן אָפּקלאַנג — אין פאַרלאַנג צו באַיקאָטירן דאָס געזעץ וועגן דערוויילן פאַבריק־דעלעגאַטן, וואָס די אַרבעטער־באַוועגונג האָט אַרויסגעריסן ביי דער צאַרישער רעגירונג אין יוני 1903. אויך אין דעם באָלשעוויסטישן באָיקאָט פון די ערשטע אַרבעטער־סאָוועטן אין פעטערבורג, אין אָקטאָבער 1905, און אין דער באָל־שעוויסטישער אָפּאָזיציע צו דעם פּרווו פון די מענשעוויקעס צו אָרגאַניזירן די אַרבעטער־מאַסן אַרום פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־פאַר־איינען, אַרום געברויך־קאָאָפּעראַטיוון, אַרום לעגאַלע סאָציאַליס־טישע און האַלב־סאָציאַליסטישע קלובן און אַרום פאַראיינען פון קעגנזייטיקער הילף. די זעלבע „פילאָזאָפיע״ פון אומצוטרוי צו די ברייטע מאַסן און איבערשאַצונג פון דער ראָל פון איינצלנע „פי־רער״, האָט געפונען איר אויסדרוק אין דעם באָלשעוויסטישן באָיקאָט פון די פאָלקס־וואַלן אין דער ערשטער „דומע״, און אין

דער ווידעראויפלעבונג פון דער באַיקאַט־אידעע ביי די וואַלן צו דער דריטער דומע — אַ באַיקאַט־באַוועגונג, וואָס האָט גורם געווען אַ שאַרפן ריס אין דער באָלשעוויסטישער אָרגאַניזאַציע און געבראַכט צו דעם, אַז אַ מינדערהייט פון באָלשעוויסטישן צענטראַל־קאָמיטעט — לענין, קאַמענייעוו, זינאָוויעוו, — האָט אויסגעשלאָסן די מערהייט פונעם זעלבן צענטראַל־קאָמיטעט...

און ווייל איך האָב געוווּסט וועגן דער קעגנערישער באַציִונג פון מיינע באָלשעוויסטישע חברים צו דער אַרבעט פון אָרגאַניזירן די מאַסן אין פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, בין איך געווען אָנגענעם איבערראַשט, ווען אַ צופאַל האָט מיך צוזאַמענגעפירט מיט דעם באָלשעוויק סמידאָוויטש. שוין ביי דער ערשטער זיצונג פון דער פאַראיין־פאַרוואַלטונג — דעמאָלט דער גרעסטער און וויכטיקסטער אין מאָסקווע — פון דעם „פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די מוניציפּאַלע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע" האָב איך זיך איבערצייגט, אַז איך האָב צו טאָן מיט אַ באָלשעוויק, וואָס איז אמתדיק און אויפריכטיק איבערגעגעבן דער אַרבעט אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און פאַרשטייט ווי וויכטיק זי איז פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

אויסערלעך האָבן מיר, אין דער פירערשאַפט פון דעם פאַראיין, פאַרטראַטן פאַרשיידענע, אָפט פיינטלעכע לאַגערן — ער, סמידאָוויטש, דעם באָלשעוויסטישן, און איך, „זאַכאַראָוו", דעם מענשעוויסטישן. ווען די אַרבעטער פון דער ערשט־אויפגעבויטער טראַמוויי־דעפּאָ אין סאָקאָלניקי, האָבן מיך אויסגעוויילט אַלס זייער פאַרשטייער צו דער פאַרוואַלטונג פון דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, וווּ סמידאָוויטש איז געווען דער אָנערקענטער פירער, האָב איך דערוואַרט אַ שטענדיקן קאַמף מיט אים. די דערוואַרטונג איז אָבער געווען אַן אומזיסטע. פּיאָטר סמידאָוויטש האָט דעמאָלט — אין די שטורמישע מאָנאַטן פון דער ערשטער דומע און איר צעטרייבונג — זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ זייער גוטן דעמאָקראַטישן סאָציאַליסט, אַ פּיל בעסערן ווי אַ כשרער באָלשעוויק האָט דאָס רעכט צו זיין. לעניִנס אַ לאָיאַלער תלמיד אין כמעט אַלע פּראָבלעמען פון טאַקטיק און אָרגאַניזאַציע, האָט סמידאָוויטש געמאַכט אַן אויסנאַם פאַר

דער פראַגע וועגן אַרבעט אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן. דאָ איז ער אַרויסגעטראָטן פאַר לעגאַלע און האַלב־לעגאַלע פאַראייינען און אַנדערע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס פון אַרבעטער; דאָ האָט ער געזען אין זיי נוצלעכע אינסטיטוציעס אַפילו דאַן ווען די פּאַרטיי האָט פון זיי ניט געקענט קריגן קיין דירעקטע נוצן, ווי לענין האָט דאָס געוואָלט.

אַן עכטער רוסישער אינטעליגענט, אַ ברודער פון דעם באַ־קאַנטן שריפטשטעלער ווערעסאַיעוו, האָט ער שוין דאַן, אין 1906, געהאַט אַ „רעקאָרד" פון עלף־צוועלף יאָר אַרבעט אין דער סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג.

זיך האָב אויך געוווּסט, אַז ער האָט פאַרבראַכט אַ יאָר דריי אין אויסלאַנד, ווו ער האָט שטודירט עלעקטריק־אינזשעניר, און נאָך דער גראַדויִרונג — אַ לענגערע צייט געאַרבעט אויף די בעל־גישע פאַבריקן.

מיר שיינט, אַז סמידאָוויטשעס זינדיקן קעגן דער באָלשע־וויסטישער תורה וועגן אַרבעט אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן נעמט זיך טאַקע פון זיין לעבן אין בעלגיע, ווו די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג איז שוין דאַן געווען שטאַרק אַנטוויקלט און געטראָגן, טראָץ איר אומפּאַרטייִישקייט, אַ ריין־סאָציאַליסטישן כאַראַקטער.

נאָר ווי די זאַך זאָל ניט זיין, סמידאָוויטש איז פון יענע יאָרן אַן פאַרבליבן אין מיין זכרון הויפּטזעכלעך צוליב זיין אומדערמיד־לעכער און אמת־נוצלעכער אַרבעט אויף דעם טרייד־יוניאָניסטישן געביט אין דער סאָוועטישער הויפּטשטאָט.

צו אַרבעטן מיט אים איז געווען אַ פאַרגעניגן. עס איז שווער זיך פאָרצושטעלן אַ מער טיכטיקן, אַ מער ענערגישן און מער איבערגעגעבענעם סאָציאַליסטישן טוער ווי סמידאָוויטש איז דאַן געווען. ער האָט געאַרבעט אין דער שטאָטישער עלעקטרישער סטאַנציע, געאַרבעט אין באָלשעוויסטישן פּאַרטיי־קאָמיטעט פון מאָסקווער ראַיאָן, געאַרבעט אין פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין מיט זיינע פאַרשיידענע אָפּטיילונגען פאַר אויטאָבוסן־ און טראַמוויי־אַרבעטער, פאַר גאַז־, עלעקטרי־, טעלעפאָן־ און קאַנאַליזאַציע־אָנגעשטעלטע, פאַר גאַסן־קערער און שפּיטאָל־אַרבעטער, פאַר אָנגעשטעלטע אין

די שטאָטישע קונסט־מוזייען און ביבליאָטעקן — אומעטום האָט זיך געפילט דער יונגער גייסט פונעם אַלטן סמידאָוויטש.

די הויפט־אַרבעט פון דעם פאַראיין איז געטאָן געוואָרן ניט דורך דעם אָפיציעלן פּאַרוואַלטונגס־ראַט ווו אַ פּאָליציי־באַאַמטער האָט געמוזט זיין ביי אַלע זיצונגען, נאָר דורך אַן אומשולדיקן סוב־קאָמיטעט, דער „אַרבעטס־ביוראָ", פון וועלכער סמידאָוויטש איז געווען דער פאָרזיצער, און דער שרייבער פון די שורות — דער סעקרעטאַר.

צו די זיצונגען פון דער אַרבעטס־ביוראָ האָבן מיר דעם פּאָליציי־אַגענט קיין מאָל ניט איינגעלאַדן און דאָס איז פאַר אונדז געווען זייער באַקוועם. ספּעציעל פאַר מיר, וועלכער איז ערשט אַנטלאָפן פון סיביר און האָט געלעבט אונטער אַ פאַלשן פּאַספּאָרט פון אַ רוסישן אַרבעטער זאַכאַראָוו, אַ שלאָסער אין שטאָטישן טראַמוויי־דעפּאָ פון סאָקאָלניקי.

איך ווייס ניט, אויב סמידאָוויטש האָט דאַן געוווסט, אַז איך בין אַן אומלעגאַלער רעוואָלוציאָנער און לעב אויף אַ פאַלשן פּאַספּאָרט. איך גלייב, אַז ניט. איך אָבער האָב שוין דאַן געהערט, אַז ער אַליין ווייס שוין גוט דעם טעם פון געפעלשטע פּאַספּאָרטן. ווען ער האָט, אין 1898 — מיט 36 יאָר צוריק — זיך צוריקגע־קערט פון בעלגיע קיין רוסלאַנד, איז ער געקומען אויף אַ פּאַס־פּאָרט פון זיינעם אַ באַקאַנטן בעלגישן אַרבעטער. מיט דעם פּאַס־פּאָרט האָט ער אַ פּאָר יאָר געאַרבעט אויף פאַרשיידענע רוסישע פאַבריקן און איז ענדלעך אַרעסטירט געוואָרן מיט דעם פּאַספּאָרט פון אַ בעלגישן בירגער, וואָס דערלויבט זיך אָנצופירן סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּראָפּאַגאַנדע אינעם צאַרישן רוסלאַנד. דער פּאַס־פּאָרט איז געווען אַ גוטער און די פּאָליציי אַ „שלעכטע". זי האָט ניט געהאַט די דערפאַרונג וואָס די איצטיקע סאָוועטישע פּאָליציי פאַרמאָגט, האָט זי סמידאָוויטשן ניט דערקענט. זי האָט אים אָפּגעהאַלטן אַ יאָר אין תפיסה און אַלס אַן „אויסלענדישן בירגער" אים אַרויסגעשיקט פון לאַנד.

איך האָב אויך געהערט, אַז נאָך זיין דעפּאָרטאַציע קיין אויס־לאַנד האָט סמידאָוויטש זיך צוריקגעקערט אויף אַן אַנדערן פּאַס־

פאָרט, אויך אַ פרעמדן, און געאַרבעט אויף אים ביז דער צאַרי־שער מאַניפעסט פון דער ערשטער רעוואָלוציע האָט אים, אין אָקטאָבער 1905, אַמנעסטירט און געגעבן אַ מעגלעכקייט צו לעבן אונטער זיין אייגענעם נאָמען.

רעדנדיק וועגן פּאַספּאָרטן, דערמאָן איך זיך וועגן נאָך אַ פּאַסירונג, וואָס כאַראַקטעריזירט דעם פאַרשטאָרבענעם:

זיצנדיק אין מאָסקווער טורמע, ווהין איך בין אַריינגעפאַלן אונטער אַ פאַלשן נאָמען „קאָלאָקאָלצעוו״, האָב איך איין מאָל דערהאַלטן דורך אונדזער געהיימער פּאָסט אַ קליין פּעקל מיט צוויי הונדערט רובל. דאָס געלט איז געקומען פון פּריוואַטן שטרייק־פאָנד פון אונדזער פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. דאָס האָט דער באַל־שעוויק סמידאָוויטש זיי אַרויסגעקראַגן, כדי דער מענשעוויק כינאָי (זאַכאַראָוו, קאָלאָקאָלצעוו) זאָל קענען אַנטלויפן פון סיביר, ווהין מען האָט זיך געקליבן אים צוריקצושיקן.

און דער זעלבער סמידאָוויטש האָט אין עטלעכע מאָנאַטן אַרום, אין האַרבסט 1907 — ווען איך בין פון דאָס ניי אַנטלאָפן פון טורוכאַנסק, אין ווייטן צפון פון מזרח־סיביר, און אויפן וועג קיין פּעטערבורג זיך אָפּגעשטעלט אין מאָסקווע, מיך אָפּגעזוכט און מיר געגעבן דעם גוטן, „אייזערנעם״ פּאַספּאָרט פון קאָנ־סטאַנטין לעמבערג (אַ מאָסקווער באָלשעוויק, וואָס האָט געוווינט מיט די עלטערן און געקענט אויסקומען אָן אים). מיט אָט דעם פּאַספּאָרט האָט זיך מיר איינגעגעבן אַריינצודרינגען אין דער געהיימער אָפּטיילונג פון דער צאַרישער דרוקעריי אין פּעטערבורג. אין דער דאָזיקער דרוקעריי בין איך אין אַ יאָר אַרום אַרעסטירט געוואָרן — און דאָס מאָל איז עס ווידער געווען דער ק. לעמבערג־פּאַספּאָרט, וואָס סמידאָוויטש האָט מיר געבראַכט, וועלכער האָט מיר געהאָלפן אַנטלויפן איידער די פּאָליציי־אָכראַנקע האָט זיך דערוווּסט ווער איך בין.

די אַלע שיינע טאַטן סמידאָוויטשעס געהערן, צום באַדויערן, צו די צייטן ווען אַ סאָציאַליסט האָט ניט בלויז געפּרעדיקט סאָציאַ־ליסטישע מאָראַל, נאָר אויך פּראַקטיצירט. אין רוסלאַנד זיינען איצט געקומען נייע צייטן מיט נייע מנהגים, מיט נייע מאָראַלישע

באַגריפן — און אין דער צייט ווען פּיאָטר סמידאָוויטש איז געזעסן אין קרעמל אַלס איינער פון די הויפּט־הערשער פון סאָוועטן־פאַר־באַנד, האָט זיין אייגענע שוועסטער, דימקאָ — אַ באַקאַנטע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע טוערין — געשמאַכט אין סאָוועטישע טורמעס און פאַרשיקונגס־פלעצער... צי סמידאָוויטש האָט איר צוגעשיקט געלט אויף צו אַנטלויפן, אָדער אַ פּאַספּאָרט צו קענען אויסבאַהאַלטן זיך פון געפּעאו, איז צו מיר ניט דערגאַנגען...

אַפּריל, 1935



מארק כינאָי אין יאר 1938

# רפאל אַבראַמאָוויטש

ס'איז אַוועק פון אונדז אויף אייביק איינער פון די עלטסטע און באַרימטסטע פאָרשטייער פון יידישן און רוסלענדישן דעמאָ־קראַטישן סאָציאַליזם — דער דענקער, רעדנער, פּובליציסט און קעמפער פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט, ר. א. אַבראַמאָוויטש.

דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז אַבראַמאָוויטש זאָל אַוועק פון דער וועלט פּונקט צום 25סטן יאָרצייט פון דער גרויסער טראַגע־דיע, וואָס ער און זיין פאַמיליע האָבן איבערגעלעבט, ווען סטאַלינס אַגענטן האָבן פאַרכאַפּט אין שפּאַניע, — און דערמאָרדעט — זיין איינציקן זון, דעם טאַלאַנטירטן אינזשעניר און איבערגעגעבענעם סאָציאַליסט, מאַרק ריין, וועלכער איז געקומען פון פראַנקרייך צו העלפן אין שפּאַנישן בירגערקריג קעגן די פאַשיסטן... אַלע פּרוּוון צו געפינען מאַרק ריין, אָדער שפּורן פון אים, נאָך דעם ווי די מערדער האָבן אים אַוועקגעשלעפּט פון האָטעל אין באַרצעלאָנע, האָבן זיך ניט איינגעגעבן...

*

רפאל אַבראַמאָוויטש (זיין אמתער פאַמיליע־נאָמען איז געווען ריין) איז געבוירן געוואָרן דעם 21סטן יולי, 1880, און איז גע־שטאָרבן דריי חדשים פאַר זיין 83סטן געבוירנטאָג, נאָך דעם ווי ער איז געווען פאַרבונדן מיט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג גאַנצע 63 יאָר. זיין ערשטע פּאָליטישע היים איז געווען דער „בונד" — דער „אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער־בונד אין ליטע, פּוילן און רוסלאַנד". אַ זון פון אַן אינטעליגענטער און שטאַרק אַסימילירטער יידישער פאַמיליע, האָט ער געקראָגן אַ וועלטלעכע בילדונג — גימנאַזיע און פּאָליטעכנישער אינסטיטוט אין ריגע.

אין אינסטיטוט האָט ר. אַבראַמאָוויטש זיך פאַראינטערעסירט מיט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און געוואָרן אַקטיוו ווי אַ פּראָפּאַגאַנדיסט אין דער פרייהייטלעכער באַוועגונג פון די סטודענטן און דערנאָך אויך אין די אַרבעטער־קרייזלעך פון זיין היימשטאָט. גאַנץ שנעל האָט ער זיך אַנטוויקלט ווי אַ גלענצנדיקער רעדנער און אַ זעלטן גוטער טאַקטיקער אין אָרגאַניזאַציע און פּאָליטיק. עס האָט לאַנג ניט גענומען און ר. אַבראַמאָוויטש איז אויסגעקליבן געוואָרן אין די בונדישע צענטראַלע קערפּערשאַפטן.

צוזאַמען מיט מעדעמען און ליבערן האָט אַבראַמאָוויטש צוזאַמענגעשטעלט אַ „דריילינג פון יונגע" אַרום דעם עלטערן דור פּיאָנערן פון „בונד" — אַלעקסאַנדער קרעמער, נח פּאָרטנאָי, יונה קאָיגען און יודין־אייזענשטאַט. מעדעם האָט געשריבן וועגן זיין ערשטער באַגעגעניש מיט די צוויי יונגע מיטגלידער פון די צענטראַלע פּאַרטיי־קערפּערשאַפטן. די באַגעגעניש איז פאָרגעקומען אין זשענעוו אויף אַ באַראַטונג, וואָס דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט צוזאַמענגערופן ערב דעם 5טן צוזאַמענפאָר פון „בונד", וואָס איז פאָרגעקומען אין 1903.

דערביי האָט מעדעם געמאַכט דעם וויטערדיקן פאַרגלייך צווישן ליבערן און אַבראַמאָוויטשן:

„אַבראַמאָוויטש איז, ווי ליבער, מיט עטלעכע חדשים פריער אַוועקגעפאָרן פון רוסלאַנד. ער איז אויך אַ יונגער מענטש פון אַ יאָר 24 און האָט אויך, ווי ליבער, אויסגעזען עלטער פון זיינע יאָרן. ער האָט ניט געהאַט דעם אויסערלעכן גלאַנץ פון ליבערן, ער איז אָבער שוין דעמאָלט געווען אַ מענטש מיט אַ ברייטערער און פילזייטיקער בילדונג און מיט אַ טיפן געדאַנק, אויך אַ מער רויִקער ווי ליבער, אַ מער געלאַסענער רעדנער (קיין שרייבער זיינען זיי דעמאָלט נאָך ביידע ניט געווען), אָבער אַ מענטש מיט אַן אייזערנעם ווילן און אַן אייזערנער אויסגעהאַלטנקייט. אין די פּאַרטיי־קרייזן האָט מען אים דעמאָלט ווייניקער געקענט, ווי ליבערן. ער איז נאָך ניט געווען קיין פּראָפעסיאָנאַל, נאָר אַן אָרטיקער טוער. אָבער שוין אין אַ יאָר אַרום איז ער אַריין אין צענטראַל־קאָמיטעט. די דאָזיקע צוויי מענטשן זיינען געווען די סאַמע באַדיי־

טנדיקסטע פאַרשטייערס פון דעם יונגן בונדישן דור, און מען האָט פון זיי ביידן דערוואַרט זייער פיל".

באַלד נאָך דעם ווי אַבראַמאָוויטש איז געוואָרן אַ מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט, האָט דער „בונד" אַרויסגעשטעלט זיין קאַנדידאַטור צו דער צווייטער דומע פון וויטעבסקער און קאָוונער גובערניעס. נאָך אַן אַקטיווער און פיל־צוזאָגנדיקער וואַל־קאַמפּאַניע האָט די רעגירונג וועטאַירט זיין קאַנדידאַטור און אויסגעמעקט זיין נאָמען פון די וואַל־ליסטעס.

ווי באַקאַנט, איז דער „בונד" געווען אַקטיוו אין צוגרייטן די ערשטע צוזאַמענפאָרן פון דער „רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי", דעם ערשטן — אין מינסק און דעם צווייטן — אין לאָנדאָן. אָבער די בונדישע דעלעגאַציע איז געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן דעם לאָנדאָנער צוזאַמענפאָר (אויגוסט 1903) צוליב דעם, וואָס דער צוזאַמענפאָר האָט אָפּגעוואָרפן די אולטימאַטיווע פאָדערונג פון דער בונדישער דעלעגאַציע, אַז מען זאָל גאַראַנטירן דעם „בונד" פולע נאַציאָנאַלע קולטור־אויטאָנאָמיע אין דער אַלגעמיינער פּאַרטיי. דער דאָזיקער ריס מיט דער אַלגעמיינער פּאַרטיי האָט אָבער אָפּגעהאַלטן ניט לאַנג — פון 1903 ביז 1906. ווען דער „בונד" האָט זיך ווידער אָנגעשלאָסן אין דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, איז ר. א. אַבראַמאָוויטש אויסגעקליבן געוואָרן ווי אַ פאַרטרעטער פון „בונד" אין אַלגעמיינעם צענטער פון דער פּאַרטיי.

עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַבראַמאָוויטשן דאָס, וואָס ער האָט אין משך פון אַ סך יאָרן אויסגעמיטן צו פיגורירן אין די פּאַרטיי־קרייזן און אין דער עפנטלעכקייט אין אַלגעמיין ווי אַ שרייבער. אַ רעדנער, אַ פּאָליטישער דענקער יאָ, אָבער ניט קיין שרייבער.

ווי ל. מעדעם דערמאָנט אין זיינע זכרונות דעם רוסישן זשורנאַל „נאַשע סלאָווא", וואָס דער „בונד" האָט אַרויסגעגעבן אין 1906, אין ווילנע און שטעלט פעסט, אַז „דער פאַקטישער אָנפירער פון דעם זשורנאַל איז געווען אַבראַמאָוויטש. פון ריין ליטעראַרישן שטאַנדפּונקט האָט ער געשאַפן וויניקער ווי אַנדערע...

אָבער מען דאַרף ניט זיין קיין פאָרמעלער „דיקטאַטאָר" און אפילו קיין ליטעראַט, כדי צו זיין אַ מאָל די נשמה פון אַ רעדאַקציע; און דאָס איז ער געווען".

*

ווען די אַלגעמיינע פּאָליטישע אַמנעסטיע פון אָקטאָבער 1905 האָט לעגאַליזירט די אומלעגאַלע בונדישע טוערס און צייטווייליק אויסגערייניקט די רוסישע טורמעס און פאַרשיקונגס־פּלעצער פון פּאָליטישע אַרעסטירטע, האָט מען אָנפאַרטרויט דעם יונגן, 25־יאָריקן אַבראַמאָוויטש די פאַראַנטוואָרטלעכע אויפגאַבע צו זיין דער ערשטער פאַרטרעטער פון בונדישן צענטראַל־קאָמיטעט אין דעם פּעטערבורגער סאָוועט פון אַרבעטער־דעפּוטאַטן. און ווען וולאַדימיר מעדעם, וולאַדימיר קאָסאָווסקי און מאַרק ליבער זיינען אַ ביסל שפּעטער אויך אַריינגענומען געוואָרן אין צענטראַל־קאָמי־טעט, האָט אַבראַמאָוויטש אָפּגעטראָטן זיין פּלאַץ אין פּעטערבור־גער סאָוועט זיין אינטימען פריינד, דעם גרויסן בונדישן טריבון, מאַרק ליבער, און איז אַליין געוואָרן דער פּאַקטישער רעדאַקטאָר פון דעם בונדישן לעגאַלן זשורנאַל „נאַשאַ טריבונאַ" און אַן אַקטי־ווער מיטאַרבעטער פון די אַנדערע בונדישע צייטשריפטן, אַריינ־גערעכנט די צייטונגען „יעווריעיסקי ראַבאָטשי" (פּעטערבורג) און „דער וועקער" (ווילנע).

וואָס מער עס האָבן זיך פונאַנדערגעשפּילט די רעוואָלוציאָנערע און קאָנטררעוואָלוציאָנערע כוואַליעס אין צאַרישן רוסלאַנד, אַלץ טיכטיקער איז געוואָרן דער דעמאָלט שוין „פּראָפעסיאָנעלער רעוואָ־לוציאָנער" אַבראַמאָוויטש און אַלץ גרעסער איז געוואָרן זיין איינ־פלוס אין די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע, יידישע און ניט־יידישע קרייזן.

דער שטייגנדיקער איינפלוס פון יונגן סאָציאַליסטישן דענקער און קעמפער איז געקומען צום אויסדרוק ביי די צוזאַמענפאָרן פון „בונד" (דעם 6טן און 7טן), און אין די „קאָמיסיעס פון ראַטגע־בערס" ביי די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פראַקציעס אין די ערשטע רוסישע „פּאַרלאַמענטן", אין דער „דומע", ווו אַבראַמאָוויטש

איז געווען דער פאַרטרעטער פון בונדישן צענטראַל־קאָמיטעט. באַזונדערס בולט איז דאָס אַרויסגעבראַכט געוואָרן אויפן לאָנדאָנער צוזאַמענפאָר פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין 1907, ווען דער „בונד" איז ווידער געוואָרן אַן אָרגאַנישער טייל פון דער אַלגעמיינער פאַרטיי צוזאמען מיט די פוילישע, לאַטווישע, ליטווישע און אַנדערע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַרטייען פון די ראַנדלענדער.

דער „בונד" איז ביי דעם צוזאַמענפאָר געווען פאַרטראָטן דורך זיינע בעסטע און באַרימטסטע פירערס: מעדעם, ליבער, סלאָוועק־גראָסער, נח, אַלעקסאַנדער קרעמער, ירחמיאל ווייַנשטיין, יודין־אייזענשטאַט, עזרא ראָזען, ליטוואַק, יונה קאָיגען, מאַקסים, לֶנו־גאָזשאַנסקי, גאָלדפאַרב־פּעטראָווסקי, דוד זאַסלאַווסקי, וויר־גילי קאַגאַן, ב. צביון, מ. ראַפעס, י. פּעסקין, קאַץ־טאַראַס, וולאַ־דעק, ג. לוריע, לאַזאַר עפּשטיין (בן יקיר) און ב. מיכאַלעוויטש. ניט געקוקט אָבער אויף דעם, איז דער 27יאָריקער ר. אַבראַמאָ־וויטש געווען דער יעניקער, וועמען דער „בונד" האָט אויסגעטיילט דריי מאָל צו זיין דער רעפערענט וועגן די דריי וויכטיקסטע פּראָ־בלעמען פון סדר־היום. איין מאָל, ביי דעם ערשטן פונקט פון טאָג־אָרדענונג, דעם באַריכט פון צענטראַל־קאָמיטעט, דעם צווייטן מאָל — וועגן דער טעטיקייט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פראַקציע אין דער „דומע", און דעם דריטן מאָל — ביי דעם וויכ־טיקסטן טעאָרעטישן שטרייט וועגן דער באַציִונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע צו די בורזשואַזע פאַרטייען. אין דעם ערשטן פאַל זיינען אַחוץ אַבראַמאָוויטשן געווען צוויי אַנדערע אייגלייטערס — ל. מאַרטאָוו און א. באָגדאַנאָוו. אין דעם צווייטן פאַל האָט דער בונדישער דעלעגאַט, ר. אַבראַמאָוויטש, רעפערירט אין נאָמען פון דער גאַנצער רעזאָלוציע־קאָמיסיע, וואָס האָט פאַרטראָטן אַלע פראַקציעס און אַלע „נאַציאָנאַלע פאַרטייען" פון צוזאַמענפאָר. וואָס שייך דעם דריטן, דעם סאַמע וויכטיקסטן פונקט וועגן דער פראַגע, וואָס איז דעמאָלט געווען די שיידליניע אין דער רוסישער רעוואָ־לוציע און אין די קאַמפן פאַר סאָציאַליזם און דעמאָקראַטיע אין דער גאַנצער וועלט — האָט דער צוזאַמענפאָר באַשטימט פאַר דעם

היסטאָרישן סימפּאָזיום פיר איינלייטערס: לענין, מאַרטאָוו, ראָזאַ לוקסעמבורג און ר. אַבראַמאָוויטש. דער לעצטער איז דעמאָלט אַלט געווען, ווי מיר האָבן אויבן דערמאָנט, בלויז 27 יאָר.

אויף דעם דאָזיקן היסטאָרישן קאָנגרעס פון רוסלענדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין לאָנדאָן האָט רפאל אַבראַמאָוויטש פאַר־נומען אַ „צענטריסטישע" פּאָזיציע. דער „בונד" און זיין וואָרט־זאָגער האָבן דעמאָלט ניט געהערט צו קיין איינער פון די צוויי פראַקציעס — דער באָלשעוויסטישער און דער מענשעוויסטישער — אויף וועלכע די פּאַרטיי און אירע מער ווי דריי הונדערט דעלע־גאַטן האָבן זיך דעמאָלט צעטיילט. צוזאַמען מיט דער גאַנצער בונדישער פאַרטרעטערשאַפט האָט אַבראַמאָוויטש נאָך אַלץ ניט געגלייבט אין דער מעגלעכקייט פון אַ פּשרה צווישן די צוויי שטריי־טנדיקע פראַקציעס.

אַרויסגעהאָלפן האָט זיי אין דער דאָזיקער אילוזיע דאָס, וואָס זיי אַליין זיינען אין די סאַמע וויכטיקסטע פּאָליטישע פּראָבלעמען נאָך אַלץ געשטאַנען נאָענט צו לענינס באָלשעוויסטישער ריכטונג. אמת, ניט אַזוי נאָענט ווי מיט אַ יאָר פריער אויף דעם שטאָקהאָל־מער צוזאַמענפאָר פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, ביי וועלכן דער בונדישער צענטראַל־קאָמיטעט איז געווען פאַרטראָטן דורך אַבראַמאָוויטשן, ליבערן און יונה קאָיגען. אַבראַמאָוויטש אַליין גיט דאָס צו אין זיינע אינטערעסאַנטע דערינערונגען.

מיר לייענען דאָרט (ערשטער באַנד, ז' 253):

„אין די אַלגעמיינע פּאָליטישע פראַגן זיינען מיר, בונדיסטן, אין יענעם מאָמענט געשטאַנען נאָענט צו די באָלשעוויקעס. אין איינעם מיט זיי זיינען מיר געווען אָנהענגערס פון דומע־באָיקאָט; אין איינעם מיט זיי האָבן מיר געהאַלטן, אַז דער הויפּט־ציל אין אונדזער קאַמף דאַרף זיין די צוגרייטונג פון אַ באַוואָפנטן אויפ־שטאַנד; אין איינעם מיט זיי האָבן מיר געהאַלטן, אַז די פרייהייטן, וואָס זיינען אויסגעקעמפט געוואָרן אין אָקטאָבער 1905, זיינען וויניק ווערט און אַז מען קען זיי ניט אויסנוצן פאַר פּאַרלאַמענ־טאַרישער אַרבעט; און אין איינעם מיט די באָלשעוויקעס האָבן מיר געהאַלטן, אַז די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וואָס ווערן איצט

געגרינדעט, דאַרפן זיך געפינען אונטער דער שטרענגער אָנפירער־שאַפט און קאָנטראָל פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי"...

אָבער ניט אין אַלץ זיינען די בונדיסטן — און ר. אַבראַמאָוויטש — געווען נאָענט צו די באָלשעוויקעס. לעניִנס פּרינציפּ פון אָרגאַניזאַציע, זיין לעכצן נאָך דיקטאַטור אין דער פּאַרטיי, זיין אוממאָראַלישקייט אין דעם אינעווייניקסטן פּאַרטיי־קאַמף — דאָס אַלץ האָט אונדז אָפּגעשטויסן — שרייבט אַבראַמאָוויטש, „ווייל ביי אונדז אין „בונד" זיינען מיר דערצויגן געוואָרן צו האַלטן ערלעכ־קייט און לאָיאַליטעט צווישן חברים, צו אַכטן דעם ווילן פון אונדזערע אַרבעטער, צו באַטראַכטן זיך ניט ווי קאָמאַנדירן און דיקטאַטאָרן פון דער מיטגלידערשאַפט, נאָר פּאַרקערט, ווי לאָיאַלע דורכפירערס פון דעם ווילן פון אונדזערע מאַסן"...

און מיט דעם דערקלערט זיך, פאַר וואָס רפאל אַבראַמאָוויטש איז אין יענע יאָרן געווען געניינט צו גיין פּאָליטיש מיט די באָל־שעוויקעס און אָרגאַניזאַציאָנעל מיט די מענשעוויקעס.

דאָס האָט אָבער לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. אַבראַמאָוויטש האָט זיך באַפרייט פון זיינע „באָלשעוויסטישע אילוזיעס". עטלעכע יאָר פון פיבערדיקער אַרבעט אין די לעגאַלע (דומע) און אומלעגאַלע קערפּערשאַפטן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג, אין טורמעס, פאַרשיקונגס־פּלעצער און אין אויסלאַנד, וווהין דער „בונד" האָט אים אָפּט געשיקט, האָבן אים אַלץ מער און מער דערווייטערט פון לעניִנס באָלשעוויזם און אַלץ מער און מער דערנענטערט צו מאַרטאָווס מענשעוויזם. אין 1912 איז שוין אַבראַ־מאָוויטש אַן אַקטיווער פירער אין דעם באַרימטן „אויגוסט"־בלאָק פון די מענשעוויסטישע און בונדיסטישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס פון דעמאָלט האָט זיך פּאַקטיש אָנגעהויבן דער אמתער גרויסער ריס אין דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע צווישן דעם באָלשעוויזם און דעם דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם. און אין דעם לאַגער איז ער געבליבן אין פאַרלויף פון מער ווי 50 יאָר, וואָס ר. אַבראַמאָוויטש האָט ווייטער געדינט, אָן אַן איבעררייס, דער יידישער, רוסישער און אַלוועלטלעכער אַרבעטער־באַוועגונג.

אין די יאָרן פון ערשטן וועלטקריג האָט ער אין „בונד" און

אין דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל פֿאַרטראָטן דעם „לינקן" דעם ציממערוואַלדיסטישן פֿליגל. אין דער רעוואָלוציע פֿון 1917, ווו זיין ראָל איז געווען באַזונדערס גרויס אין דעם פּעטערבורגער און אין דעם אַלרוסישן סאָוועט פֿון אַרבעטער־דעפּוטאַטן, און אין אַלע היסטאָרישע וויכטיקע צוזאַמענקונפֿטן, איז ער אויך געווען, צוזאַמען מיט מאַרטאָוון, צווישן די הויפּטפֿירער פֿון די מענשעוויקעס־„אינטערנאַציאָנאַליסטן".

„ענטוועדער די רעוואָלוציע וועט מאַכן אַ סוף צום קריג, אָדער דער קריג וועט אויפֿפרעסן די רעוואָלוציע" — איז דעמאָלט געווען דער לייטמאָטיוו פֿון זיינע גלענצנדיקע אַרויסטריטן אין דער בונדישער פּרעסע און אויף די זיצונגען, קאָנפֿערענצן און פֿאַרזאַמלונגען פֿון די סאָוועטן און פֿון אַנדערע רעוואָלוציאָנערע קערפּערשאַפֿטן. ער איז איינציייטיק אויך געווען צווישן די ביטערסטע און שטאַרקסטע קעגנערס פֿון דער באָלשעוויסטישער דעמאַגאָגיע פֿון לעניגען און טראָצקין. מיטביידן איז אים אָפֿט אויסגעקומען צו קעמפֿן אויף עפֿנטלעכע פֿאַרזאַמלונגען פֿאַר און נאָך דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש פֿון אָקטאָבער 1917, פֿאַר און נאָך דער צעטרייבונג פֿון דער גרינדונגס־פֿאַרזאַמלונג.

די דאָזיקע טעטיקייט זיינע איז אַבראַמאָוויטש געווען געצוווּנגען איבערצורייסן אויף אַ לענגערער צייט, ווען די באָלשעוויסטישע ווע־טשע־קאַ האָט אים, אין יולי 1918, אַרעסטירט, אויף דער אַלרוסישער קאָנפֿערענץ פֿון פֿאַרטרעטער פֿון פֿאַבריקן און זאַוואָדן, פֿון וועלכער ער, אַבראַמאָוויטש, איז געווען דער איניציאַטאָר און פֿאָרזיצער.

*

נאָך זיין באַפֿרייונג האָט אַבראַמאָוויטש געפֿונען גרויסע ענדערונגען אין „בונד". פּוילן איז נאָך דער דייטשער אָקופּאַציע און ווערסיילער פֿרידן געוואָרן אַן אומאָפּהענגיקע רעפּובליק. די חברים דאָרט האָבן זיך געמוזט אויסטיילן אין אַ באַזונדערן פּוילישן „בונד". דאָס זעלביקע האָבן מיט דער צייט אויך געטאָן די חברים פֿון די באַלטישע פּראָווינצן, ווען די לעצטע זיינען געוואָרן אומ־

אָפּהענגיקע רעפּובליקן. די בונדישע אָרגאַניזאַציעס פון רוסלאַנד, דעמאָלט שוין סאָוועט־רוסלאַנד, האָבן אין יענער צייט דורכגעלעבט אַן אייגענעם לאַנגן און שווערן קריזיס. די מאַקסימאַליסטישע אילוזיעס, וואָס די רעוואָלוציעס אין רוסלאַנד און דייטשלאַנד האָבן אַרויסגערופן צווישן די סאָציאַליסטן פון אַלע לענדער, האָבן געשלאָגן טיפע וואָרצלען אויך צווישן די רוסישע בונדיסטן. אַ מערהייט פון דער בונדישער פירערשאַפט אין סאָוועט־רוסלאַנד האָט גענומען ציִען צום באָלשעוויזם. די וואָרעגונגען ווי אַזעלכע פירער ווי אַבראַמאָוויטש, ליטוואַק און יודין־אייזענשטאַט האָבן ניט געהאָלפן.. עס איז געקומען צו אַ שפּאַלטונג. די מערהייט האָט געשאַפן אַ לינקן, פּראָ־קאָמוניסטישן „בונד", וואָס איז אין גיכן איינגעשלונגען געוואָרן פון דער רוסישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, און די מינדערהייט, אָנגעפירט פון אַבראַמאָוויטשן, האָט געשאַפן אַ „רוסישן בונד" פון בונדיסטן, וועלכע זיינען געבליבן געטריי די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אידעאַלן. קומענדיק קיין אויסלאַנד (אָנהייב 1921), האָט אַבראַמאָוויטש געמאַכט אַ פּרווו אַרויסצוגעבן אַ בונדישן סאָציאַל־דעמאָקראַטישן זשורנאַל („אונדזער געדאַנק") אין בערלין — צוזאַמען מיט יודינען, אַראָנסאָנען און אַ פּאָר אַנדערע חברים. דער זשורנאַל האָט אין די ערשטע יאָרן פון דער בייער עמיגראַציע געדרוקט זיך אין בערלין און איבערגעשיקט געוואָרן קיין רוסלאַנד מיט די זעלביקע קאָנטראַבאַנדע־טראַנספּאָרטן, מיט וועלכע דער „סאָציאַליסטיטשעסקי וועסטניק" איז געשיקט געוואָרן קיין רוסלאַנד.

אַבראַמאָוויטש און מאַרטאָוו האָבן סוף 1920 געקראָגן אַ זייער וויכטיקע מיסיע פון מענשעוויסטישן צענטראַל־קאָמיטעט צו פאָרן קיין אויסלאַנד, — אויב זיי וועט זיך איינגעבן צו קריגן פון דער סאָוועטן־רעגירונג אַן אַרויספּאָר־וויזע. אָפיציעל האָט עס געהייסן, אַז זיי דאַרפן די וויזע, ווייל מאַרטאָוו איז זייער קראַנק און עס איז דאָ אַ האָפענונג, אַז די אויסלענדישע ספּעציאַליסטן וועלן אים העלפן פּטור ווערן פון דער שווערער האַלדז־קראַנקייט, פון וועלכער ער איז טאַקע געשטאָרבן אין יאָר 1923. און אַזוי ווי לאָזן

אים פאַרן אַליין, דערלויבן ניט די דאָקטוירים, מוז אַבראַמאָוויטש מיטפאָרן. צו ערשט האָבן די סאָוועטישע פירערס ניט געוואָלט איינגיין אויף דער דערלויבעניש. לעניין איז אָבער באַשטאַנען אויף דעם, אַז מען זאָל זיי יאָ געבן אַ וויזע — אפשר דערפאַר וואָס ער האָט געגלייבט, אַז אַבראַמאָוויטש און מאַרטאָוו וועלן זיין וויינ־קער שעדלעך אין אויסלאַנד ווי אין רוסלאַנד גופא (די זעלביקע לאָגיק האָט, ווי עס שיינט, אויך באַווירקט די סאָוועטן־רעגירונג, ווען זיי האָבן נאָך לעניס טויט דערלויבט אַ קענטיקע צאָל מענ־שעוויסטישע — און ניט בלויז מענשעוויסטישע, נאָר אויך פירערס פון סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, קאַדעטן און באַרימטע שרייבערס און געלערנטע פון דעם אַנטי־באָלשעוויסטישן לאַגער צו עמיג־רירן קיין אויסלאַנד).

פאַרן אַרויספאָרן האָבן אַבראַמאָוויטש און מאַרטאָוו געקראָגן אַ צאָל וויכטיקע אינסטרוקציעס פון דער פאַרטיי, כאָטש מען האָט אָפן וועגן דעם ניט געשריבן און ניט גערעדט.

זיי האָבן געדאַרפט באַנייען זייערע פאַרבינדונגען מיט דער אינ־טערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און דורך אירע פירערס אויפהייבן אַ קאַמף קעגן די אילוזיעס, וואָס זיינען דעמאָלט געווען שטאַרק פאַרשפרייט אין דער אייראָפּעישער אַרבעטער־באַוועגונג, אַז אין רוסלאַנד בויט מען סאָציאַליזם. די דאָזיקע אַרבעט איז געווען אַ געוואַלדיק שווערע, אָבער מאַרטאָוו איז שוין דעמאָלט געווען ערנסט קראַנק און האָט אַחוץ דעם ניט באַהערשט אַזוי גוט די דייטשע שפּראַך ווי אַבראַמאָוויטש. ער האָט דעריבער ניט געקענט אַרויסטרעטן אויף גרויסע פאַרזאַמלונגען פאַר אַ דייטשן סאָציאַליסטישן עולם און האָט ליבערשט אָפּגעגעבן זיך בעיקר מיט ליטעראַרישער אַרבעט. פאַרקערט, אַבראַמאָוויטש, אַ זייער גוטער רעדנער, האָט פריי גערעדט אויף דייטשע מיטינגען, און גאַנץ שנעל זיך אויסגעלערנט פליסיק צו ריידן אויף פראַנצויזיש (און נאָך דעם ווי די רוסישע עמיגראַציע איז אַריבערגעפאָרן קיין אַמעריקע אין יאָר 1940, האָט ער אויך שנעל באַהערשט די ענגלי־שע שפּראַך), — איז אַבראַמאָוויטש פאַקטיש געוואָרן דער אָפיציע־לער שליח פון רוסישן מענשעוויזם אויף די גרויסע אַרבעטער־

מיטינגען אין דייטשלאַנד און שפּעטער אויך אין אַנדערע לענדער, אין וועלכע די מאַסן פאַרשטייען דייטש — אין עסטרייך און אין דער שווייץ.

דאָס איז אָבער ניט געווען די איינציקע אויפגאַבע, וואָס די צוויי שליחים פון מענשעוויזם האָבן געדאַרפט דורכפירן אין אויס־לאַנד. זיי האָבן געהאַט נאָר גאָר אַ שווערע און מער קאָמפּליצירטע אויפגאַבע. זיי האָבן געדאַרפט קעמפן מינדלעך און שריפטלעך ניט בלויז קעגן די עלעמענטן פון אוטאָפּיזם, טעראָריזם און דער דיקטאַטור פון אַ מינדערהייט, נאָר אויך קעמפן קעגן דער אידעע פון אויסלענדישער אינטערווענץ און פאַר דער אָנערקענונג פון דער סאָוועטן־מאַכט.

ווען אַבראַמאָוויטש און מאַרטאָוו זיינען אַרויסגעפאָרן קיין אויסלאַנד, האָבן זיי פון דער פאַרטיי געקראָגן נאָך אַנדערע אויפ־גאַבן: זיי האָבן געהאָלפן אָרגאַניזירן דעם אַזוי גערופענעם „ווינער פאַרבאַנד פון סאָציאַליסטישע פאַרטייען", וואָס האָט צוגעגרייט דעם באָדן פאַר אויפלעבן דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל. ר. אַבראַמאָוויטש איז געווען איינער פון די צען מיטגלידער, וועל־כע זיינען באַשטימט געוואָרן צו העלפן אָרגאַניזירן דעם נייעם אינטערנאַציאָנאַל, וואָס דער קאָנגרעס אין האַמבורג האָט געשאַפן. אויפן קאָנגרעס גופא איז אַבראַמאָוויטש אויסגעקליבן געוואָרן ווי אַ מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע און מיטגליד פון דער קליינער עקזעקוטיוו־ביוראָ פון דעם אינטערנאַציאָנאַל. ער איז אין די וויי־טערדיקע 20 יאָר שטענדיק אויסגעקליבן געוואָרן אין די אָנפירנ־דיקע קערפּערשאַפטן פון דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

אויך דאָ איז זיין ראָל ניט געווען קיין לייכטע. אים איז אָפט אויסגעקומען צו שווימען קעגן שטראָם; אויסגעקומען צו קעמפן פאַר ניט פּאָפּולערע פאַרשלאָגן און אין דער זעלביקער צייט פאַרטיידיקן דעם שטאַנדפּונקט, אַז דער אינטערנאַציאָנאַל זאָל זיין אויסגעהאַלטן אין זיינע האַנדלונגען און בלייבן געטריי די פּרינ־ציפּן פון פרייהייט און דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם, — אַזוי האָט אַנומלט געשריבן די נייע קאָלעקטיווע רעדאַקציע פון „סאָציאַליס־טישעסקי וועסטניק".

באַזונדערס גרויס זיינען געווען די פאַרדינסטן פון אַבראַמאָ־וויטשן אין די טראַגישע יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען ער איז פאַקטיש געווען דער אידעאָלאָגישער פירער פון אַלע דעמאָקראַטישע סאָציאַליסטן נאָך דער פאַראייניקונג מיט די וויכ־טיקסטע פירער פון סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן — וויקטאָר טשער־נאָוו, וולאַדימיר זענזינאָוו און פּראָפעסאָר מאַרק ווישניאַק; נאָכן סוף פון קריג, ווען ער האָט געקעמפט קעגן די שטאַרק פאַרשפּריי־טע אילוזיעס, אַז מען קאָן דערוואַרטן, אַז סטאַלין וועט ערלעך אויספירן די הבטחות, וואָס ער האָט געגעבן די אַליאירטע וועגן די לענדער, וואָס די נאַציס האָבן פאַרכאַפּט — פוילן, טשעכאָסלאָ־וואַקיע, רומעניע און די באַלטישע לענדער. ער האָט אויך ענער־גיש און מוטיק געקעמפט קעגן די מלוכה־פירער פון די מערב־לענדער פאַר זייער פּאָליטיק פון „אַפּיזמענטס" פון דער סטאַלין־דיקטאַטור און געוואָרנט, אַז אין דער איצטיקער סאָוועטישער פּאָליטיק ליגט באַהאַלטן די גרויסע געפאַר פון אַ נייעם וועלט־קריג...

*

צו דעם בעט זיך צוגעבן, ווען אַפילו זייער קורץ, די גרויסע ראָל, וואָס אַבראַמאָוויטש האָט געשפּילט ביים אָרגאַניזירן אין די יאָרן פון קריג די „אַמעריקאַנער אַרבעטער־קאָנפערענץ וועגן אינטערנאַציאָנאַלע ענינים", וואָס האָט אין משך פון עטלעכע יאָר פאַראייניקט די פּראָמינענטסטע טוער פון די אַמעריקאַנער יוניאָנס און פאָרשטייער פון דער אַמעריקאַנער אינטעליגענץ פאַרן קאַמף קעגן די רעשטלעך פון דער פאַרמלחמהדיקער אינטערנאַציאָנאַלער איזאָלאַציע און פאַר אַ ברייטערער עכט־דעמאָקראַטישער אַמערי־קאַנער אויסערן־פּאָליטיק.

און צום סוף אַ פּאָר שורות וועגן נאָך צוויי וויכטיקע עטאַפּן אין דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט פון דעם פאַרשטאָרבענעם פּאָליטיקער: די גרויסע ראָל פון אַבראַמאָוויטשעס פּראָפּאַגאַנדע־טורן קודם כל אין יידיש, איבער אַמעריקע מיט רעפעראַטן וועגן דער רוסישער רעוואָלוציע; זיינע גרויסע פאַרדינסטן אויפן געביט

פון דער יידישער קולטור, וואָס האָט איר העכסטן פונקט דער־גרייכט אין דער שאַפונג — צום ערשטן מאָל אין דער יידישער געשיכטע — פון אַ פילבענדיקער ענציקלאָפּעדיע אין דער יידי־שער שפּראַך, וואָס ער איז געווען איר איניציאַטאָר און אַ לענגע־רע צייט איר הויפּט־רעדאַקטאָר.

אין דער לעצטער אַרבעט איז אַבראַמאָוויטש, דער פּאָליטי־שער טוער און פּאַרטיי־מענטש, דערשינען אין אַ נייער געשטאַלט, אין אַ געשטאַלט פון אַ יידישע געלערנטן און קוואַליפיצירטן רע־דאַקטאָר־ענציקלאָפּעדיסט מיט טיפע וואָרצלען אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק.

1 יולי, 1963

# אָטאָ באַוער

דער פאַרשטאָרבענער מעדעם האָט זיך אַ מאָל באַקלאָגט אויף דעם, וואָס די רייכע ליטעראַטור איבער דעם פּראָבלעם פון נאַציע און ראַסע איז כמעט אויסשליסלעך אַ פּראָדוקט פון בורזשואַזער פאָרשונג. סאָציאַליסטישע טעאָרעטיקער זיינען אין איר זייער שוואַך פאַרטראָטן. זיי, די מאַרקסיסטישע דענקער, האָבן ווי מורא געהאַט זיך צוצורירן צו דעם קאָמפּלעקס פראַגן וואָס איז פאַרבונדן מיט דעם נאַציאָנאַלן פּראָבלעם.

עס איז אויסער ספק, אַז אין דער צייט ווען מעדעם האָט די שורות געשריבן, איז ער געווען גערעכט.

אונדזער ליטעראַטור וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע איז נאָך דעמאָלט געווען אַן אויסערגעוויינלעך מאָגערע. עס איז אָבער אויך ריכטיק, אַז ווען דער ערשטער באַגרינדער פון דער פּראָגראַמאַטישער פאָדערונג פון נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע ביי יידן וואָרט איבער מיט זיין ביכל * בלויז נאָך איין יאָר, וואָלט ער זיין באַהויפּטונג שוין ניט געקענט מאַכן. דאָס יאָר 1907 האָט געבראַכט אַ פונדאַמענטאַל ווערק — „די נאַציאָנאַליטעטן־פראַגע און די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע“ — וואָס ווערט נאָך היינט באַטראַכט אַלס דאָס קלאַסישע מאַרקסיסטישע ווערק וועגן דעם דערמאָנטן פּראָבלעם.

קוים איז דאָס בוך אַרויס פון דרוק ווי עס האָט אָנגעמאַכט אַ רושם אין דער ערנסטער סאָציאָלאָגישער ליטעראַטור פון דער וועלט. זיין פאַרפאַסער, דער יונגער, 26יאָריקער אָטאָ באַוער, איז אַ דאַנק דעם בוך כמעט איבער נאַכט געוואָרן דער וויכטיקסטער

* וול. מעדעם: די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און די נאַציאָנאַלע פראַגע, ווילנע (יידיש) און פּעטערבורג (רוסיש), 1906.

טעאָרעטיקער פון דער עסטרייכישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. אין אַ פּאַרטיי, וואָס האָט געציילט צווישן אירע מיטגלידער קאַרל קאָוטסקי און וויקטאָר אַדלער, האָבן זיך געפּאָדערט באמת געניאַלע פעיִקייטן, אַז אַן אָנפאַנגער אין סאָציאָלאָגישע און פילאָ־זאָפישע פּראָבלעמען ווי דער יונגער אָטאָ באַוער, זאָל קריגן די אַלגעמיינע אָנערקענונג, וואָס ער האָט באַקומען.

באַזונדערס, ווען דער פּאָפּולערסטער און באַליבטסטער טוער אין דער פּאַרטיי, איר הויפּט־פירער וויקטאָר אַדלער, האָט שוין דאַן געהאַט גענוג טעאָרעטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע גרונדן צו באַטראַכטן דעם מער ראַדיקאַלן באַוער פאַר זייַנעם אַ פּאָליטישן קעגנער...

אָטאָ באַוער האָט אָבער פון זייַנע ערשטע טריט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג אַרויסגעוויזן אַזעלכע זעלטענע פעיִקייטן אַלס פאָרשער און מאַרקסיסטישער טעאָרעטיקער, אַלס שריפטשטעלער און פּובליציסט, אַלס אָרגאַניזאַטאָר און רעדנער, אַלס שטאַטסמאַן און איבערגעגעבענער דיסציפּלינירטער סאָציאַליסט, דאָס זייַן פּאָפּולאַריטעט צווישן די ברייטסטע פּאַרטיי־מאַסן און זייַן אויטאָ־ריטעט צווישן אירע פירער און טוער — אַפילו די, וועלכע זייַנען מיט אים ניט געווען מסכּים — זייַנען געגאַנגען האַנט ביי האַנט.

*

צו 27 יאָר איז אָטאָ באַוער שוין דער רעדאַקטאָר פון „קאַמף״, דעם טעאָרעטישן אָרגאַן פון דער עסטרייכישער סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישער באַוועגונג. דעם זעלבן יאָר, 1908, ווערט באַוער אַ מיט־גליד פון עסטרייכישן פּאַרלאַמענט, ווו ער איז דער סעקרעטאַר פון דער שטאַרקער סאָציאַליסטישער פראַקציע, פון וועלכער וויקטאָר אַדלער איז דער הויפּט־פירער.

אין דעם דעמאָלטיקן קאַמף מיט בערנשטיינס פּאַרזוך צו רעווי־דירן דעם מאַרקסיזם און אונטערפירן אַ טעאָרעטישן פונדאַמענט אונטער דער פּראַקטישער אויפגאַבע פון כשרן דעם רעכטן רעפאָר־מיזם, האָט באַוער זיך סאָלידאַריזירט מיט קאָוטסקין. אַ דאַנק זייַן אויסערגעוויינלעכער פעיִקייט איז ער זייער שנעל געוואָרן

דער צענטער פון דער באַרימטער דריי־אייניקייט — אָטאָ באַוער, רודאָלף הילפערדינג, און גוסטאַוו עקשטיין, — וואָס דאָס לעבן האָט אַרויסגערוקט אין פאָדערגרונט פון דעם טאָגטעגלעכן קאַמף פאַר דער מאַרקסיסטישער אָרטאָדאָקסיע אין דער אינטערנאַציאָ־נאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

אין דעם דאָזיקן קאַמף קעגן דעם רעכטן, רעוויזיאָניסטישן פליגל אין סאָציאַליזם איז באַוערן אויסגעקומען אַרויסצוטרעטן קעגן די צוויי וויכטיקסטע פירער פון דער עסטרייכישער באַוועגונג, קעגן קאַרל רעננער און וויקטאָר אַדלער. אין דעם קאַמף האָבן ביידע צדדים ניט געשאָנעוועט זייער׳ע קעגנער. אַ דאַנק אָבער די פערזענלעכע אייגנשאַפטן פון אָטאָ באַוער און וויקטאָר אַדלער, איז די פאַרטיי געבליבן אָרגאַניזאַציאָנעל אייניק. די דאָזיקע אייניקייט האָט זיך ניט איבערגעריסן אַפילו אין די טראַ־גישע מלחמה־ און נאָכמלחמה־יאָרן, ווען אַלע אַנדערע פאַרטייען פון דער וועלט זיינען צעריסן געוואָרן. באַוער דער טעאָרעטיקער, באַוער דער פובליציסט און רעדנער, האָט מיטגעבראַכט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג אויך באַוערן דעם שטאַטסמאַן און פאָליטי־קער, און ווו דער ערשטער האָט צעטיילט, האָט דער צווייטער פאַראייניקט און צוזאַמענגעשמאָלצן.

די דאָזיקע פילגראַניקע אייגנשאַפטן פון דעם יונגן באַוער האָבן, ווי שוין געזאָגט, געפירט צו דעם, אַז אָטאָ באַוער זאָל ביים סאַמע אָנהייב פון זיין סאָציאַליסטישער קאַריערע אָנערקענט ווערן אַלס די וויכטיקסטע מאַרקסיסטישע קראַפט אין דער עסט־רייכישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. און די אָנערקענונג איז געקו־מען ניט בלויז פון דעם דייטש־רעדנדיקן טייל פון דעם דעמאָל־טיקן עסטרייך. די פירער פון די לעצטע האָבן אין דעם פראַקטישן פראָגראַם פון אָטאָ באַוערס טעאָרעטישע פאָרשונגען דערזען, נאַ־טירלעך, אַ מעגלעכקייט צו ראַטעווען די קראַנקע, פון עטנאָגראַ־פישע שטיקלעך און ברעקלעך צוזאַמענגעשטעלטע, עסטרייכישע אימפעריע.

מען מוז דערביי האָבן אין זינען, אַז עסטרייך פון פאַר דער מלחמה האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ מאָדנע מאָזאַיִשע סטרוק־

טור פון פיל פעלקער, נאַציעס, ראַסן און שפּראַכן, פון וועלכע יעדע האָט געזוכט איר אייגענעם נאַציאָנאַלן וועג — און אים ניט געקענט געפינען. די באַזונדערע נאַציאָנאַלע שטרעמונגען פון די דאָזיקע פעלקער זיינען דאַן געקומען צו אַזאַ שאַרפן קאָנפליקט מיט די צענטראַליסטישע שטרעמונגען פון דער האַבסבורג־דינאַס־טיע, אַז איר ווידערקול אין דער אַרבעטער־באַוועגונג האָט נאָך אין יאָר 1897 געצוווּנגען די פּאַרטיי זיך איבערצובויען אויף נאַציאָנאַל־פעדעראַטיווע יסודות. אָנשטאָט איין סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישע פּאַרטיי, זיינען געשאַפן געוואָרן זעקס — אַ דייטשע, אַ טשעכישע, אַ פּוילישע, אַ רוטעניש־אוקראַיִנישע, אַן איטאַליענישע און אַ יוגאָסלאַווישע. יעדע פון די זעקס האָט געהאַט אַ באַזונדערע נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע מיט באַזונדערע לאָקאַלע קאָמיטעטן, וועמענס אָנגעהעריקייט צו איין אַרבעטער־פּאַרטיי האָט געפונען איר אויסדרוק בלויז אין די פּעריאָדישע פּאַרטייטאָגס און געמיינ־שאַפטלעכן „פעדעראַלן" צענטראַל־קאָמיטעט.

עס איז ניט געווען קיין געזונטער צושטאַנד. די „נאַציאָנאַלע" סאָציאַליסטישע פירער האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זיי זינדיקן קעגן דער אינטערנאַציאָנאַליסטישער נשמה פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אָפּזאָגן זיך אָבער פון זייער „נאַציאָנאַלן" וועג האָבן זיי ניט געקענט. עס וואָלט געמיינט איבערלאָזן די אַרבעטער אונטער דער אידעיִשער און אָרגאַניזאַציאָנעלער השפּעה פון זייערע קלאַסן־שונאים, די בירגערלעכע נאַציאָנאַליסטן. און דער־פאַר איז געווען נאַטירלעך דער פריינדלעכער אינטערעס, וואָס אָטאָ באַוער גרויס ווערק וועגן דעם נאַציאָנאַליטעטן־פּראָבלעם האָט אַרויסגערופן אין אַלע טיילן פון לאַנד. די סאָציאַליסטישע פירער פון די אַלע פעלקער, וואָס האָבן געלעבט אין דעם דעמאָלטיקן עסטרייך, האָבן אין דעם שטרענג־וויסנשאַפטלעכן און אָרטאָדאָק־סאַל־מאַרקסיסטישן בוך פון דעם יונגן געלערנטן דערזען זייער תורה און אין אים אַליין זייער טעאָרעטישן וועגווייזער. זיין בוך האָט זיי געגעבן אַ טעאָרעטיש־באַגרינדעטן סאָציאַליסטיש־מאַרק־סיסטישן צוגאַנג צו דעם פּראָבלעם פון נאַציע און ראַסע. גלייכ־צייטיק האָט עס זיי אויך געגעבן די ריכטליניע פאַר אַ פּראַקטישער

פּאָליטיק, וואָס האָט געקענט, ביי געוויסע באַדינגונגען, ראַטעווען עסטרייך. אַלץ, וואָס עס האָט זיך געפאָדערט איז געווען, איבער־בויען עסטרייך לויט די גרונט־פּרינציפּן פון נאַציאָנאַל־קולטור־רעלער אויטאָנאָמיע, איינגעפורעמט אין די ראַמען פון טעריטאָ־ריאַל זעלבשטענדיקע, פרייע דעמאָקראַטישע פּראָווינצן, וואָס שטעלן צוזאַמען איין פעדעראַטיווע מלוכה...

*

און ניט בלויז אין עסטרייך אָדער אין אונגאַרן האָט אָטאָ באַוער געפונען תלמידים. אין זיין קאַמף פאַר נאַציאָנאַל־קולטור־רעלער אויטאָנאָמיע האָט אויך דער „בונד" אין רוסלאַנד און פּוילן זיך באַנוצט מיט דער וויסנשאַפטלעכער אַמוניציע, וואָס אָטאָ באַוער און זיין פאַרגייער, שפּרינגער (קאַרל רענער), האָבן צוגע־שטעלט.* און מיט דעם וואָס די בונדיסטן און — שפּעטער — די גרוזינישע מענשעוויקעס האָבן אויסגענוצט באַוערס טעאָרעטישע פּאָסטולאַטן פאַר זייערע פּראַקטישע פאָדערונגען פון נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע, דערקלערט זיך, מסתמא, וואָס די באָל־שעוויסטישע און אַסימילאַטאָרישע פרעסע פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָט נאָך פאַר דער מלחמה אויסגעקליבן דעם יונגן מאַרקסיסטישן געלערנטן פאַר דעם צילברעט פון זייערע שאַרפע אַטאַקעס. און עס איז אפשר אויך ניט קיין צופאַל, וואָס דער גרויס־רוסישער נאַציאָנאַליסט און אַסימילאַטאָרישער גלייכשאַלטער,

* איך וויל מיט דעם ניט זאָגן, אַז די בונדישע פּובליציסטן האָבן אָנגענר־מען אַלע אויספירן פון אָטאָ באַוערס בוך. ווייט פון דעם. זיין פּעסימיסטישן קוק אויף דער צוקונפט פון דער יידישער נאַציע האָבן זיי, נאַטירלעך, אָפּגע־וואָרפן, זיי האָבן אויך אָפּגעוואָרפן זיין קאַלטע באַציִונג צו די מאָדערנע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען פון די יידן און זיין פּאַסיוון בליק אויף די קול־טור־שטרעבונגען פון די יידישע מאַסן. אין אַלגעמיין האָט באַוער, דער אַסימילירטער דייטש־עסטרייכישער ייד, געהאַט זייער ווייניק געמיינזאַמס מיט יידן און יידישקייט.

יאָסיף סטאַלין, האָט זיין „ליטעראַרישע קאַריערע" אָנגעהויבן מיט אַ ביטערן אָנגריף אויף אָטאָ באַוערן.*

דער וועלטקריג איז אויסגעבראָכן און די עסטרייכישע אימפעריע איז צעשמעטערט געוואָרן איידער באַוערס פּראָגראַם פון אַ פעדעראַטיווער מלוכה פון פרייע נאַציאָנאַליטעטן איז פאַרווירקלעכט געוואָרן. עס זיינען דאָ אַזעלכע, וואָס האַלטן, אַז ווען זיין פּראָגראַם וואָלט דורכגעפירט געוואָרן אין עסטרייך, וואָלט צו קיין מלחמה ניט געקומען. אָבער דאָס געהערט שוין צו דער וועלט פון השערות. פאַר דער כאַראַקטעריסטיק פון באַוערן אַליין איז אין דעם מאָמענט וויכטיק צו באַטאָנען, אַז צוזאַמען מיט דעם אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה איז געקומען אָטאָ באַוערס אָנערקענונג, אַז די עסטרייכישע אימפעריע איז טויט און זי וועט דעם קריג ניט איבערלעבן... זי וועט זיך מוזן צעפאַלן. קיין נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע וועט שוין ניט ראַטעווען.

די מלחמה האָט באַוערן אַרויסגעריסן פון פּאָליטישן לעבן. ער איז מאָביליזירט און אַוועקגעשיקט געוואָרן אויפן רוסישן פראָנט. דאָרט האָט אים אָפּגעגליקט. ער איז באַלד אַריינגעפאַלן אין פּלען און, צוזאַמען מיט אַנדערע מלחמה־געפאַנגענע, אָפּגעשיקט געוואָרן קיין סיביר. די רעוואָלוציע פון מערץ 1917 האָט אים צוריקגעבראַכט קיין פּעטראָגראַד, ווו עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז אָטאָ באַוער אין וויטן סיביר און מאַרטאָוו, אַבראַמאָוויטש און זייערע פריינד די מענשעוויקעס־אינטערנאַציאָנאַליסטן אין מערב־אייראָפּע, האָבן זיך דערטראַכט צו דער זעלבער שטאַרק קאָמפּליצירטער אַנטי־מלחמה־שטעלונג און דער זעלבער פּראָגראַם ווי אַזוי זי צו ליקווידירן אין די אינטערעסן פון די אַרבעטער און אַ דויערהאַפטן שלום.

* זע זיין אַרטיקל „די נאַציאָנאַלע פראַגע און די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע" אין דעם באַלשעוויסטישן זשורנאַל „פּראָסוועשטשעניע" פונעם יאָר 1913.

אגב איז פאַראַן אַ גרונט צו גלייבן, אַז דער אמתער אויטאָר פון דער אַרבעט איז געווען ניט סטאַלין, נאָר זיין רבי לענין. מען טאָר ניט פאַרגעסן, אַז סטאַלין האָט קיין דייטש ניט געקענט און די ציטאַטן וואָס סטאַלין באַנוצט האָב אים זיכער צוגעשטעלט לענין און זיינע סעקרעטאַרן.

דערביי האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין דער באַציִונג צו דער רוסישער רעוואָלוציע און אירע מעגלעכקייטן שטייט אויך אָטאָ באַוער זייער נאָענט צו דעם פירער פון די רוסישע מענשעוויקעס און צו דער ריכטונג, וואָס איז פאַרבונדן מיט מאַרטאָווס נאָמען...

*

פאַר די פיר יאָר, וואָס באַוער האָט פאַרבראַכט אין רוסלאַנד האָט ער זיך אויסגעלערנט די רוסישע שפּראַך און מיט איר הילף גרינטלעך שטודירט די געזעלשאַפטלעכע כוחות פון רוסלאַנד און די דינאַמיק פון איר רעוואָלוציע. די דאָזיקע קענטעניש איז אים שפּעטער, נאָך זיין צוריקקער קיין מערב־אייראָפּע, שטאַרק צונוץ געקומען. אַ דאַנק איר האָט באַוער געקענט נאָכפאָלגן זייער אויפמערקזאַם אַלע אַנטוויקלונגען פון דער רוסישער רעוואָלוציע און טעאָרעטיש זיי אַנאַליזירן מיט אַזאַ פאַרשטענדעניש און טיפזיניקייט, וואָס קיין אַנדער מערב־אייראָפּעיִשער סאָציאַליסט האָט, אויף ווי ווייט מיר איז באַקאַנט, ניט אַרויסגעוויזן. אפשר האָב איך באַקומען אַזאַ איינדרוק בלויז דערפאַר, וואָס אין ס׳רוב פאַלן האָבן באַוערס אויספירן זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט די, צו וועלכע מיינע פריינד און לערער, מאַרטאָוו, דאַן און אַבראַמאָוויטש זיינען געקומען.

*

אונטער דעם פסעוודאָנים „וועבער" איז דאַן דערשינען זיין ערשטע אַרבעט וועגן דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד און איר כאַראַקטער. אין איר האָט באַוער אַרויסגעבראַכט דעם געדאַנק, אַז די רוסישע רעוואָלוציע איז, לויט איר סאָציאַלן אינהאַלט, אַ פויערים־רעוואָלוציע, אַז אַ פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע קען זיך אָנהייבן אין אייראָפּע נאָר דאַן, ווען אין דעם רעוואָלוציאָנערן פּראָצעס וועלן אַריינגעצויגן ווערן די אינדוסטריעלע אַרבעטער פון מערב־אייראָפּע צוזאַמען מיט זיין וויכטיקסטן טייל, דעם ענגלישן אַרבעטער. וואָס שייך דער איבערגאַנגס־צייט, דאָס הייסט ביז עס ברעכן אויס סאָציאַליסטישע פאָלקס־רעוואָלוציעס אין

מערב־איראָפּע, האָט באַוער געהאַלטן, אַז סאָציאַליסטן דאַרפן אין אַזאַ צייט נאַציאָנאַליזירן און סאָציאַליזירן איינצלנע אינדוס־טריע־צווייגן אויף אַ „געזעצלעכן אופן", ווען אפילו עס זאָל זיין נייטיק דערביי צו קאָמפּענסירן די אייגנטימער פאַר די אונטער־נעמונגען, וואָס דאָס פאָלק נעמט ביי זיי צו.

אגב, איז דער דאָזיקער שטאַנדפּונקט וועגן אַ „געמישטער עקאָנאָמיע", טיילווייז סאָציאַליסטישער און טיילווייז קאַפּיטאַליס־טישער, פאַר דער איבערגאַנגס־צייט, וואָס באַוער און די רוסישע מענשעוויקעס האָבן פאַרטיידיקט אין 1918, שפּעטער געוואָרן דער גרונטשטיין פון דער נייער עקאָנאָמישער פּאָליטיק, וואָס לענין האָט איינגעפירט אין יאָר 1921 און סטאַלין האָט פאַרניכטעט אין יאָר 1928.

*

מיט זיין „וועבער"־ביכל האָט באַוער אָנגעהויבן אַ לאַנגע סעריע ביכער, בראָשורן און אַרטיקלען וועגן דער רוסישער רעוואָ־לוציע און רעוואָלוציעס אין אַלגעמיין. „דער וועג צום סאָציאַ־ליזם" (1919), „די וועלט־רעוואָלוציע" (1919), „באָלשעוויזם און סאָציאַליזם" (1920), „באָלשעוויזם אָדער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע" (1921), „די עסטרייכישע רעוואָלוציע" (1923) און זיינע גאַר לעצטע ווערק, געשריבן אין גלות, איבער „פרייהייטלעכן" און „אינטעגראַלן" סאָציאַליזם זיינען בלויז אַ טייל פון דער וויסנ־שאַפטלעך ליטעראַרישער ירושה, וואָס באַוער האָט אונדז איבער־געלאָזן.

*

די עסטרייכישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט במשך די פופציק יאָר פון איר עקזיסטענץ אַרויסגערוקט צוויי באמת גרויסע פירער. ביידן האָט אָבער דער טויט צוגענומען אין די סאַמע קריטישסטע מאָמענטן פון איר געשיכטע. וויקטאָר אַדלער איז געשטאָרבן פונקט דאַן, ווען די עסטרייכישע רעפּובליק איז פּראָקלאַמירט געוואָרן (דעם 9טן נאָוועמבער 1918) און זיין יורש אין דער פּאַרטיי־

אָנפירערשאַפט, אָטאָ באַוער, איז אַוועק פון דער וועלט אין דעם מאָמענט ווען דער עסטרייכישער סאָציאַליזם האָט געזאָלט, צום ערשטן מאָל אין זיין געשיכטע, אונטערנעמען צוזאַמען מיטן דייטשן סאָציאַליזם אַ געמיינזאַמע אַקציע קעגן געמיינזאַמען שונא.

דער קאַמף פאַר אַ פאַראייניקט דייטש פאָלק און אַ פאַראייניקטן דייטשן אַרבעטער־קלאַס האָט באַוער אָנגעהויבן דעם זעלבן טאָג, קען מען זאָגן, ווען דאָס אַלטע עסטרייך איז אונטערגעגאַנגען און די רעפובליק איז געבוירן געוואָרן. ווי דער אָנערקענטער פירער פון דער פאַרטיי, וואָס האָט דאַן זיך געשטעלט אין דער שפּיץ פון דער רעגירונג, און איר ערשטער אויסערן־מיניסטער, האָט באַוער געקעמפט קעגן דעם פּלאַן פון די זיגרייכע פאַרבינדעטע אויסצושניידן אַ באַזונדערע מלוכה פון ווין און אַ פּאָר דייטשע פּראָווינצן פונעם אַמאָליקן עסטרייך. ער האָט געפאָדערט, אַז דאָס אַרומגעשווירענע עסטרייך זאָל האָבן די רעכט זיך צו פאַראייניקן מיט דייטשלאַנד און מיט די אַנדערע דייטש־רעדנדיקע פּראָווינצן פון צענטראַל־אייראָפּע. ער איז אין דעם געשטיצט געוואָרן פון גאַנץ עסטרייך און פון גאַנץ דייטשלאַנד. קלעמאַנסאָ, פּואַנקאַרע און די אַנדערע זיגרייכע פאַרבינדעטע האָבן אין זייער בלינדער עקשנות זיך געשטעלט קעגן דער דאָזיקער פאָדערונג. זיי — און זייערע יורשים — האָבן זיך געשטעלט קעגן דעם אויך שפּעטער — אין די יאָרן 1927—1932, ווען אַזאַ פאַראייניקונג וואָלט נאָך געקענט ראַטעווען דייטשלאַנד פון דער נאַצי־מאַניע. מיט זייער אָפּאָזיציע צו דער געזעצלעכער פאָדערונג פון דער עסטרייכישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און אירע אָנהענגער, האָבן פראַנקרייך און ענגלאַנד געעפנט ברייט די טירן פאַר היטלערן. און ווען היטלער האָט געזיגט אין דייטשלאַנד, האָט ער שוין במילא געמוזט זיגן אויך אין עסטרייך. באַוער האָט פאָרויסגעזען דעם דאָזיקן טראַגישן סוף. מיט אַלע זיינע כוחות האָט ער געקעמפט קעגן דער געפאַר, געזוכט אַן אויסוועג, פּרובירט געווינען צייט, און ווען דאָס האָט זיך אים ניט איינגעגעבן און דער פאַשיזם איז אַריבער צום אָנגריף, איז אָטאָ באַוער אַרויס אין גאַס און פערזענלעך געשטעלט זיך אין שפּיץ פון די באַוואָפנטע און גוט־

מושטירטע פּראָלעטאַריער, וואָס די פּאַרטיי האָט אונטער זיין פירערשאַפט צוגעגרייט.

*

עס איז אוממעגלעך אין די ענגע ראַמען פון אַן אַרטיקל צו אַנאַליזירן די גרויסע פאַרדינסטן פון אָטאָ באַוער פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג פון עסטרייך און פון דער וועלט. עס איז גענוג צו דערמאָנען, אַז אויב די עסטרייכישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז נאָך די מלחמה־יאָרן, ניט קוקנדיק אויף דער טראַגישער לאַגע אין וועלכער דאָס לאַנד האָט זיך געפונען, געוואָרן די שיין און שטאָלץ פון אַלוועלטלעכן סאָציאַליזם, איז דאָס קודם כל אַ דאַנק דעם, וואָס זי איז געווען געבענטשט מיט אַזאַ פירער ווי אָטאָ באַוער. דער עסטרייכישער סאָציאַליזם און אָטאָ באַוער זיינען געוואָרן סינאָנימען. ער האָט געגעבן דער פּאַרטיי איר גלענצנדיקן גייסטיקן פּנים; ער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם, וואָס די פּאַרטיי איז געבליבן איינציק טראָץ אַלע אָנשטרענגונגען פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל; אים קומט קרעדיט פאַר דעם, וואָס דער קאָמוניזם האָט אין די צייטן פון ערגסטן עקאָנאָמישן דלות ניט געהאַט קיין אָנהאַלט אין עסטרייך; זיין טעטיקייט, זיין טיפע פאַרשטענדעניש פון דער פּסיכאָלאָגיע פון מאַסנמענטש, האָט מער ווי וועלכער אַנדערער פאַקטאָר געפירט צו דעם, אַז כמעט אַלע אָרגאַניזירטע אַרבעטער פון עסטרייך האָבן געהערט צו דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי; צו דעם, אַז די גאַנצע אַרבעטער־באַפעלקערונג האָט באַטראַכט די פּאַרטיי פאַר איר וועגווייזערין, און איז איר געבליבן געטריי אַפילו נאָך דעם אויפשטאַנד פון יאָר 1934, און נאָך דעם זיג פון פאַשיזם. ער, באַוער, איז געווען דער הויפּט פון דער „עסטרייכישער שולע" אין מאַרקסיזם, וואָס האָט אין איר טאָג־טעגלעכער פּראַקטיק באַוויזן צו פאַראייניקן די, פון דער געשיכטע געגעבענע, רעוואָלוציאָנערע צוועקן פון אַרבעטער־קלאַס מיט די דעמאָקראַטישע מעטאָדן, — דאָס איינציקע וואָס קען פאַרזיכערן אַ דויערהאַפטיקן זיג פון סאָציאַליזם. זיין באַגריג־דונג פון דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם איז, אויף ווי ווייט איך ווייס,

דער בעסטער סינטעז פון דינאַמישער פּראַקטיק און רעוואָלוציאָ־נערער טעאָריע, וואָס מען קען געפינען אין דער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור און נאָך מער אין דער סאָציאַליסטישער פּראַקטיק.

אויך אויף דעם געביט האָט דער אַלוועלטלעכער סאָציאַליזם אַ סך געלערנט פון דעם גרויסן גייסט, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען אָטאָ באַוער.

„דער וועקער", ניו־יאָרק, 23 יולי 1938

## נאָך דער רעהאַביליטאַציע פון ניקאָלאַי סקריפּניק

די סאָוועטישע וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע האָט רעהאַביליטירט נאָך איינעם פון סטאַלינס באַרימטע קרבנות — דעם לאַנגיאָריקן הויפּט פון דער אוקראַיִנישער סאָוועטן־רעפּובליק, ניקאָלאַי סקריפּניק. פאַר דער רעהאַביליטאַציע האָט די אַקאַדעמיע איבערגעדרוקט אַ לענגערן בריוו, וואָס דער „סטאַראָסטע" פון די פּאָליטישע אַרעסטירטע אין דער יעקאַטערינאָסלאַווער טורמע האָט, אויף סקריפּניקס פאַרלאַנג, אַרויסגעשמוגלט פון טורמע און איבערגעשיקט צום זשורנאַל „איסקראַ" אין אויסלאַנד. אין דעם בריוו איז פאַראַן אַ מעלדונג, אַז חבר סקריפּניק האָט דערקלערט אַ הונגער־שטרייק אַלס פּראָטעסט קעגן דעם, וואָס דער טורמע־נאַטשאַלניק האָט מיט דער דערלויבעניש פון פּראָקוראָר, אים דערקלערט פאַר אַ קרימינעלן פאַרברעכער, אַ נאָמענלאָזן בראָדיאַגע, צוגענומען ביי אים זיינע ציוויִלע מלבושים און אַריינגעזעצט אים אין איין קאַמער מיט קרימינעלע אַרעסטאַנטן.

פון דעם בריוו איז צו זען, אַז מאַרק כינאָי האָט געבעטן זיין צוקונפטיקע פרוי, זאַרזשעווסקאַיאַ, אַרויסצושיקן דעם בריוו תיכף, אויב נישט, וועלן אַלע „פּאָליטישע" צושטיין צום שטרייק און דאָס קען זיך ענדיקן טראַגיש.

דעם דאָזיקן בריוו האָט „איסקראַ" ניט באַקומען און, במילא, ניט געדרוקט. אַנשטאָט דעם האָט דער פּראָקוראָר, צוזאַמען מיטן זשאַנדאַרם־פּולקאָווניק באַזוכט כינאָיען אין זיין קאַמער און פאַרזיכערט אים, אַז פאַר זיי איז די גאַנצע געשיכטע אַ נייעס. אין עטלעכע שעה אַרום האָט מען סקריפּניקן צוריקגעגעבן זיינע ציווילע מלבושים, אים צוריקגעבראַכט אין זיין קאַמער פון די „פּאָליטישע" און מיט דעם איז דער ענין געוואָרן ליקווידירט.

באַלד נאָך דער געשיכטע איז סקריפּניק פאַרמשפּט געוואָרן צו עטלעכע יאָר פאַרשיקונג אין סיביר, אָבער צוליב דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה — האָט מען אים פאַרשיקט אין אַרכאַנגעלסקער גובערניע, אין אייראָפּעיִשן רוסלאַנד. פון דאָרט איז ער תיכּף אַנטלאָפן, געקומען קיין אָדעס, ווו די חברים האָבן אים באַזאָרגט מיט דאָקומענטן, „אַדרעסן" און אַ „מאַנדאַט" פון אַ דעלעגאַט צום 3טן צוזאַמענפאָר פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פאַרטיי.

מיר גיבן ווײַטער אַ פאָטאָסטאַט פון אויבנדערמאָנטן בריוו, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורך דער סאָוועטישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע.

Академия Наук СССР
Институт истории

Исторический архив

Год издания восьмой
- 5 -
Сентябрь - Октябрь
1962
Москва

Неопубликованные документы
о Н. А. Скрыпнике

„После длинного [illegible] стр. 211–214
и [illegible] письма Николая Скрыпника, датиров. 22/XI,
P.S. (от Марка Ник[illegible])

Между
еще до
Поэтом
существ
обвинен
Еще бо
меня де
дебного
Приве
говора
ких ста
Молчан
ления
Прокур
об аре
ского
полкови
сте только по обвинению в политических преступлениях.— Так судебного следователя, что ли? — Нет. Судебный следователь еще не делал своего постановления".

*Незаконным же* является и то, что без предписания судебного следователя меня зачислили в разряд подследственных арестантов, обвиняемых в бродяжничестве, и переодели в уголовную одежду. По 134 ст. XIV т. Свода законов „подследственные арестанты, обвиняемые в бродяжничестве, должны носить казенную одежду". Но так как я судебным следователем в разряд таковых не зачислен, то ко мне этой статьи пока вовсе нельзя применить. Это уже „превышение власти" со стороны начальника тюрьмы как предыдущее „превышение власти" со стороны жандармского полковника. Полагаю, и для полковника и для

[illegible] — она пере-стала быть такой с тех пор, как десятки сознательных товарищей рабочих носят ее. Я борюсь против подведения под *уголовный режим*.

Требования, которые я выставляю:

*1. Выдача мне собственной одежды и содержание меня здесь на общем со всеми товарищами положении.*

2. Немедленный допрос судебным следователем указанных мною свидетелей и по установлении моей самоличности освобождение меня из-под стражи (по обв. по 126 и 129 ст. ст. я уже освобожден)...

22 ноября 1904 г. С товарищеским приветом. Николай Скрыпник (Михаил Николаев).

P. S. [От Марка] Николаев начал голодовку сегодня, 23 ноября, утром. Двое были у нас инспектор тюремный, товарищ

прокурора со всей сворой. К этому времени многие (заднее строение) совсем не знали ничего, а в корпусе подробно тоже не все еще знали. Так что с ними говорили по этому поводу только так, кажется, Николаев сам и моя камера. Выслушали, расспросили подробно, обещали принять меры к скорейшему расследованию дела и т. д., но категорического ответа все же *не дали* ни ему, ни мне. Если его завтра не переоденут опять, то возможно, что нам придется всем объявить голодовку. Узнать это вы сумеете таким образом: как только мы объявим голодовку, то на окне верхней бани, на углу тюремной площади и Полевой улицы, будет привешен *белый носовой платок*. Исчезновение его днем значит прекращение голодовки. Два платка рядом, висящие на одном окне,— вызывается прокурор, три платка, рядом же висящие на одном окне,— решение вести обструкционную борьбу: стук, крик и т. п.

Все это относится не только к завтрашнему дню: 23 ноября. Марк»[15]. На оборотной стороне и в конце копии письма имеются следующие приписки: «*Дуне. Отнесите скорей. Очень экстренно*» и «Дальше в оригинале идет длинное объяснение почему он, Николаев-Скрыпник, начал голодовку, не предупредив никого»[16].

Из доклада в Петербург начальника екатеринославской охранки выясняется, что копия письма Скрыпника «Ко всем политическим заключенным», поступившая в охранку «агентурным путем», была направлена в Департамент полиции. «Имею честь донести вашему превосходительству, что Николаев-Скрыпник голодовку продолжает, товарищи по заключению к голодовке не примкнули и выраженные в письме требования его еще надлежащими властями не решены. При этом докладываю, что автором приписки на письме с подписью „Марк" является задержанный 8 октября прошлого года в г. Екатеринославе за подговор в мастерских рабочих к забастовке и распространение преступных воззваний содержащийся в местной тюрьме мещанин Быховского уезда Могилевской губернии Меер Шмуйлов Хавой»[17].

Информация эта была далеко не точной. Как видно из постскриптума Марка к письму Скрыпника, политические заключенные были готовы поддержать голодовку, но Скрыпник победил, и это сделало общую голодовку излишней.

В телеграмме от 28 ноября 1904 г. начальник охранки сообщал: «Николаев-Скрыпник 27 ноября прекратил голодовку, так как после допроса его судебным следователем было сделано тюремным инспектором распоряжение о содержании его под стражей на положении политического арестанта, с правом носить свою одежду»[18].

Из сообщения прокурора Харьковской судебной палаты в Министерство юстиции от 14 января 1905 г. явствует, что следствие по делу Николаева было окончено ввиду установления его личности и передано 3 января 1905 г. Екатеринославскому окружному суду с заключением о прекращении уголовного преследования[19].

Из имеющейся в деле «Ведомости о лицах, подлежащих розыску», Архангельского губернского жандармского управления видно, что Скрыпник 11 февраля 1905 г. был направлен из Екатеринослава на четыре года под надзор полиции в Кемский округ Архангельской губернии ввиду временного прекращения ссылки в Восточную Сибирь в связи с Русско-японской войной, но уже 26 марта бежал оттуда.

В своей автобиографии Н. А. Скрыпник так сообщает об этом эпизоде: «По пути в Кемь я из Онеги вновь бежал. Но ни в Ярославле, ни в Москве я не мог связаться с организациями ввиду провалов»[20].

Скрыпник поехал в Одессу, откуда Одесским комитетом РСДРП был делегирован на III съезд партии.

*Сообщил М. Б. Перельман*

## О ПРЕБЫВАНИИ Г. ДИМИТРОВА В МУЗЕЕ-УСАДЬБЕ АРХАНГЕЛЬСКОЕ (1934 г.)

В этом году отмечалось 80-летие со дня рождения выдающегося деятеля болгарского и международного рабочего движения Георгия Димитрова. В этой связи интересно вспомнить о пребывании Димитрова в Архангельском, одной из красивейших усадеб Подмосковья.

В феврале 1934 г., после того как сфабрикованный нацистами Лейпцигский процесс окончился позорным провалом, Димитров вместе с матерью приезжает в Москву.

---

[15] ЦГАОР СССР, ф. ДП, 00, 1905 г., д. 6, ч. 671, лл. 41—43.

[16] Там же.

[17] Там же, л. 40. Марк-Хавой М. Ш., рабочий-наборщик, 8 октября 1903 г. был схвачен при распространении прокламации Екатеринославского комитета РСДРП «К обществу», изобличавшей царское правительство и полицию в кровавых злодеяниях в дни стачки 7—11 августа 1903 г. У него было обнаружено 29 таких прокламаций, а также книжка для сбора пожертвований на нужды Екатеринославского комитета РСДРП. Несмотря на несовершеннолетие Хавоя (19 лет), он был приговорен к заключению в Севастопольской крепости сроком на год и четыре месяца, но «в связи с отсутствием помещения» был переведен в Екатеринославскую тюрьму. (См. ЦГАОР СССР, ф. МЮ, 1903 г., д. 1825, лл. 1—30.)

[18] Там же, л. 44.

[19] ЦГАОР СССР, ф. МЮ, 1904 г., д. 18 519, л. 5.

[20] Энциклопедический словарь Гранат, т. 41, ч. III, стб. 53—54.

# גרוסן פון די סאָוויעטישע טורמעס

ווען איך האָב אין מאָסקווע, אין פּאָליטישן „רויטן קרייץ" פון דער „געפּעאו", איבערגעגעבן אַ טאָרגסין־אָרדער פאַר דעם אַרעס־טירטן סאָציאַליסטישן פירער פּיאָדאָר אַנדרעיעוויטש טשערעוואַנין, האָב איך מורא געהאַט, אַז איך וועל האָבן גרויסע שוועריקייטן ביים איבערגעבן אים די פאַר דאָלאַר.

מען האָט מיר געזאָגט, אַז כ'וועל מוזן אויספילן אַ פאָרמולאַר, אין וועלכן מען וועט דאַרפן ענטפערן אויף אַ צאָל פראַגן, אויף וועלכע מיר וועט זיין אוממעגלעך צו געבן אַ צופרידנשטעלנדיקן ענטפער.

איך האָב דאָן ניט געקענט אָנגעבן אַפילו דעם אמתן נאָמען פון טשערעוואַנינען. איך האָב אים אַ מאָל — מיט אַ יאָר דריי־סיק צוריק — געקענט אַלס אַ זייער פּראָמינענטן סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישן עקאָנאָמיסט און פילאָזאָף „נעזשדאַנאָוו". איך האָב אים שפּעטער באַגעגנט אונטער זיין ליטעראַרישן נאָמען „טשערעוואַ־נין". אויך געקענט אים אַלס „בראָנענאָסעץ", אַן אונטערערדישער רעוואָלוציאָנער און שטענדיקער פאַרטרעטער פון מאָסקווע אין צענטראַל־קאָמיטעט. איך האָב אַפילו געוווּסט, אַז דער עכטער רוס טשערעוואַנין איז געבענטשט מיט אַ נאָמען, וואָס קלינגט זייער יידישלעך, אָבער וואָסערער דער נאָמען איז האָב איך זיך ניט געקענט דערמאָנען.

דאָך האָב איך באַשלאָסן צו פּרוּוון, און איך האָב קיין חרטה ניט געהאַט.

אין וואַרטצימער פון הילף־קאָמיטעט פאַר פּאָליטישע אַרעס־טירטע האָב איך געטראָפן אַרום דרייסיק מענטשן — מענער, פרויען און קינדער. פאַרטרעטער פון אַלע סאָוועטישע „קלאַסן" — אַרבעטער, פּויערים, באַאַמטע, אינטעליגענטן, געוועזענע אַריס־

טאָקראַטן און איצטיקע קאָמוניסטן. די געפּעאו האָט זיי אַלעמען פאַראייניקט.

עס הערשט אַ דריקנדיקע שטילקייט. יעדער זיצט אויף די נאַקעטע בענקלעך אַרום די הוילע ווענט, אָדער שטייט אומבאַ־וועגלעך אויף זיין פּלאַץ ניט אַראָפּנעמענדיק די אויגן פון דער טיר, וואָס דאַרף זיך באַלד עפענען — און עפנט זיך ניט. די לופט איז פול מיט דערשטיקטע טרערן און ניט אַרויסגעזאָגטע ווייטיקן. אויף אייניקע פּנימער איז ווי אויסגעקריצט אַ טיפער סליאַד פון איבערגעלעבטע טראַגעדיעס. שרעק און פּיין אין די צעעפנטע אויגן, צוגעשלאָסענע ליפּן. קיין באַוועגונג, קיין קלאַנג, שטיל, ווי אַ מת וואָלט זיך געפינען אין שטוב.

און אָט עפנט זיך די טיר און אין ביוראָ רוקט זיך אַריין אַ סטאַטוע פון אַ רוסישער פרוי, אַ פּויערטע. דער איינדרוק איז ווי אַ געהיימנישפולע האַנט וואָלט אַריינגעשטופּט אַ לעבעדיקן מת. פאַרגליווערטע אויגן, אומבאַוועגלעכע פּנים־שטריכן מיט אַ האַלב־נאַקעט דרייאַריק מיידעלע אויף די הענט, וואָס רייסט און צופּט די יונגע און זייער שיינע מוטער — און קען פון איר ניט אַרויס־קריגן קיין וואָרט, קיין שמייכל. ווי אַ גרויסע מעכאַנישע ליאַלקע האָט זיך די פרוי אַוועקגעזעצט נעבן מיר און געבליבן זיצן ווי אַ פּאַראַליזירטע. עס איז געווען סוף סעפּטעמבער און אין די גאַסן האָט זיך געפילט דער אָטעם פון מאָסקווער „אָסיען”. אָבער די יונגע פּויערטע איז געווען נאָך לייכטער „געקליידט” ווי איר קינד. אַ קורץ ציצן קליידל אויפן קערפּער, אַ קליין טיכל אויפן קאָפּ, און אַ ברודיקע שמאַטע מיט אַ שטיקל שוואַרץ ברויט אין האַנט האָבן אויסגעקוקט צו זיין איר גאַנץ פאַרמעגן. קיין שפּור פון אַ וואַרעם בגד, קיין זאָקן און קיין שיך. אַ באָרוועסע, מיט פאַרבלוטיקטע צאַראַפּינעס אויף אירע שיינע ווי פון מאַרמאָר אויסגעטאָקטע פיס, האָט זי מיט זיך ווי סימבאָליזירט די גרויסע טראַגעדיע פון פּויער אונטער אַן אַנטי־פּויערישער דיקטאַטור. די פאַרזאַמלטע האָבן אויף אַ ווייל ווי פאַרגעסן אין זייערע אייגענע צרות. אין די אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן. די לופט איז געוואָרן נאָך געדיכטער, נאָך שטיקנדיקער. דאָס קינד האָט זיך אַראָפּ־

געגליטשט פון דער מוטערס אָרעמס און גענומען בעטן ברויט. די מאַמע הערט אָבער ניט. אירע געדאַנקען זיינען מיט איר מאַן, איר ברויטגעבער פילימאָן, וואָס מען האָט, ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט פון איר געשפּרעך מיט די באַאַמטע, צוגענומען אין סאַמע ברען פון דער פעלד־אַרבעט און אַוועקגעשיקט אויפן צווייטן עק וועלט, ערגעץ אין צפון־רוסלאַנד, אין אַן „אַרבעטס־לאַגער". דאָס קינד איז דערשראָקן. עס צופּט דער מאַמעס קלייד און יאָמערט שטיל: „מאַמקאַ, כליעבאַ" (מאַמעלע, ברויט!).

דער מאַמעס האַנט, מיט דעם אין אַ שמאַטע איינגעוויקלטן ברויט, העגגט מאַכטלאָז ביי איר זייט, ביז דאָס קינד האָט זיך דערשטופּט צו דער האַנט און דאָס שטיקל ברויט אַרויסגעשלעפּט. דאָס האָט דער מוטער פון איר הינערפלעט אויפגעוועקט. זי האָט זיך אַרומגעקוקט און ווי צום ערשטן מאָל באַמערקט די פּאַרזאַ־מלטע. איך האָב ניט אויסגעהאַלטן, אַרויסגענומען פון קעשענע מיין גאַנץ רוסיש פאַרמעגן — דרייסיק רובל — און בשתיקה, אַז קיינער זאָל ניט זען, עס אַריינגערוקט אין איר האַנט. איך האָב קוים געהאַט צייט זיך אָפּצוקערן פון שאַנדע פאַר מיין סענטימענטאַלן שריט, ווי ס'האָט זיך דערהערט אַ שטאַרק געוויין. דאָס האָט די באָרוועסע פרוי, וואָס איז געקומען זוכן גערעכטיקייט אין מאָסקווע, ניט אויסגעהאַלטן — זיך פונאַנדערגעוויינט אויפן קול, און מיט איר כמעט אַלע פאַרזאַמלטע. איך האָב געפילט, אַז אויך איך וועל ניט אויסהאַלטן... פּלוצים האָב איך דערפילט ווי עמעצער ציט מיך פאַר דער האַנט און קושט. ווי אַן אָפּגעבריטער בין איך אויפגעשפּרונגען. דאָס קינד האָט דאָס, אויף דער מוטערס פאַרלאַנג, מיין האַנט געקושט.

*

ווען איך בין אין אַ האַלבער שעה אַרום געזעסן אין ביוראָ פון פאַרוואַלטער פון רויטן קרייץ, ווינאַווער, אַ באַוווּסטער אומפּאַרטייִשער ראַדיקאַל, האָב איך די אומגליקלעכע ווידער געטראָפן. ווינאַווער האָט זי אויסגעהערט און איר געגעבן אַ קאַרטל צום מלוכה־פּראָקוראָר פון דער „רוסישער סאָציאַליסטישער

סאָוועטן־רעפּובליק״, חבר אַנטאָנאָוו־יעווסעיענקאָ. איך האָב דעם זעלבן טאָג אויך געקליבן זיך צו גיין צו אים. צו יעווסעיענקאָן. זיין אַמט איז גראָד אויף דער זעלבער קוזנעצקי־מאָסט־גאַס. איך האָב געוואָלט ביי אים אויפמאָנען אַן אַלטן חוב — עטלעכע צענד־ליק דאָלאַר. איך האָב אים, אויף זיין בקשה, צוגעשיקט קיין פּאַריז פון שיקאַגאָ אַ שיפסקאַרטע און ער האָט צוליב דער מלחמה פאַרלאָרן די מעגלעכקייט זי אויסצונוצן. אין דער לעצטער מינוט האָב איך אָבער פון דעם געפּלאַנטן וויזיט זיך אָפּגעזאָגט. מיין האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז דער געוועזענער מענשעוויק און טראָצקיס רעכטע האַנט אין דעם אָקטאָבער־אויפשטאַנד, אַנטאָנאָוו־יעווסעיענקאָ, איז אין די אויגן פון דער סטאַלין־גרופּע נאָך אַלץ ניט אין גאַנצן כשר. אַ באַגעגעניש מיט מיר, אַ סאָציאַליסטישן זשורנאַליסט, וואָלט אים געקענט שעדיקן. טאָן דאָס האָט מיר אויס־געפעלט מוט (אים האָט סטאַלין טאַקע דערשאָסן אין איינעם פון די ערשטע מאַסן־מאָרדן פון הויכע סאָוועטישע באַאַמטע).

מיר האָט זיך זייער געוואָלט אַרויסקריגן ביי ווינאַווערן אַ דערלויבעניש צו שרייבן עטלעכע ווערטער טשערעוואַניגען אין זיין אוראַלער טורמע. געוואָלט אים לאָזן וויסן פון וועמען דאָס געלט קומט. האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דאָס טאָר מען ניט. בלויז גאָר נאָענטע קרובים קענען אים שרייבן, און דאָס אויך ניט מער ווי איין בריוו אַ מאָנאַט.

דער אַלטער, 65יאָריקער עקאָנאָמיסט, פילאָזאָף און פּאָליטי־קער, געפינט זיך דאָס מאָל אונטער גראַטעס שוין באַלד פיר יאָר. אָפּגעריסן פון דער גאַנצער וועלט, אַרבעט ער אויף צוויי נייע וויסנשאַפטלעכע ווערק. איינס פון זיי איז וועגן דער מאַרקסיסטי־שער פילאָזאָפיע. איך וועל ניט זיין איבעראַשט, ווען עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז זיינע טורמע־ווערטער וועלן זיין די יעניקע, וואָס וועלן די נייע ביכער אַרויסגעבן אין זייער מלוכה־פאַרלאַג.

*

אַן אָנגעזעענער סאָוועטן־טוער, וואָס איז גאַנץ נאָענט צו דער מאָסקווער „געפּעאו״, האָט מיר פאַרזיכערט, אַז „טשערעוואַנין איז

אַן אויסנאַם״, אַז אַנדערע פּראָמינענטע סאָציאַליסטן זיינען לעצטנס באַפרייט געוואָרן. אַלס אַ ביישפּיל האָט ער מיר אָנגעוויזן אויפן באַקאַנטן סאָציאַל־דעמאָקראַטישן טוער וואַלעריאַנאָוו־בראָנשטיין, וועלכער איז אַרעסטירט געוואָרן צוזאַמען מיט טשערעוואַנין און ער, בראָנשטיין, איז דאָס כלומרשט געשיקט געוואָרן פון אויס־לענדישן צענטראַל־קאָמיטעט צו רעאָרגאַניזירן די סאָציאַליסטישע אַרבעט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. וואַלעריאַנאָוו־בראָנשטיין, האָט ער מיר געזאָגט, איז מיט אַ פּאָר וואָכן פאַר דעם באַפרייט געוואָרן און האָט אַפילו געקראָגן די דערלויבעניש צו קומען אויף אַ קורצער צייט קיין מאָסקווע.

אַ דערלויבעניש צו באַזוכן מאָסקווע, האָט ער מיר געזאָגט, האָט דעם זומער אויך געקראָגן אַ צווייטער טוער, דער וועלט־באַרימטער באָלשעוויסטישער געלערנטער, ניקאָלאַי ריאַזאַנאָוו. דער אָרונטערגעזעצטער אָנפירער פון דער מאַרקס־ענגעלס־אַקאַ־דעמיע אין מאָסקווע. שוין עטלעכע יאָר ווי ער לעבט אַ פאַרשיק־טער אין סאַראַטאָוו.

ער האָט אויך אָנגעוויזן אויף דעם, וואָס פון די 12 פירער פון די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, וואָס זיינען אַ מאָל — מיט אַ יאָר 12 צוריק — פאַראורטיילט געוואָרן צו טויטשטראָף און פאַרהאַלטן געוואָרן אין טורמע, איז שוין קיין איינער ניטאָ אין די טורמעס. אַלע זיינען פריי. מיט דעם האָט ער געוואָלט מיר איינרעדן, אַז אַ חוץ טשערעוואַנינען, זיינען שוין אַלע סאָציאַליסטן פריי.

צום באַדויערן האָט ער געמאַכט אַ טעות. טשערעוואַנין איז נאָך אַלײן ניט קיין אויסנאַם. ווען איך האָב אָנגערופן נעמען פון אַזעלכע, וועגן וועלכע איך האָב געלייענט, אַז זיי זיצן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַ סך פון זיי זיינען נאָך אין די טורמעס, אָדער אין סיביר.

צווישן זיי:

שוב — אַ געלערנטער עקאָנאָמיסט אין דער העכסטער סאָוועט־טישער אינסטיטוציע פון פּלאַנירטער ווירטשאַפט און אַ באַקאַנ־טער סאָציאַל־דעמאָקראַט איז איינער פון זיי. שוב איז געווען

וולאַדימיר גראַמאַנס אַן אַסיסטענט. אין דער צייט אָבער ווען גראַמאַן און זיינע 13 חברים האָבן זיך געהאַלטן אויפן פאַרהער ווי פּחדנים, האָט שוב זיך געהאַלטן מיט גרויס ווירדע.

גראַמאַן אַליין איז נאָך דאָ, אין סעפּטעמבער 1934, אויך געזעסן אין ווערכנעאוראַלסק, אין טורמע, און געטאָן וויסנשאַפט־לעכע אַרבעט פאַר דער סאָוועטן־מאַכט.

פון די איבעריקע 13 קאָלעגן זיינע אין דעם זעלבן פּראָצעס, איז בלויז איינער, רובין, באַפרייט געוואָרן. ער געפינט זיך אין אַ סאַנאַטאָריע אין קרים — אַן ערנסט־קראַנקער.

ווען איך בין געווען אין מאָסקווע, איז נאָך אויך געזעסן דער באַרימטער פרייהייט־קעמפער פון קאַווקאַז, דער סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישער דעפּוטאַט פון דער ערשטער דומע (1906) איסידאָר ראַמישווילי. שוין 10—12 יאָר ווי דער דאָזיקער 75יאָריקער זקן ווערט געהאַלטן אין די סאָוועטישע טורמעס און פאַרשיקונגס־פּלע־צער. ביים פאַרלאָזן רוסלאַנד האָב איך זיך אָבער דערוווּסט, אַז מען האָט אים פאַרשיקט קיין טאַשקענט, אין צענטראַל־אַזיע, עט־לעכע טויזנט ווייאָרסט פון מאָסקווע, און אַז אַהין, האָט מען מיך פאַרזיכערט, איז איצט אָוועקגעשיקט געוואָרן אַ פאַראָרדענונג, וואָס דערלויבט אים צוריקצופאָרן צו זיין פאַמיליע קיין קאַווקאַז.

אין טאַשקענט געפינט זיך אויך נאָך אַ מיטגליד פון סאָציאַל־דע־מאָקראַטישן צענטראַל־קאָמיטעט, יעווואַ בראַידאָ, וועמענס נאָמען איז אָפט דערמאָנט געוואָרן אויפן פּראָצעס פון די 14 געוועזענע מענ־שעוויקעס, אַלס איינע פון די צוויי ספּעציעלע פאַרטרעטער, וואָס די אויסלענדישע דעלעגאַציע פון דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָ־קראַטיע האָט געשיקט קיין רוסלאַנד. איר בוך „רעוואָלוציאָנערע דערינערונגען" איז לעצטנס איבערגעזעצט געוואָרן אין אַלע וויכ־טיקע אייראָפּעיִשע שפּראַכן — יידיש אַריינגערעכנט. לויט ווי מען האָט מיר איבערגעגעבן, איז זי זייער קראַנק, — ליידט פון אַ האַרץ־קראַנקייט און סקלעראָזע. שוין אַ לענגערע צייט ווי זי זוכט אַ דערלויבעניש צו באַראָטן זיך מיט דאָקטוירים־ספּעציאַ־ליסטן אין מאָסקווע. זי האָט אָבער די דאָזיקע דערלויבעניש נאָך ניט געקראָגן.

צווישן די ווילדע און האַלב־ווילדע אַזיאַטישע שבטים פון טאַשקענט, אוזבעקיסטאַן, פּראַווען גלות אַנדערע פאַרשיקטע פּי־רער פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. איינער פון זיי איז דער געוועזענער סעקרעטאַר פון צענטראַל־קאָמיטעט, מאיר צעיטלין, אַ באַקאַנטער געלערנטער און פינאַנס־עקספּערט.

נאָך איינער איז ל. ראַפּאָפּאָרט, אַ יונגער סאָציאַליסט, אַ קינד פון דער איצטיקער רעוואָלוציע, וואָס וואַנדערט אַרום איבער די סאָוועטישע טורמעס און פאַרשיקונגס־פּלעצער שוין איבער צען יאָר. איצט איז ער אין די הרי־חושך פון אַזיע — אין קאָקאַנד.

און ווען מיר רעדן שוין וועגן די יונגע מאַרטירער פאַרן סאָציאַל־דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם אין רוסלאַנד, איז כדאי צו דערמאָנען נאָך אַ פּאָרביישפּילן. איינער פון זיי איז ל. יאַקובסאָן, וועלכער איז צום ערשטן מאָל אַרעסטירט געוואָרן אין יאָר 1923, מיט עלף יאָר צוריק.* דאַן אַ 20יאָריקער בחור, איז ער אַרעסטירט געוואָרן אויף אַ קאָנפערענץ פון יונגע סאָציאַליסטן, געבן קיעוו. זינט דאַן גייט ער ניט אַרויס פון די סאָוויעטישע טורמעס און פאַרשי־קונגס־פּלעצער. ווען איך בין געווען אין מאָסקווע, האָט מען מיר דערציילט, אַז ער זיצט נאָך איצט אין דער טאַגאַנקע־טורמע פון דער סאָוויעטישער הויפּטשטאָט.

אין די זעלבע, זייער גוט אינפאָרמירטע קרייזן, האָט מען מיר דאַן אָנגעזאָגט אַ פּריילעכע בשורה: צוויי יונגע סאָציאַל־דעמאָ־קראַטן — ראָזאַ עלמאַן און א. קראַניכפעלד, וועלכע האָבן זיך אויך געוואַלגערט אין די סאָוועטישע טורמעס אַ יאָר עלף, זיינען לעצ־טנס „באַפרייט" געוואָרן. צום באַדויערן האָט זיך מיר ניט איינ־געגעבן פעסטצושטעלן אויב זיי זיינען אין גאַנצן פריי אָדער בלויז פאַרשיקט ערגעץ אין סיביר אָדער צענטראַל־אַזיע.**

* דעם דאָזיקן אַרטיקל האָב איך געשריבן אין יאָר 1934.

** מיט אַ יאָר צען צוריק האָט לידאַ, א. מאַרטאָוס שוועסטער, דערהאַלטן אַן אָפיציעלן באַריכט פון מאָסקווע, אַז א. קראַניכפעלד איז דערשאָסן געוואָרן אין יאָר 1941 צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע ברידער, שוועסטער און קרובים פון דער מאַרטאָוו־צעדערבוים־פאַמיליע...

אין די ווילדענישן פון צענטראַל־אַזיע — אין סעמיפּאַלאַ־טינסק — געפינען זיך נאָך אַ צאָל באַקאַנטע סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישע טוער. צווישן זיי: ראָזאַ לעוויט, א. קראַסניאַנסקאַיאַ און ס. ל. דעיטש.

יעזשאָו־צעדערבוים, מאַרטאָווס אַ ברודער, און אַ באַרימטער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פירער, מיט אַ רעוואָלוציאָנערן סטאַזש פון 38 יאָר אַרבעט, געפינט זיך איצט אַ פאַרשיקטער, אין קאַזאַן, די הויפּטשטאָט פון דער טאַטאַרישער רעפּובליק. מיט אים גע־פינט זיך דאָרט זיין פרוי, אויך אַן אָנגעזעענער מיטגליד פון צענ־טראַל־קאָמיטעט, קאָנקאָרדיאַ זאַכאַראָווא.

יעזשאָוס ברודער — וו. לעוויצקי, אויך אַ באַקאַנטער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער טוער, געפינט זיך אויף פאַרשיקונג אין אופאַ.

ב. גורעוויטש־בער, אַ פּראָמינענטער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער טוער און מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט, וועלכער האָט שוין אויך פאַרבראַכט עלף יאָר אין סאָוועטישע טורמעס און פאַרשיקונג אַלס אַ מין צוגאָב צו די לאַנגע יאָרן, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין די צאַרישע טורמעס. ער געפינט זיך איצט אין טשאַרדין, פּערמער גובערניע, איז קראַנק און ליידט גרויס נויט.

אין אַן ענלעכער לאַגע געפינען זיך די צוויי באַקאַנטע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע טוער פון ראָסטאָוו־דאָן, וואַסיליעוו און זיין פרוי. זייער מאַרטירער־וועג פון טורמע און פאַרשיקונג דויערט אָבער לענגער: גאַנצע 14 יאָר, און זיי הונגערן און ניידיקן זיך אין די עלעמענטאַרסטע לעבנסמיטלען.

די אַלע אויסגערעכנטע פּראָמינענטע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע טוער זיינען, אויף סטאַלינס באַפעל, דערשאָסן געוואָרן באַלד נאָך דעם סטאַלין־היטלער־פריינדשאַפט־אָפּמאַך. צוזאַמען מיט זיי זיינען, אויף סטאַלינס באַפעל, דערשאָסן געוואָרן נאָך דעם סטאַלין־היטלער־אָפּמאַך, אַ גרויסע צאָל סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן.

# טעכנאָקראַטן און ביוראָקראַטן

## (בלעטלעך פון מיין טור איבער רוסלאַנד — סוף 1934)

אין היינטיקן רוסלאַנד וואַרפט זיך שטאַרק אין די אויגן די ראַדיקאַלע ענדערונג אין דער באַציִונג פון די הערשער צו דער טעכנישער אינטעליגענץ, ריכטיקער צו דער ביוראָקראַטיע (הויכע סאָוועטישע טשינאָווניקעס) און הויך קוואַליפיצירטער טעכנישער אינטעליגענץ. זיי באַהאַנדלט מען בעסער ווי אַלע אַנדערע סאָציאַלע גרופּירונגען. מיט איר פלירטעוועט מען, זי קויפט מען אונטער און מען זעט, אַז זי זאָל זיך ניט נייטיקן סיי אין לעבנס־מיטל און סיי אין לוקסוס־אַרטיקלען.

פאַרבייגייענדיק ווילט זיך דאָ פאַרצייכענען, אַז דער באַרימטער טעכנאָלאָג ראַמזין, וועמען מען האָט געמשפּט מיט אַ פּאָר יאָר פאַר דעם אונטער שווערע באַשולדיקונגען פון שעדיקן די טעכנישע פּראָדוקציע פון לאַנד און פאַרמשפּט צוזאַמען מיט זיין סעקרעטאַר צו טויטשטראָף, און די צייטונגען פון גאַר דער וועלט האָבן געדרוקט די סאָוועטישע מעלדונגען, אַז מען האָט זיי דערשאָסן — איז איצטער, זינט אַפּריל פון דעם יאָר, פריי און ביידע „דערשאָסענע" פאַרנעמען זייערע אַלטע פּאָזיציעס אין דער סאָוועטישער אינדוסטריע. ראַמזין לעבט אין אַ שיינער און רייכער וווינונג. מען האָט אים צוריקגעגעבן אַלע זיינע בירגער־רעכט און אַפילו געגעבן אים אַ מתנה — אַ גרויסן אימפּאָרטירטן לוקסוס־אויטאָמאָביל מיט אַ שאָפער.

דער פלירט מיט דער טעכנישער אינטעליגענץ האָט שוין אָנגענומען אַזעלכע פאָרמען, אַז דער אויפמערקזאַמער אויסלענדי־

שער אָבסערוואַטאָר הייבט אָן צו פאַרדעכטיקן, אַז אין סאָוועטן־לאַנד פּיקט זיך אויס אַ נייער הערשנדיקער — איך וואָלט ניט געוואָלט געברויכן דעם טערמין קלאַס, ווייל קיין קלאַס איז עס נאָך ניט — אפשר אַ נייע פּריווילעגירטע עליטע, אָדער קאַסטע. אָט די נייע עליטע לייגט איצט אַרויף איר שטעמפּל אויף אַלע פאַזעס פון סאָוועטישן לעבן. זי לאָזט זיך פילן אומעטום. עס שפּי־גלט זיך אָפּ אין די פאַרדינסטן, אין דער באַשפּייזונג, אין די ווױ־נונגען, אין דעם דורכשניטלעכן קאָמפאָרט פון די בירגער און לאָזט וויסן וועגן זיך כמעט פון דעם ערשטן מאָמענט וואָס דאָס קינד ווערט געבוירן, — אין דעם קינדער־קליניק, ווו דאָס ניי־געבוירענע קינד באַווייזט זיך אויף דער וועלט, אין די יאַסלעס, אין די קינדערגערטנער און אַפילו אין די שולן. די נייע עליטע האָט אייגענע באַזונדערע קינדערגערטנער און שולן. דאָס זעלבע די באַאַמטע פון דער געפּעאו, די אָפיצירן פון דער אַרמיי און פלאָט און אַפילו די געוויינלעכע מיליץ (פּאָליציי) און, פאַרשטייט זיך, אייגענע „פאַרמאַכטע" מאַגאַזינען, ווו מען קען באַקומען פון כל־טוב און ביליק — נאַטירלעך לויט די סאָוועטישע באַגריפן...

די אינזשענירן און טעכניקער געניסן פון נאָך אַ פּריווילע־גיע — זיי קענען עסן אין די בעסטע רעסטאָראַנען ערשטקלאַסיקע מאָלצייטן, פאַר וועלכע זיי באַצאָלן אַ סקאַנדאַליעז קליינעם פּרייז — צוויי רובל פאַר אַ מאָלצייט. פאַר דעם צוועק באַקומען זיי ספּעציעלע „ליטערנע" בילעטן, וועגן וועלכע אַנדערע קענען אַפילו ניט חלומען...

*

מער וועגן דער נייער סאָוועטישער עליטע — טעכנאָקראַטן און ביוראָקראַטן — האָב איך געשריבן, באַלד נאָך מיין צוריקקער פון רוסלאַנד אין „פאָרווערטס", „סאָציאַליסטישעסקי וועסטניק", „נאָ־וואָיע רוסקאָיע סלאָוואָ" און אין „ביו לידער".

# נײַע אויסגאַבע פֿון דער גרויסער סאָוועטישער ענציקלאָפּעדיע — אַ זאַמלונג פֿון שקרים און פֿעלשונגען

עס ווײַזט זיך אַרויס, אַז דיסקרימינאַציעס קעגן ייִדן זײַנען ניט די איינציקע פּונקטן, מיט וועלכע די נײַע אויסגאַבע פֿון דער „גרויסער סאָוועטישער ענציקלאָפּעדיע" אונטערשיידט זיך פֿון דער אויסגאַבע, וועמענס ערשטער באַנד איז דערשינען מיט 25 יאָר צוריק. אַ חוץ דעם אַנטי־ייִדישן קנייטש, געפֿינען זיך דאָרט אַ צאָל אַנדערע „קנייטשן" פֿון אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער, וואָס זײַנען ניט ווייניקער אויסטערליש ווי דער „חרם" אויף ייִדן, ייִדישער קולטור און ייִדישן צושטייער צום פּראָגרעס פֿון דער מענטשהייט.

עס ווײַזט זיך אַרויס, למשל, אַז בײַם אַרויסוואַרפֿן מענדעלע מוכר ספֿרים און כמעט אַלע אַנדערע היסטאָרישע פֿיגורן אין דער ייִדישער און רוסיש־ייִדישער וועלט, האָט זיך די נײַע ענציקלאָפּעדיע נישט אָפּגעשטעלט. אין פֿאַרגלײַך מיט דער ערשטער, 65בענדיקער ענציקלאָפּעדיע, שטעלט זי פֿאָר מיט זיך עפּעס אַזעלכעס, וואָס האָט ניט איר גלײַכן אין דער וועלט פֿון ענציקלאָפּעדיעס אין וועלכער עס איז אַנדערער שפּראַך. און זאָל דער לייענער ניט מיינען, אַז דאָס איז דערפֿאַר, וואָס זי איז קאָמוניסטיש אָדער אינטערנאַציאָנאַליסטיש. גיכער פֿאַרקערט. דעם פּלאַץ פֿון אינטערנאַציאָנאַליזם האָט אין דער נײַער איבערגעשפּיצטער, עקסטרעם־בלינדער אויסגאַבע פֿאַרנומען דער היפּוך — אַ נאַציאָנאַליזם, וואָס איז אין פֿיל הינזיכטן ניט פֿיל מילדער ווי דער „נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם" פֿון דײַטשלאַנד. די ענציקלאָפּעדיע זינדיקט ניט בלויז קעגן ייִדן, וועלכע האָבן דאָך סײַ ווי ניט, לויט סטאַלינס אײַנשטעל, קיין עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג, ווי אַ באַזונדערע נאַציע

און מוזן זיך וואָס שנעלער אַסימילירן מיט די אַרומיקע פעלקער. זי זינדיקט אויך קעגן אַלע פעלקער פון דער פרייער, דעמאָקראַטישער וועלט און קעגן זייערע אינדיווידועלע אָדער קאָלעקטיווע דערגרייכונגען אויף כמעט אַלע געביטן פון מענטשלעכן וויסן.

עס וואָלט דערפאַר געווען אַ טעות צו מיינען, אַז ווען די נייע רעדאַקטאָרן פון דער ענציקלאָפּעדיע שיסן אַריין זייערע פיילן אין „קאָסמאָפּאָליטן", צילן זיי בלויז אין יידן. די שווערע האַרמאַטן פון דעם פאַרזעעניש, וואָס הייסט „גרויסע סאָוועטישע ענציקלאָפּעדיע", זיינען געצילט קעגן אַלץ, וואָס דערמאָנט, אָדער קען דערמאָנען, די איינוווינער פון די סאָוועטישע לענדער, אַז אויסער זייערע שטאַרק־באַוואַכטע גרענעצן וווינען אויך ציוויליזירטע מענטשן; אָדער אַז אַ וועלכער עס איז וויסנשאַפטלעכער, טעכנאָלאָגישער, סאָציאַל־עקאָנאָמישער אָדער קולטורעלער פּאָרשריט איז מעגלעך — אָדער איז ווען עס איז געווען מעגלעך — אויסער די גרענעצן פון לאַנד, וואָס האָט דעם „געניאַלן" סטאַלינען פאַר איר פירער...

די רעדאַקטאָרן פון דער נייער אויסגאַבע שרייבן טאַקע, אַז אין דער אַלטער סאָוועטישער ענציקלאָפּעדיע זיינען אַריין „אַ סך אַרטיקלען, מיט שווערע פּאָליטישע און טעאָרעטישע טעותן", וואָס די נייע אויסגאַבע מוז פאַרריכטן.

די צאָל פון אַזעלכע „טעותן" איז געוואַלדיק גרויס. אויסרעכענען זיי דאָ וואָלט גענומען צו פיל פּלאַץ. אַ פּאָר ביישפּילן וועלן אָבער קלאָר מאַכן, וואָס די רעדאַקציע האָט געמיינט מיט דעם.

ווע די אַלטע רעדאַקציע האָט אין יאָר 1926 נאָכגעפאָלגט דעם ביישפּיל פון אַנדערע גרויסע ענציקלאָפּעדיעס און אַריינגענומען דעם יידישן פילאָזאָף פון מיטלאַלטער אוריאל אַקאָסטאָ (1585—1640), איז דאָס געווען אַ שווערער „טעות", וואָס די נייע רעדאַקציע האָט געמוזט פאַרריכטן. און זיין פּלאַץ איז ניט געבליבן ליידיק. אַ פיל וויכטיקערע פּערזאָן האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ. „אַקסיאָנאָוו, סעמיאָן ניקאָלאַיעוויטש, געבוירן אין יאָר 1784, געשטאָרבן אין יאָר 1853", וועגן וועלכן די אַלטע רעדאַקציע האָט אין גאַנצן

פאַרגעסן, אָדער אפשר קיין מאָל ניט געהערט. ער איז אָבער ניט אַבי־ווער. ער איז „אַ רוסישער גיטאַריסט, וואָס האָט געשאַפן אַ נייעם סטיל פון שפּילן אויף אַ גיטאַרע"...

נאָך „טעותן". אין דער ערשטער אויסגאַבע איז געווען אַ באַדייטנדיקע און זאַכלעכע אָפּהאַנדלונג וועגן דעם באַרימטן ווי־נער פּסיכאָלאָג, ד"ר אַלפרעד אַדלער (1870—1937), וועגן וועלכן מען האָט געשריבן, אז ער איז „דער גרינדער פון אַן אָריגינעלער ריכטונג אין דער מאָדערנער פּסיכאָלאָגיע, פון דער אַזוי גערופע־נער „אינדיווידועלער פּסיכאָלאָגיע". דאָס, פאַרשטייט זיך, איז געווען אַ „טעות". דער „פעלער" ווערט אילוסטרירט אין דעם פאָלגנדיקן זאַץ, וואָס מען האָט אים געווידמעט: „אַ רעאַקציאָנע־רער ווינער פּסיכאָ־פּאַטאָלאָג, אַן אידעאַליסט און אַ תלמיד פון זיגמונד פרויד"...

אויף אַן ענלעכן אופן האָט מען אויך פאַרריכט דעם „טעות" וועגן דעם מאַרקסיסטישן דענקער און פילאָזאָף מאַקס אַדלער. אויך וועגן די צוויי אַנדערע דייטש־עסטרייכישע אַדלערס, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער אַלטער סאָוועטישער ענציקלאָפּעדיע. וויקטאָר אַדלער (1852—1918), וועגן וועלכן די ערשטע אויסגאַבע האָט געווידמעט אַן אַרטיקל פון עטלעכע זייטן, געשריבן פון קאַרל ראַדעק און באַפּוצט מיט אַ בילד פון דעם גרויסן סאָציאַ־ליסטישן פירער און שטאַטסמאַן, איז אין דער נייער אויסגאַבע איינגעשרומפּן געוואָרן צו צוויי סטאַליניסטישע זאַצן. זיין זון, דער באַרימטער פרידריך אַדלער, וועלכער איז אין פאַרלויף פון זיין גאַנץ לעבן געווען איינער פון די סאַמע אָנגעזעענסטע פירער פון דער רעוואָלוציאָנערער לינק־סאָציאַליסטישער ריכטונג אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג, האָט אין פריערדיקן באַנד אויך געקראָגן — דורך אַ „טעות", מסתמא — גאַנצע צוויי זייטן. איצט האָט מען דאָס פאַרריכט דורך די פאָלגנדיקע פּאָר שורות:

פרידריך אַדלער „איז דער פירער פון רעכטע סאָציאַליסטן, דער ביטערסטער שונא פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג, אַן אַגענט פון דעם אימפּעריאַליסטישן אַמעריקע, וועל־

בער האָט גליכצייטיק אַריינגעטראָגן אין דער אַרבעטער־באַוועגונג פון עסטרייך דעם סם פון קאָסמאָפּאָליטיזם".

דאָס איז, אגב, דער זעלבער פרידריך אַדלער, וועלכער האָט דעם 21סטן אָקטאָבער 1916, דערשאָסן דעם פּרעמיער־מיניסטער פון עסטרייך פאַר אַריינוואַרפן די וועלט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אין דער וויסנשאַפט איז פאַראַן אַן אויסדרוק „אַקסיאָלאָגיע". עס איז „די לערע וועגן אַבסאָלוטע ווערטן". האָט וועגן דעם געשריבן די ערשטע סאָוועטישע ענציקלאָפּעדיע. דער „טעות" ווערט אין דער נייער ענציקלאָפּעדיע אויסגעבעסערט. מיר דערוויסן זיך פון איר. אַז „אַקסיאָלאָגיע איז אַ בורזשואַזע און אידעאַליסטישע אַפּיקורסות"...

דער באַגריף „אַבסאָלוטיזם" איז אין דער ערשטער ענציקלאָפּעדיע אויסגעטייטשט געוואָרן, ווי „זעלבסטהערשאַפט, אומבאַגרענעצטע מאַכט, אַליינהערשאַפט". נאָר אַזוי ווי פון דער דעפיניציע קענען נאָך די סאָוועטישע לייענער מאַכן דעם לאָגישן אויספיר, אַז סטאַלינס זעלבסטהערשאַפט איבער דער סאָוועטישער אימפּעריע איז „אַבסאָלוטיזם" און טיראַניי, האָט מען דעם „טעות" פאַרריכט: „אַבסאָלוטיזם מיינט אַזאַ רעגירונגס־פאָרעם, ווו די מאַכט געהערט צום קייסער, קעניג, צאַר..." אויב, הייסט עס, דער „אַבסאָלוט", דער טיראַן, טראָגט ניט דעם טיטל קעניג אָדער צאַר, איז ער ניט קיין זעלבסטהערשער...

נאָך ערגער האָט אָפּגעשניטן דער באַגריף „אַבסאָלוטע רעכט". וועגן דעם איז אין דער אַלטער ענציקלאָפּעדיע געווען אַ גאַנצע אָפּהאַנדלונג וועגן די „רעכט פון מענטשן און בירגער", וואָס די מענטשהייט האָט אין גאַנג פון איר געשיכטע אויסגעקעמפט אין פיל פרייע און דעמאָקראַטישע לענדער. אין דער נייער אויסגאַבע איז דער באַגריף אין גאַנצן פאַרשווונדן. אַזאַ זאַך ווי בירגערלעכע רעכט, בירגערלעכע פרייהייט עקזיסטירט ניט אין סטאַלינלאַנד, און פאַר די סאָוועטישע מענטשן איז געזינטער, אַז זיי זאָלן וועגן דעם ניט וויסן.

די „אַגראַר־פראַגע", דאָס פּראָבלעם פון ערד און פון די

וואָס באַאַרבעטן זי, האָט אין דער ערשטער אויסגאַבע פאַרנומען גאַנצע 100 זייטן. די אָפּהאַנדלונג האָט אַריינגענומען די עוואָלוציע פון דעם פּראָבלעם אין די אוראַלטע צייטן, אין מיטלאַלטער און אויך אין אונדזער צייט, אין רוסלאַנד, אין אויסלאַנד און אין סאָ־וועטן־פאַרבאַנד נאָך דעם זיג פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלו־ציע.

אין דער נייער אויסגאַבע איז דער קעגנשטאַנד, ערשטנס, געשניטן זייער שטאַרק, און צווייטנס, נעמט דער אַרטיקל אַריין בלויז די אַגראַר־פּראָגראַמען פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן־באָל־שעוויקעס אין לעבינס צייטן און די סאָוועטישע אַגראַר־געזעצן, וואָס האָבן אַ דאַנק סטאַלינס „קאָלווירטן" און „סאָווכאָזן", געבראַכט „אַזוי פיל פרייד און גליק" דער הונדערט־מיליאָניקער באַפעל־קערונג פון די סאָוועטישע דערפער... די אונטערשטע שורה איז, אַז דער דורות־לאַנגער קאַמף פון די אַרבעטנדיקע מאַסן קעגן לייב־אייגנטום, קעגן פּאַנשטשיזנע, שקלאַפעריי, און פאַר קאָנטראָל איבער דעם פּראָדוקט פון זייער פּראַצע, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט אַ פיל וויניק פולשטענדיקן זיג אין כמעט אַלע ציוויליזירטע לענדער, איידער די קאָמוניסטן זיינען געקומען צו דער מאַכט, האָט אַפילו ניט עקזיסטירט. און אויב ער האָט יאָ עקזיסטירט, טאָרן די לייענער פון דער סאָוועטישער ענציקלאָפּעדיע ניט וויסן וועגן דעם. ווייל אויב זיי וועלן זיך דערוויסן פון דעם, וועט זיין שווער זיי איינצורעדן אַז די „פרייהייט", וואָס סטאַלין האָט זיי געבראַכט מיט זיינע קאָלכאָזן, איז אין דער אמתן ערגער ווי די ערגסטע פאָרמען פון פּאַנשטשיזנע און שקלאַפעריי, וואָס זייערע טאַטעס האָבן ווען עס איז דורכגעמאַכט.

„די סאָוועטישע קולטור שטייט העכער ווי די קולטורן פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט", פאַרזיכערט די רעדאַקציע פון דער נייער סאָוועטישער ענציקלאָפּעדיע אין איר אַריינפיר צום ערשטן באַנד. „די סאָוועטישע פיזיקער, כעמיקער, געאָלאָגן, טוער אויף אַלע געביטן, האָבן באַרייכערט די סאָוועטישע קול־טור און געוויזן, אַז זי שטייט אַ סך העכער פון די זינקנדיקע, דע־גראַדירנדיקע קולטורן אין די בורזשואַזע לענדער".

## מאַרק כינאָי

*

דעם 11טן און דעם 14טן פעברואַר 1951 זיינען אין „פאָרווערטס" דערשינען צוויי אַרטיקלען וועגן דער נייער „גרויסער סאָוועטישער ענציקלאָפּעדיע", וועמענס ערשטער באַנד איז דאַן אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק. ביים מאַכן אַ פאַרגלייך צווישן דעם ערשטן באַנד פון דער פריערדיקער סאָוועטישער ענציקלאָפּעדיע און דער נייער אויסגאַבע, האָבן מיר אין יענע אַרטיקלען אַנאַליזירט די גרויסע ענדערונגען, וואָס די סטאַליניסטישע הערשער פון רוסלאַנד האָבן אַריינגעטראָגן אין דער מאָנומענטאַלער 65בענדיקער ענציקלאָפּעדיע אויף אַלע געביטן פון געשיכטע און סאָציאַלע וויסנשאַפטן. ווי מיט אַ שטאַרקן פּראָזשעקטאָר האָבן די ענדערונגען אַרויסגערוקט צום פאָדערגרונט די „נייע ליניע" פון די איצטיקע סאָוועטישע הערשער; אַ „ליניע", וואָס איז אויסגעשפּראָכן רעאַקציאָנער, אַנטי־סאָציאַל און פול מיט שנאה צו אַלע אַנדערע פעלקער, לענדער און קולטורן, און איז באַזונדערס שטאַרק, ווען עס קומט צו יידן.

אין פאַרבינדונג מיט דעם האָבן מיר אָנגעוויזן, אַז מיט 25 יאָר צוריק האָט מען ביים צוזאַמענשטעלן די ערשטע אויסגאַבע פון דער ענציקלאָפּעדיע אָפּגעגעבן אַ זייער חשובן פּלאַץ אויך דעם „זיידן" פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור אונדזער גרויסן מענדעלע מוכר ספרים (שלום יעקב אַבראַמאָוויטש), און געוווּנדערט זיך, פאַר וואָס מענדעלע איז אַרויסגעפאַלן פון דער נייער אויסגאַבע. „ער ווערט דאָרט אין גאַנצן ניט דערמאָנט. שפּורלאָז פאַרשוווּנדן..." — האָבן מיר געשריבן.

און צוגעגעבן אַז צוזאַמען מיט מענדעלען זיינען אַרויסגעפאַלן פון דער נייער סאָוועטישער ענציקלאָפּעדיע „אַלע אַנדערע אַבראַמאָוויטשעס פון משה רבנוס גלויבן; אַז אין איר האָבן אויך ניט געפונען קיין פּלאַץ כמעט אַלע אַנדערע יידישע געלערנטע, שרייבער, קינסטלער, קולטור־טוער און פרייהייט־קעמפער, וואָס האָבן זיך פריער דאָרט געפונען, אָדער האָבן זיך באַרימט געמאַכט אין די לעצטע 25 יאָר"...

ווי עס איז געווען צו דערוואַרטן, האָבן די אַרטיקלען געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. איי־ניקע שרייבער און קולטור־טוער האָבן דאַן פּרובירט אָפּשוואַכן דעם איינדרוק וואָס די אַרטיקלען האָבן געמאַכט. זיי האָבן פאַר־זיכערט אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ טעות וואָס די סאָוועטישע פּרעסע — די היגע און די מאָסקווער — וועט זיכער באַלד אויפ־קלערן, זיי זיינען אויך געווען זיכער, האָבן זיי געזאָגט, אַז די קומענדיקע בענדער פון דער ענציקלאָפּעדיע וועלן קאָרעגירן דעם „טעות״.

האָט אָבער די קאָמוניסטישע פּרעסע — די יידישע און די אַלגעמיינע — דעם ענין אין גאַנצן פאַרשוויגן. זי האָט אים פאַר־שוויגן אַפילו דאַן ווען אַמעריקאַניש־ענגלישע צייטשריפטן (דער חודש־זשורנאַל „קאָמענטערי״ צווישן זיי) האָבן אונדזער אַרטיקל וועגן אַנטי־יידישער דיסקרימינירונג אין דער ענציקלאָפּעדיע אי־בערגעדרוקט. זי האָט, ווייזט אויס, ניט געהאַט וואָס צו זאָגן און געוואַרט אויף אַן אָנווייזונג פון מאָסקווע.

די „אָנווייזונג״ איז איצט דאָ. זי איז געקומען אין דער פאָרעם פון נאָך צוויי בענדער פון דער נייער, צו דער סטאַלין־„ליניע״ צוגעפּאַסטער, ענציקלאָפּעדיע. בלעטערנדיק ווערט קלאָר, אַז דער פּאָגראָם אויף די אַבראַמאָוויטשעס אין דעם ערשטן באַנד איז ניט געווען קיין צופאַל. עס איז ניט געווען קיין טעות און ניט קיין „צייטווייליקע אָפּנייגונג״, ווי דאָס האָט געוואָלט איינער פון אונ־דזערע אָפּטימיסטישע קריטיקער, עס איז אַן אויסגעהאַלטענע, פעלזנפעסטע „ליניע״ פון דער איצטיקער קאָמוניסטישער הער־שאַפט.

דער צווייטער און דריטער באַנד פון דער נייער ענציקלאָפּע־דיע, מיט וועלכער איך האָב די טעג געהאַט די געלעגנהייט צו באַקענען זיך, פאַרענדיקן די רשימה פון אַלע ווערטער, באַגריפן, קעגנשטאַנדן און נעמען, וואָס הייבן זיך אָן מיט דעם בוכשטאַב „אַ״. זיי אַנטהאַלטן 1,300 זייטן פון גרויסן פאָרמאַט. און וויפל איך האָב זיי ניט געבלעטערט, געזוכט און גענישטערט אין זיי, האָב איך אויף די 1,300 זייטן ניט געפונען קיין איין יידישן נאָמען.

דאָס הייסט, נעמען זיינען דווקא דאָ, און אַ סך. זייער צאָל לויפט אין די הונדערטער, אויב ניט נאָך מער. איך האָב אויף דריי זייטלעך פון צווייטן באַנד (ז״ז 81—83) אָנגעשטויסן זיך אויף ביאָגראַפיעס פון 21 פערזאָנען. 12 פון זיי טראָגן דעם עכט רוסישן נאָמען „אַלעקסאַנדראָוו״; 9 — דעם ניט ווייניקער רוסישן נאָמען „אַלעקסעיעוו״ — אַלץ נעמען, וואָס איז ניט אַזוי לייכט אָנצוזען זיי פאַר דייטשן, פראַנצויזן, אָדער כינעזער. דאָך הייבן זיי זיך אָן אַלע, בוכשטעבלעך אַלע, מיט דעם חנעוודיקן טיטל: „אַ רוסישער סאָוועטישער קאָמפּאָזיטאָר״ (איבערגעחזרט דריי מאָל), „אַ רוסישער סאָוועטישער מאַטעמאַטיקער״ (איבערגעחזרט צוויי מאָל), „אַ רוסישער סאָוועטישער פיזיקער״, „אַ רוסישער סאָוועטישער באָטאַניקער״, „אַ רוסישער סאָוועטישער אינזשעניר״, „אַ רוסישער סאָוועטישער קינאָ־רעזשיסער״, און אַזוי ווייטער — ביז צום ברעכן...

ווי איר זעט, זיינען נעמען יאָ דאָ. אַ סך נעמען. און ווייט ניט אַלע באַוווסטע און פאַרדינסטפולע נעמען, אָבער אַלץ „אַריער״, אָדער „מאָנגאָלן״ („אַלימאָוו״), אָבער ניט יידן. זיי האָט מען אַרויסגעוואָרפן פון דער סאָוועטישער ענציקלאָפּעדיע און קיין נייע יידישע נעמען ניט אַריינגענומען.

אַפילו שלום אַש און ש. אַנסקי האָבן אין די אויגן פון סטאַלינס משרתים ניט פאַרדינט, אַז מען זאָל פאַר זיי מאַכן אַן אויסנאַם. ביידע האָבן זיי אין דער פריערדיקער אויסגאַבע פון דער סאָוועטישער ענציקלאָפּעדיע געהאַט זייער פריינדלעכע און אָביעקטיוו ריכטיקע אָפּהאַנדלונגען און ביאָ־ביבליאָגראַפישע פאַרצייכענונגען. וועגן ביידע האָט מען אין דער פריערדיקער אויסגאַבע אָנגעוויזן, אַז זייערע שריפטן זיינען איבערגעזעצט אין פיל שפּראַכן, רוסישער אַריינגערעכנט. וועגן ש. אַנסקי (פּסעוודאָנים פון שלמה זיינוול ראַפּאַפּאָרט, געשטאָרבן אין יאָר 1920, אין עלטער פון 57 יאָר) איז געווען אַ חוץ דעם אָנגעוויזן, אַז ער, דער בעלעטריסט און פובליציסט, וואָס האָט געגעבן דער וועלט דעם באַרימטן בונדישן הימן „די שבועה״, און די דראַמעס „אַשמדאַי״ („לוציפער״) און „דיבוק״, האָט זיינע דערציילונגען געשריבן אין צוויי שפּראַכן —

אין יידיש און אין רוסיש — פון וועלכע פינף בענדער זיינען אַרויס אין רוסיש נאָך פאַר דער רעוואָלוציע.

ביידע — שלום אַש און אַנסקי — זיינען איצט אין גאַנצן אַרויסגעפאַלן פון דער סאָוועטישער ענציקלאָפּעדיע, ווי זיי וואָלטן קיין מאָל ניט געלעבט, קיין מאָל ניט געשאַפן, קיין מאָל ניט עקזיסטירט...

צוזאַמען מיט זיי זיינען פון דער נייער ענציקלאָפּעדיע אויס־גערייניקט געוואָרן אַלע אַנדערע שריפטשטעלער, געלערנטע, פרייהייט־קעמפער, קינסטלער און היסטאָריקער פון יידישער אָפּ־שטאַמונג.

אויף די 1,300 זייטן פון די צוויי גרויסע און דיקע בענדער האָב איך דערוויייל געפונען בלויז איין אויסנאַם: מ. מ. אַנטאָקאָל־סקי, דער סקולפּטאָר און ג. אַנטאָקאָלסקי, אַ פּינפּטראַנגיקער רוסישער דיכטער פון יידישער אָפּשטאַמונג. דער לעצטער האָט אויסגעמיטן דעם טראַגישן גורל פון זיינע רוסישע און יידישע קאָלעגן אין דער שרייבער־פּראָפעסיע דורך דעם, וואָס ער איז אין די עלטערע יאָרן געוואָרן סטאַלינס „פּאָעטישער" שטיוול־פּוצער און טעלער־לעקער...

*

אין מיינע אַרטיקלען וועגן די ערשטע בענדער פון דער נייער סאָוועטישער ענציקלאָפּעדיע האָב איך פאַרצייכנט אַ זייער פּיינלעכע פאַר אונדז יידן דערשיינונג. די נייע רעדאַקציע פון דער 50בענדיקער ענציקלאָפּעדיע האָט ביים „פאַרריכטן פּאָליטישע טעותן" אין דער ערשטער אויסגאַבע אין איך וועגס „אויסגעריי־ניקט" די מערסטע יידישע נעמען, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען. מען האָט „אויסגערייניקט" מענדעלע מוכר ספרים, אוריאל אַקאָס־טאַ, ש. אַנסקי, שלום אַש, און כמעט אַלע אַנדערע יידישע געלערנ־טע, שרייבער, קינסטלער, קולטור־טוער, און פרייהייט־קעמפער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דער ערשטער אויסגאַבע.

אויב עמעצער האָט נאָך געגלייבט, אַז אין די ווייטערדיקע בענדער וועט מען דעם מיאוסן „טעות" פאַרריכטן, וואַרט אויף

אים אַ גרויסע אַנטוישונג. די נייע דריי בענדער פון דער ענציקלאָפּעדיע, וואָס מיר האָבן דערהאַלטן, זיינען אין דער הינזיכט נאָך ערגער ווי די ערשטע צוויי. אין זיי פעלן אויס כמעט אַלע יידישע נעמען, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען אין דער ערשטער סאָוועטישער ענציקלאָפּעדיע, מיט 25 יאָר צוריק, און אין זיי האָב איך ניט געפונען קיינעם פון די, וואָס האָבן זיך באַרימט געמאַכט זינט דאַן.

עס איז אוממעגלעך צו געבן דאָ אַ פולע רשימה פון די, וואָס סטאַלינס נייע רעדאַקציע האָט פאַרבראַקירט. עס איז גענוג צו דערמאָנען אַזעלכע יידישע און רוסיש־יידישע קינסטלער און טוער, ווי אחד העם, יוסף באָוושאָווער, דוד בערגעלסאָן, בער באָראָכאָוו, יצחק באַבעל, אָדער אַזאַ פּערזענלעכקייט ווי דער וועלט־באַרימטער ענגליש־יידישער שריפטשטעלער און שטאַטסמאַן ביקאָנספילד־דיזראַעלי...

וועגן אחד העם און י. מ. באָוושאָווער האָט די ערשטע אויסגאַבע געהאַט גאַנץ אָביעקטיווע, הגם פאַרהעלטנישמעסיק קורצע אָפּהאַנדלונגען (וועגן באָוושאָווערן איז אַפילו געווען באַטאָנט, אַז ער איז געווען אַ אָנגעזעענער „דיכטער פון יידישע אַרבעטער"). ביידע ווערן זיי איצט ניט דערמאָנט מיט קיין וואָרט. עטלעכע צענדליק יאָר נאָך זייער טויט האָט סטאַלינס נייע רעדאַקציע באַשלאָסן, אַז עס וועט זיין בעסער פאַר די מענטשן פון „סאָציאַליסטישן פאָטערלאַנד", ווען יידן הינטער דעם אייזערנעם פאָרהאַנג וועלן פאַרגעסן אין זיי.

זיי האָבן, ווי עס שיינט, אויך באַשלאָסן, אַז עס וועט זיין בעסער פאַר סטאַלינס יידישע אונטערטאַנען, ווען מען וועט אַרויסוואַרפן פון דער סאָוועטישער ענציקלאָפּעדיע — און במילא אויך פון אַלע סאָוועטישע ביבליאָטעקן — איינעם, וואָס ווערט פון אַ סך באַטראַכט פאַר דעם טאַלאַנטפולסטן פון די סאָוועטיש־יידישע שריפטשטעלער, דוד בערגעלסאָן. די ביאָגראַפישע אָפּהאַנדלונג וועגן אים איז דערשינען אין דער ערשטער סאָוועטישער ענציקלאָפּעדיע, אין 1927 — ווען ער איז נאָך געווען אַן אַנטי־קאָמוניסטישער עמיגראַנט אין אויסלאַנד און געדרוקט זיך אין „פאָר־

ווער׳טס״. איצט איז וועגן דוד בערגעלסאָן, דעם אָממערסטן גע־רימטן יידישע בעלעטריסט און „חשובן סאָוועטישן שריפטשטעלער״, ווי די היגע קאָמוניסטן פלעגן אים באַצייכענען, ניטאָ קיין וואָרט, וואָס זאָל דערמאָנען אין אים. נאָר אפשר איז דאָס געווען בייטיק, כדי אויף אַזאַ אופן לאָזן וויסן די יידישע קאָמוניסטישע מיטלויפער אין אויסלאַנד, אַז די גרויסע גרופּע סאָוועטישע יידישע שרייבער, מיט בערגעלסאָנען בראש, וועלכע זיינען מיט אַ פּאָר יאָר צוריק שפּורלאָז פאַרשוווּנדן, זיינען שוין אַלע צווישן די „אויסגעשפּיגענע און ליקווידירטע״.

צו דער זעלבער קאַטעגאָריע קומט אויס צוצורעכענען דעם פאַל מיטן באַרימטן יידיש־רוסישן שריפטשטעלער י. מ. באַבעל. וועגן אים האָט די ערשטע אויסגאַבע געשריבן, אַז ער איז „איי־נער פון די אָנגעזעענסטע בעלעטריסטן פון אונדזער צייט״. אויך ער איז צווישן די „שפּורלאָז פאַרשווונדענע״ אין סטאַלינס בלו־טיקע ריי־ניקונגען. זיין נאָמען איז דעריבער אַרויסגעפאַלן פון דער נייער ענציקלאָפּעדיע.

אַרויסגעפאַלן איז אויך דער אָנגעזעענער יידישער פּובליציסט און געזעלשאַפטלעכער טוער, בער באָראָכאָוו. אין דעם קריטיש־ביאָגראַפישן עסיי וועגן אים האָט די ערשטע אויסגאַבע געשריבן, אַז ער איז געווען דער „גרינדער פון דער יידישער „סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פאַרטיי פּועלי־ציון״ (געשטאָרבן אין יאָר 1917). היינט, ווען באָראָכאָוו פּאָליטישער אידעאַל איז פאַרווירקלעכט געוואָרן אין ישראל, איז זיין נאָמען טריף אַפילו פאַר דער ענצי־קלאָפּעדיע.

אַרויסגעפאַלן איז אויך דער רוסיש־יידישער בעלעטריסט א. פּ. ביביק, וועמענס ראָמאַנען און דערציילונגען האָבן שוין אונטער דער קאָמוניסטישער מאַכט אויסגעהאַלטן עטלעכע אויסגאַבן. פון אים — קיין שפּור אין דער נייער ענציקלאָפּעדיע.

צוזאַמען מיט אים איז אויך נעלם געוואָרן דער רוסיש־יידישער שריפטשטעלער י. מ. ביקערמאַן, וועגן וועלכן די ענצי־קלאָפּעדיע האָט פריער געשריבן, אַז ער איז געווען אַ ליבעראַלער

פּובליציסט, אַ רעדאַקטאָר און מחבר פון אַ צאָל ביכער און אָפּ־האַנדלונגען וועגן יידן און יידישע ענינים.

צוזאַמען מיט זיי זיינען אויך אַרויסגעפאַלן אַ צאָל אַנדערע רוסיש־יידישע פּערזענלעכקייטן. איינער פון זיי איז דער אַ מאָל זייער פּראָמינענטער „ווירטואָז, פּיאַניסט, קאָמפּאָזיטאָר און דיריגענט", פעליקס מ. בלומענפעלד. וועגן אים איז פריער געווען דערציילט, אַז ער האָט געהערט צו דער „מעכטיקער גרופּקע" („מאָגוטשאַיאַ קוטשקאַ") פון גרויסע רוסישע מוזיקער אין די לעצטע יאָרן פון צאַרישן רעזשים, און אַז „ווי אַ מוזיקאַלישער פּעדאַגאָג פאַרנעמט בלומענפעלד נאָך איצט איינעם פון די ערשטע פּלעצער אין סאָוועטן־פאַרבאַנד".

און כדי דער טאַלאַנטפולער מוזיקאַנט זאָל זיך ניט פילן גע־קריוודעט, האָט מען אים צוגעגעבן אַ באַגלייטער, אַ צווייטן בלו־מענפעלד, יאָסיף סאַלאַמאָנאָוויטש. דער לעצטער האָט אין פאַר־לויף פון פיל יאָרן געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָל אין דער רעוואָ־לוציאָנערער באַוועגונג פון רוסלאַנד. ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער פּלעכאַנאָוו־אַקסעלראָד און זאַסוליטש־גרופּע „באַפרייונג פון אַרבעט" און איז געשטאָרבן אין סאָוועט־רוסלאַנד שוין נאָך דעם ווי די ערשטע סאָוועטישע ענציקלאָפּעדיע האָט אים אַריינ־גענומען אין איר טעמפּל פון גרויסע מענטשן. איצט איז ער נעלם געוואָרן...

צווישן די קרבנות פון דער נייער „עכט־רוסישער" ליניע געפינט זיך אויך בירא־בידזשאַן. עס ווערט דערמאָנט דאָס טייכל „בירא". אויף דאָס דערפל „בידזשאַן" האָט די ענציקלאָפּעדיע ניט פאַרגעסן. די געגנט אָבער, פון וועלכער דאָס טייכל און דערפל זיינען אַ טייל, האָט מען אויסגעלאָזן... דאָס אויסלאָזן האָט, אגב, באַפרייט פון דער ריזיקאַלישער אויפגאַבע צו שרייבן וועגן אַ לאַנד — און אַ באַוועגונג — וועמענס אַלע גרינדער, באַגרינדער און הויפּט־טוער זענען צעשאָסן, אָדער אויף אַן אַנדער אופן ליקווידירט געוואָרן. זייער צאָל איז, ווי באַקאַנט, זייער גרויס. עס איז גענוג צו דערמאָנען אברהם מערעזשין, יורי לאַרין, דימאַנט־

שטיין, ראַשקעס, פּראָפעסאָר ליבערמאַן און זייערע ווייניקער רעקלאַמירטע מיטאַרבעטער און נאָכפאָלגער...

פּאַר אונדזערע קאָמוניסטישע „קולטור־טרעגער" און זייערע מיטלויפער איז אָבער דאָ נאָך אַ טרייסט: אין דעם פאַל פון בירא־בידזשאַן, קענען זיי זאָגן, האָט די רעדאַקציע פון דער ענ־ציקלאָפּעדיע זיך באַנוצט מיט דעם זעלבן טריק וואָס אין דער געשיכטע מיט „ביקאַנספילד־דיזראַעלי". אויב די „ליניע" וועט זיך ענדערן, וועט מען נאָך קענען שרייבן וועגן בירא־בידזשאַן אין דעם צוועלפטן אָדער פופצנטן באַנד, אונטער דעם פאַרשטעלטן נאָמען „יעווריעיסקאַיאַ אַווטאָנאָמנאַיאַ טעריטאָריאַ" (יידישע אױ־טאָנאָמע געגנט)...

עס איז אמת, אַז מיט דעם זעלבן תירוץ האָט מען זיך גע־קענט באַנוצן אין דעם פאַל פון דעם נייעם באָלשעוויק „באָגדאַן כמעלניצקי", וועמען די יידן באַטראַכטן ווי דעם גרעסטן — ביז היטלערן — מאַסן־מערדער פון יידן. אין דער ערשטער סאָוועטי־שער ענציקלאָפּעדיע האָט מען אין דעם באַנד „באָ" כמעלניצקין אין גאַנצן ניט דערמאָנט. איצט האָט מען אים אַריינגענומען אין באַנד „באָ", אים אָפּגעגעבן צוויי און אַ האַלב זייטן (5 קאָלומס) פון גרויסן פאָרמאַט און צוגעגעבן נאָך צוויי פולע זייטן מיט קונסט־בילדער פון דעם „גרויסן אוקראַאינישן שטאַטסמאַן, מילי־טערישן פירער, אָרגאַניזאַטאָר און פרייהייטס־קעמפער"...

וועגן דעם, אגב, אַז דער „פרייהייטס־קעמפער" איז פאַראַנט־וואָרטלעך פאַרן טויט פון עטלעכע הונדערט טויזנט יידן, וואָס זיינע באַנדעס האָבן אויסגעשאָכטן אין די יאָרן ת"ח און ת"ט, (1649—1648), ווערט אין דער ענציקלאָפּעדיע מיט קיין וואָרט ניט דערמאָנט.

עס וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו מיינען, אַז די נייע אויס־גאַבע פון דער סאָוועטישער ענציקלאָפּעדיע איז אין גאַנצן „יידן־ריין". ביי דעם האַלט עס נאָך ניט. ווער ווייסט? ווען די סאָוועטישע דיקטאַטור זאָל ווייטער אָנהאַלטן איר ראַשיקע עוואָלוציע צום שאָוויניסטישן נאַציאָנאַליזם, וועט שוין דער צענטער באַנד זיין אין גאַנצן פריי פון יידישן „קאָסמאָפּאָליטיזם".

אָבער דערוויייל האָט די נייע רעדאַקציע פון דער נייער ענצי־קלאָפּעדיע איבערגעלאָזט עטלעכע „גוטע“ יידן, אָדער אַזעלכע יידן, וואָס שטאַרקן די איצטיקע „ליניע“ פון דער סאָוועטישער דיקטאַטור. זי האָט איבערגעלאָזט צוויי יידישע דיכטער, וועלכע שאַפן אין רוסיש — באַגריצקי און בעזימענסקי. און טאָמער וועט עמעצער אויסזעצן קעגן דעם, האָט די רעדאַקציע אַ באַרעכטיקונג. ביידע האָבן בייגעשטייערט מער ווי זייער חלק צו דעם נאַציאָנאַלן ספּאָרט פון פוצן סטאַלינס שטיוול.

1951—1952

## נאָך סטאַלינס טויט איז פעסטגעשטעלט געוואָרן:

אונטער סטאַלינען זיינען 15 פון די 27 קאָמוניסטישע פירער, וואָס האָבן אין 1936 פאַרפאַסט די סאָוועטישע קאָנסטיטוציע, ליקווידירט געוואָרן אַלס שפּיאָנען און פאַררעטער. עס זיינען אויך ליקווידירט געוואָרן 43 פון די 53 סעקרעטאַרן פון די צענט־ראַלע קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, 70 פון די 80 מיטגלידער פון סאָוועטישן העכסטן מיליטערישן ראַט, 3 פון די 5 מאַרשאַלן פון דער רויטער אַרמיי, 9 פון די 11 מיניסטאָרן פון דער רעגירונג אין 1936, 60 פּראָצענט פון אַלע סאָוועטישע גענעראַלן, אַרום 30 טויזנט אָפיצירן און 80 פּראָצענט פון די סעקרעטאַרן פון די „פּראָפסאָיוזן" (סאָוועטישע פּראָפפאַראיינען).

דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה. די מערסטע פון די קאָמוניסטישע פירער זיינען אויף סטאַלינס באַפעל ליקווידירט געוואָרן דורך דער ען־קאַ־ווע־דע, אין שפּיץ פון וועלכער עס איז פריער געשטאַנען הענריק יאַגאָדאַ און דערנאָך ניקאָלאַי יעזשאָוו. די איבעריקע האָט אָוועקגעשיקט אויף יענער וועלט זייער יורש לאַווערענטי בעריאַ און הינטער יעזשאָוון און בער־יאַן איז די גאַנצע צייט געשטאַנען מאַלענקאָוו. ער איז געווען סטאַלינס רעכטע האַנט און דער פאַרמיטלער צווישן סטאַלינען און דער ען־קאַ־ווע־דע.

אויף דער ערשטער קאָנפערענץ פון קאָמאינפאָרם, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין פּוילן אין 1947, זיינען די קאָמוניסטישע פּאַרטייען פון די סאַטעליטן־לענדער דאָרט געווען פאַרטראָטן דורך 12 דעלעגאַטן. 7 פון די 12 זיינען דערנאָך פון סטאַלינען און מאַלענקאָוון געשטעמפּלט געוואָרן אַלס „אַגענטן פון די אימפּע־ריאַליסטישע רעגירונגען".

די צווייטע קאָנפערענץ פון קאָמאינפאָרם איז פאָרגעקומען

אין יוני 1948. דאָרט זיינען געווען 14 דעלעגאַטן פון די סאַטעליטן־לענדער. זיבן פון זיי זיינען דערנאָך דערקלערט געוואָרן פאַר „פאַררעטער און אַגענטן פון וואָל־סטריט".

די דריטע קאָנפערענץ פון קאָמאינפאָרם איז צוזאַמענגערופן געוואָרן אין נאָוועמבער 1949, מיטן צוועק אַריינצוליגן אין חרם טיטאָן, און דערקלערן די יוגאָסלאַווישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי פאַר אַ „באַנדע פון מערדער און שפּיאָנען". עס זיינען דאָרט געווען 15 פאַרטרעטער פון די סאַטעליטן־לענדער. זעקס פון זיי זיינען דערנאָך געשטעמפּלט געוואָרן פון מאָסקווע אַלס „טיטאָיִס־טישע שפּיאָנען".

זינט די מלחמה האָט זיך געענדיקט, זיינען אין די זעקס סאַטעליטן־לענדער „אויסגערייניקט" געוואָרן עטלעכע און צוואַנ־ציק וויצע־פּרעמיערן, אַרום פופציק פון די וויכטיקסטע מיניס־טאָרן, אַרום 100 קאָמוניסטישע גענעראַלן און איבער טויזנט הויכע רעגירונגס־באַאַמטע און אַנגעזעענע טוער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

דער גרעסטער און וויכטיקסטער פון די אַלע „שפּיאָנען", ווייזט זיך אַרויס, איז געווען בעריאַ. לויט דעם אָפיציעלן באַריכט פון מאָסקווע איז ער געווען אַן „ענגלישער אַגענט" נאָך אין 1919, און ער האָט די אַלע יאָרן „געטריי געדינט די פיינט פון סאָוועטן־פאַרבאַנד". אָבער בעריאַ איז דאָך זינט 1938 געווען דער אַלמעכ־טיקער הויפּט פון דעם גאַנצן ריזיקן פּאָליציי־אַפּאַראַט פון סאָוועט־רוסלאַנד און סטאַלינס פּאַרטרויונגס־מענטש! הייסט דאָך דאָס, אַז די אַלע הונדערטער טויזנטער מענטשן, וואָס זיינען אין פאַר־לויף פון די לעצטע 15 יאָר, אויף דעם אָדער אויף יענעם אופן, ליקווידירט געוואָרן אין סאָוועט־רוסלאַנד, זיינען אומגעבראַכט געוואָרן פון אַ שפּיאָן און אַגענט פון די שונאים פון סאָוועט־רוס־לאַנד!?

אפשר זיינען נאָך דאָ צווישן די קאָמוניסטישע צאַן קדשים אַזוינע נאַראָנים, וואָס גלייבן אין אָט די אַלע בבא־מעשיות. די קאָמוניסטישע פירער אָבער פון אַלע לענדער ווייסן, אַז בעריאַ איז געווען פונקט אַזאַ „שפּיאָן" ווי סלאַנסקי פון טשעכאָסלאָוואַקיע,

און סלאַגסקי פונקט אַזאַ שפּיאָן ווי זינאָוויעוו, בוכאַרין און די אַנדערע פירער פון דער רוסישער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, וועלכע סטאַלין האָט אויסגעהרגעט.

**„פאָרווערטס", 14 פעברואַר 1954**

## דער קאָמוניסטישער קאָנגרעס אין מאָסקווע
## איז געווען יידן־ריין

צו דעם ניינצנטן צוזאַמענפאָר פון דער קאָמוניסטישער פּאַר־טיי פון סאָוועטן־פאַרבאַנד אין חודש אָקטאָבער 1952, זיינען געקומען 1,192 פולע דעלעגאַטן און 167 „האַלבע" דעלעגאַטן.

פון דעם באַריכט, וואָס די מאַנדאַטן־קאָמיסיע האָט צוגעשטעלט צו דעם צוזאַמענפאָר, דערוויסן מיר זיך, אַז די דרייצן הונדערט דעלעגאַטן האָבן פאַרטראָטן קנאַפּע זיבן מיליאָן מיטגלידער — אַ צוּוואוקס פון פיר מיט אַ האַלבן מיליאָן זינט דעם לעצטן קאָנ־גרעס, מיט 13 יאָר צוריק.

פון דעם באַריכט דערוויסן מיר זיך אויך אַ סך אַנדערע זאַכן. אייניקע פון זיי זיינען פון אַ ספּעציעלן אינטערעס פאַר די יידישע לייענער.

מיר דערוויסן זיך, אַז צווישן די איבער דרייצן הונדערט דעלעגאַטן זיינען בלויז 14 (1.2 פּראָצענט) געווען „אַלטע באָלשע־וויקעס", דאָס הייסט, אַזעלכע קאָמוניסטן, וואָס זיינען געווען אַק־טיוו אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פאַר דער באָלשעוויס־טישער איבערקערעניש פון אָקטאָבער 1917.

מיט פרייד און שטאָלץ האָט דער באַריכטגעבער אויך געלאָזט וויסן אַז די דעלעגאַטן האָבן פאַרטראָטן אַן אומגעווייגלעך גרויסע צאָל נאַציאָנאַליטעטן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד. לויט זייער אָפּשטאַ־מונג האָט ער געזאָגט, שטאַמען זיי פון גאַנצע 37 פאַרשידענע פעלקער: רוסן, אוקראַינער, ווייסרוסן, אַזערביידזשאַנער, גרוזי־נער, אַרמעניער, קאַזאַכן, אוזבעקן, טורקמענער, קירגיזן, טאַדזשי־קן, קאַרעלן, ליטווינער, לעטן, עסטאָנצעס, מאָלדאַוואַנער, באַשקירן, בוריאַטן, טשוואַשן, מאָרדווינער, אודמורטן, אָסעטינער, טאָטערן,

קאַמיס, יאַקוטן, מאַריצעס, „פעלקער און שבטים" („נאַראָדנאָס־טי") פון דאַגעסטאַן, און — 6—7 אַנדערע.

און יידן?

יידן ווערן אין דער לאַנגער רשימה ניט דערמאָנט. זיי האָט דער פאַרטרעטער פון קאָמוניסטישן צענטראַל־קאָמיטעט אַריינ־גענומען אין דער אַנאָנימער רשימה פון 6—7 „אַנדערע", פון איס ניט־דערמאָנטע, פעלקער. האַלב־ווילדע ראַסן און פעלקער, נאָמאַדן, וואָס וואַנדערן אַרום איבער די טונדרעס און טייגעס פון סיביר און האָבן ביז מיט אַ פּאָר יאָר צוריק ניט געהאַט קיין אייגענעם אַלף־בית — זיינען אין דער רשימה אַריין, אָבער ניט די יידן; זיי האָט דער אָפיציעלער רעדנער זיך געשעמט צו דערמאָנען.

נאָר אפשר איז דאָ אַ לאָגיק אין דעם. די „אַנדערע" סאָוועטישע פעלקער, צווישן וועלכע מען האָט אַריינגערעכנט די יידישע דעלעגאַטן, זיינען אין אייך פּרט ענלעך צו די סאָוועטישע יידן. אויך זיי האָבן ניט קיין צייטונגען און זשורנאַלן אין זייער אייגע־נער פּאָלקסשפּראַך. דער אונטערשייד באַשטייט בלויז אין דעם, וואָס זיי האָבן נאָך ניט, און די יידן האָבן שוין ניט קיין אייגענע צייטונגען.

פאַר די 13 יאָר, וואָס זיינען פאַרלאָפן צווישן דעם 18טן און 19טן צוזאַמענפאַר, זיינען צוגעקומען מער ווי פינף מיליאָן נייע מיטגלידער. עס איז מיר דעריבער געווען אינטערעסאַנט אויס־צוגעפינען וואָס איז זייער נאַציאָנאַלער צוזאַמענשטעל, ווי גרויס איז די צאָל אָדער דער פּראָצענט פון רוסן, אוקראַינער, בעלאָרוסן און „אַנדערע" צווישן זיי? נאָך די פריערדיקע צוזאַמענפאָרן האָט מען געוווסט, צום ביישפּיל, אַז אין 1927 זיינען אין די קאָמוניס־טישע אָרגאַניזאַציעס פון דער „רוסישער" סאָוועטן־רעפּובליק געווען פיר פּראָצענט יידן, אין די אָרגאַניזאַציעס פון אוקראַינע — 23 פּראָצענט, און אין ווייסרוסלאַנד — מינסק, באָברויסק, מאָהילעוו, האָמעל — העכער 45 פּראָצענט. די זעלבע קוועלן האָבן אויך גע־וויזן, אַז דער פּראָצענט פון יידישע קאָמוניסטן האָט כמעט אומע־טום אָפּגעשפּיגלט דעם פּראָצענט פון יידן צווישן דער אַלגעמיינער שטאָטישער באַפעלקערונג פון יענע רעפּובליקן און פּראָווינצן.

איבּ דער פּראָצענט יידן צווישן דער שטאָטישער באַפעלקערונג איז געווען 10 פּראָצענט, האָט דאָס כמעט תמיד געמיינט, אַז דער פּראָצענט פון יידישע קאָמוניסטן איז אויך אַרום 10 פּראָצענט. נו, איז אָבער דער באַריכט פון לעצטן צוזאַמענפאָר אַזוי געשיקט צוזאַמענגעשטעלט, אַז אַפילו אויף דעם אומדירעקטן אופן איז אוממעגלעך פעסטצושטעלן צי עס זיינען נאָך דאָ יידן אין מינסק, ווילנע, האָמעל, קיעוו, אָדעס — און ווי גרויס עס איז זייער צאָל.

אויף דעם מאָסקווער קאָנגרעס זיינען געווען דעלעגאַטן פון 30 טויזנט קאָמוניסטן אין מערב־ווייסרוסלאַנד (געוועזענע פּראָ־ווינצן פון מזרח־פּוילן). אויך דעלעגאַטן פון 50 טויזנט לעטן, 36 טויזנט ליטווינער און 31 טויזנט עסטאָניער. דאָס זיינען אַלץ געגנטן, אין וועלכע עס האָבן פאַר דער מלחמה געלעבט אַ סך יידן.

וויפל פון די דאָזיקע דעלעגאַטן זיינען יידן — איז אַ סוד. אַ סוד איז אויך, נאַטירלעך, וויפל יידן עס געפינען זיך צווישן די 129 דעלעגאַטן, וואָס די מאָסקווער אָרגאַניזאַציעס האָבן אַריינגע־שיקט. און אין מאָסקווע, דאַרפט איר וויסן, לעבן היינט־צו־טאָג מער ווי אַ פערטל מיליאָן יידן.

וועגן אַנדערע פעלקער איז דאָס ווייט ניט אַזאַ שטרענג־אָפּגע־היטער סוד.

דער באַריכט ווייזט, אַז די קאַזאַכער דעלעגאַציע האָט גע־ציילט 42 דעלעגאַטן; די גרוזינישע — 32; די ווייסרוסישע — 28; די אוזבעקישע — 25; די אַזערביידזשאַנישע — 23; די באַש־קירישע און די טאָטערישע — צו 15 יעדע; די אַלטאַיער — 14; די כאַבאַראָווסקער — 18, און פון דער „יידישער אויטאָנאָמער אָב־לאַסט״ — בירא־בידזשאַן — וואָס גרענעצט זיך, אגב, מיט די ערשט־דערמאָנטע פּראָווינצן, איז די דעלעגאַציע באַשטאַנען — פון קיי־לעכדיקע נולן... אויב אַזאַ אויסדרוק איז דערלויבט.

„די יידישע אויטאָנאָמע אָבלאַסט״ — בירא־בידזשאַן — און איר דעלעגאַציע, ווערן אין דעם באַריכט אין גאַנצן ניט דערמאָנט. זי ווערט פאַרשוויגן ניט געקוקט אויף דעם, וואָס אויף דער לעצ־טער סאָוועטישער מאַפּע, וואָס איז געדרוקט אין מאָסקווע אין יאָר

1949, געפינט זי זיך נאָך... איז עס מעגלעך, אַז זי איז שוין אָפּי־ציעל ליקווידירט, נאָר מען שעמט זיך אויסצוזאָגן ?!

דער שוין דערמאָנטער באַריכט האָט אויך געמאָלדן נאָך אַ „פריילעכע בשורה". צו דעם סאָוועטישן קאָנגרעס זיינען אויך געקומען גאַנצע 44 דעלעגאַציעס פון 44 קאָמוניסטישע פּאַרטייען אין אויסלאַנד.

איך האָב דורכגעקוקט אויפמערקזאַם די רשימה פון די לענ־דער און די נעמען פון די פּאַרטייען. די קאָמוניסטן פון ישראל זיינען געווען פאַרטראָטן דורך 2 דעלעגאַטן — איין ייד און איין אַראַבער. אין דער אונגאַרישער דעלעגאַציע ווערט דערמאָנט דער נאָמען פון אַ „יידישן" קאָמוניסט — ראַקאָשי. אין איר פעלט אָבער, צום ערשטן מאָל, זינט פיל יאָרן, דער באַרימטער וואַרגאַ. פון דער פּוילישער דעלעגאַציע זיינען אַרויסגעפאַלן די צוויי „יידישע" באַרימטהייטן — הילאַרי מינץ און יאַקוב בערמאַן. פון דער דייט־שער — פעלט דער „באַרימטער" קאָמינטערן־טוער גערהאַרט אייזלער, וועלכער האָט נאָך זיין אַנטלויפן פון אַמעריקע פאַרנו־מען אַזאַ אָנגעזעענעם פּלאַץ אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג פון מזרח־דייטשלאַנד. עס גלאַנצן מיט זייער אָפּוועזנהייט אויך אַלע אַנדערע פּראָמינענטע יידישע קאָמוניסטן פון די איבעריקע סאַטעליטן־לענדער, טשעכאָסלאָוואַקיע, רומעניע און בולגאַריע אַריינגערעכנט. דער זעלבער „בלויז" מערקט זיך אויך אין דעם צוזאַמענשטעל פון אַלע אַנדערע אייראָפּעישע און אַמעריקאַנישע דעלעגאַציעס. אַן אויסנאַם פון דעם כלל, אויב אַזאַ איז געווען, זיינען אפשר די דעלעגאַציעס פון כינע, קאָרעאַ, מאָנגאָליע, אינדיע, אינ־דאָנעזיע און איראַן. זייערע „עכט־כינעזישע" נעמען זאָגן מיר גאָר ניט. אין די 44 אויסלענדישע דעלעגאַציעס האָב איך געפונ־נען נאָר 2—3 יידן.

האָבנדיק דאָס אין זינען, בין איך, זעלבפאַרשטענדלעך, ניט געווען שטאַרק איבערראַשט, ווען שטודירנדיק דעם צוזאַמענשטעל פון די נייע צענטראַלע קערפּערשאַפטן פון דער קאָמוניסטישער רעגירונגס־פּאַרטיי, האָב איך צווישן זיי געפונען נאָר צוויי באַ־

קאַנטע יידישע נעמען. לאַזאַר קאַגאַנאָוויטש איז איינער פון זיי און גענעראַל מעכליס — דער צווייטער.

דאָס זיינען די איינציקע „יידן", וואָס איך האָב געפונען צווישן די מיטגלידער פון „צענטראַל־קאָמיטעט", „צענטראַלן קאָנטראָל־קאָמיטעט", „פּרעזידיום", און „סעקרעטאַריאַט" — עטלעכע הונ־דערט מיטגלידער, און צווישן זיי נאָר צוויי יידן.

דאָס וואָס אין די העכסטע פּאַרטיי־און מלוכה־אינסטאַנצן האָט מען איצט אַריינגענומען נאָר צוויי יידן, איז זייער סימבאָליש. אַזאַ זאַך וואָלט געווען אוממעגלעך פריער, אין די יאָרן, ווען די קאָמוניסטישע פירער האָבן נאָך געגלייבט אין קאָמוניזם און גע־שטרעבט באמת צו „סאָציאַליזם" — הגם דורך שעדלעכע און דורכויס אַמאָראַלישע מעטאָדן. דאָס וואָלט ניט געווען מעגלעך, ווען לענין, טראָצקי, ריקאָוו, קאַמעניעוו און זינאָוויעוו זיינען גע־שטאַנען ביי דער מאַכט. אין 1926, ווען לענין איז שוין געווען טויט און טראָצקי איז געווען פאַרשיקט אין די ווייטע אַזיאַטישע מקומות, זיינען נאָך אין דעם צענטראַל־קאָמיטעט געווען 12 יידן און אין דער צענטראַלער קאָנטראָל־קאָמיסיע — 13 יידן (צווישן 162 מיטגלידער).

לאָמיר אָבער ניט מאַכן קיין טעות. די געבראַכטע פאַקטן דערלויבן נאָך ניט צו מאַכן דעם אויספיר, אַז ביים קאָנגרעס, אָדער אין די העכערע פּאַרטיי־ און רעגירונגס־קרייזן באַמערקן זיך שוין קלאָרע סימנים פון אָפענעם אַנטיסעמיטיזם. ביי דעם האַלט עס נאָך ניט. וואָס עס איז יאָ דאָ — און צום באַדויערן אין אַ זייער גרויסער מאָס — איז אַ „באַהאַלטענער", פיל ווייניק פאַר־שלייערטער אַנטיסעמיטיזם. אַ „שטילער", בלוטלאָזער אַנטיסעמי־טיזם, וואָס זוכט קינסטלעך צו אַסימילירן און רוסיפ׳ציִרן די קאָמו־ניסטישע לענדער, און באַרעכטיקט די דאָזיקע האַנדלונג דורך פּסוקים פון לענינען און סטאַלינען...

דאָס סיסטעמאַטישע פאַרשווייגן פון יידן און פון זייער ראָל אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, האָט באַלד נאָכן מאָסקווער קאָנגרעס געפונען איר אָפּקלאַנג אויך אויסער די סאָוועטישע

גרענעצן — אין דעם שאַנד־פּראָצעס פון פּראָג און אין אַ סאָוועטישן אַנאָנס אין ניו־יאָרק...

באַלד נאָכן צוזאַמענפאָר, דעם 16טן נאָוועמבער, איז אין דער ניו־יאָרקער רוסישער צייטונג „נאָוואָיע רוסקאָיע סלאָוואָ" דערשינען אַ באַצאָלטער אַנאָנס פון דער גרויסער סאָוועטישער בוכהאַנדלונג, „פּיר קאָנטינענטן", 55 וועסט 56סטע סטריט, ניו־יאָרק, וואָס האָט אַ דירעקטע שייכות צו אונדזער טעמע און דאַרף אונדז יידן שטאַרק אינטערעסירן.

אין דעם אַנאָנס האָבן די פאַרטרעטער פון די סאָוועטישע פאַרלאַגן און סאָוועטישע צייטשריפטן געלאָזט וויסן, אַז מען קען ביי זיי אַבאָנירן צייטונגען און זשורנאַלן, וואָס ווערן געדרוקט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, און ניט בלויז אין דער רוסישער שפּראַך, נאָר אויך אין אַ סך אַנדערע ניט־רוסישע שפּראַכן:

„אין רוסיש, ווייסרוסיש, אוקראַיִניש, עסטאָניש, לעטיש, אַרמעניש, אַזערביידזשאַניש, מאָלדאַוויש, קאַזאַכיש, קירגיזיש, טאַדזשיקיש און אוזבעקיש. אויך אויף פעריאָדישע אויסגאַבן אין ענגליש, פראַנצויזיש, דייטש, פּויליש, שפּאַניש, שוועדיש און כינעזיש" — וואָס דערשיינען אין רוסלאַנד...

ווי דער לייענער האָט שוין אַליין באַמערקט, קען מען זיך אַבאָנירן דורך דער סאָוועטישער אַגענטור אויף זשורנאַלן און צייטונגען אין 19 פאַרשידענע שפּראַכן — קירגיזישע, טאַדזשיקישע, אוזבעקישע און כינעזישע אַריינגערעכנט, אָבער ניט אין יידיש. ניט אין דער שפּראַך, וואָס וואָלט אין ניו־יאָרק געקענט קריגן די גרעסטע צאָל לייענער. עס איז קלאָר, אַז אויב די עטלעכע מיליאָן יידן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד און פון די אַנעקסירטע באַלטישע, מזרח־פּוילישע און מערב־אוקראַיִנישע פּראָווינצן וואָלטן געהאַט כאָטש איין צייטשריפט אַזאַ, וואָלט די סאָוועטישע בוכהאַנדלונג ניט געהאַלטן דאָס בסוד...

נאָר אפשר באַהאַלט זיך דאָ עפּעס אַ טעות? אין דעם אַנאָנס איז דאָ אַ שורה, וואָס רעקאָמענדירט אויסצושרייבן פון דעם מאַגאַזין אַ פולן קאַטאַלאָג פון אַלע זייערע אויסגאַבן, וואָס מען קען אַבאָנירן פאַרן קומענדיקן יאָר. דער קאַטאַלאָג ליגט איצט

אויף מיין שרייבטיש. ער ווייזט, אַז דער באַצאָלטער אַנאָנס האָט ניט געמאַכט קיין טעות. דורך דער סאָוועטישער בוכהאַנדלונג קען מען אויסשרייבן 270 צייטונגען און זשורנאַלן, אַלגעמיינע און ספּעציעלע, אין דער רוסישער שפּראַך. מען קען אויך אויסשרייבן אַ באַדייטנדיקע צאָל צייטונגען און פּעריאָדישע אויסגאַבן אין די 19 ניט־רוסישע שפּראַכן, אָבער צווישן זיי אַלע איז ניטאָ קיין איין צייטונג, קיין איין וואָכנבלאַט, קיין איין מאָנאַטשריפט אין דער יידישער אָדער העברעישער שפּראַך... „ווען עס וואָלט געווען, וואָלטן מיר זיך ניט געשעמט און זיי אַריינגעשטעלט אין קאַטאַ־לאָג" — האָט מען מיר געענטפערט אויף מיין טעלעפאָנישער אָנפראַגע.

1952

## ביז איצט דערשינענע ביכער אין פאַרלאַג „המנורה":

אַנאַ פראַנק — **טאָגבוך פון אַ מיידל.**

ש. פראַנק — **טאָגבוך פון לאָדזשער געטאָ.**

באָריס פּאַסטערנאַק — **דאָקטאָר זשיוואַגאָ, 2 בענד.**

מ. מאַן — **דאָס הויז צווישן דערנער** (18 ישראל־נאָוועלן)

ראָבערט סענט דזשאָן — **דוד בן־גוריון** (לעבנסגעשיכטע פון אַן אומגעוויינ־לעכן מענטש).

מיכאל ווייכערט — **זכרונות, 1־טע טייל.**

מיכאל ווייכערט — **וואַרשע, זכרונות 2־טע טייל.**

מיכאל ווייכערט — **יידישע אַליינהילף.**

מיכאל ווייכערט — **מלחמה 1939—1945**, זכרונות 3טער באַנד.

אַנדרעי שוואַרץ־באַרט — **דער לעצטער פון די צדיקים.**

שלמה שנהוד — **מיט חלום איבער תהום**, לידער.

לענאַ קיכלער־זילבערמאַן — **מיינע הונדערט קינדער**, מיט אַ פאָרוואָרט פון רחל ינאית בן־צבי — ישראל־פרעזידענטס פרוי.

אבא גאָרדין — **שלמה המלך**, היסטאָרישער ראָמאַן.

אבא גאָרדין — **משה**, זיין לעבן און לערע.

משה וויטיעס — **מסות על ספרות** (עסייען וועגן ליטעראַטור). — העברעיש.

יוסף פּאַפּיערניקאָוו — **פרי גני** (**פירות פון מיין גאָרטן**), (לידער אין העברעיש).

ד"ר יעקב צינעמאַן — **עמיל זאָלאַ**, אַ לעבן פון אַ שרייבער און קעמפער. (פרעמירט דורך אַדאָלף־ניומאַן פאָנד).

מ. צאַנין — **תל־עולם.** מסע על פני 100 קהילות נחרבות. (העברעיש).

אברהם קריב — **ליטא מכורתי — מיין היימלאַנד ליטע.** עברית־יידיש.

יחזקאל בראָנשטיין — **פון אייגן הויז.** עסייען און שרייבער, וואָס איך האָב געקענט.

מאיר זימל טקאַטש — **מיין האָב און גאָב.** געזאַמלטע פּערזן. **2־טער באַנד.**

פיאָטער ראָוויטש — **דם השמים.** פון פראַנצויזיש (העברעיש).

ד"ר ר. בן־שם — **אני והוא.** פסיכולוגיה פרוידיאנית (העברעיש).

רחל אוירבך — **מרד גיטו וארשה** (העברעיש).

דב שילאַנסקי — **מוזלמאַן** (ענגליש).

הרב אברהם העפטערמאַן — **אַזוי לעבן יידן.** רבנים, ראַבאַיס און סתם־יידן אין אַמעריקאַנער כתרילעווקע.

י. גאָלדקאָרן — **פון וועלט־קוואַל.** קליינע עסייען וועגן גרויסע מענטשן.

א. בוסתן — **חיים ווייצמאַן.** לעבן און ווערק.

יעקב זינגער — **דער יונגער דזשייקאָבס,** ראָמאַן.

י. גאָלדקאָרן — **לאַדזשער פּאָרטרעטן.** אומגעקומענע שרייבער.

ד״ר ח. שאָשקעס — **מיט יידן אין ווייטע לענדער.**

ד״ר ח. שאָשקעס — **עולם ומלואו של ר׳ חיים שאָשקעס** (העברעיש).

א. גאָפּלאַט — **געשטויגן און געפלויגן.** ישראל אויף פריילעך.

ש. ראָזענבערג — **שבתי צבי.** היסטאָרישער ראָמאַן.

ב. אפשטיין — **בערבות הפאמפה** (העברעיש)

ד״ר י. הרציג — **נדודי במלחמה ויאסלו עירי.**

ספר יזכור — **קוסוב** (הוצולסקי).

ז. בונין — **פון פרילינג ביז האַרבסט.** לידער און פּאָעמען.

מלכה חפץ טוזמאַן — **שאָטנס פון געדענקען.** לידער.

## ביכער אין דרוק:

ש. י. עגנון — **פון דאַנען און פון דאָרטן.** 7 סיפורים און נאָך איינער.

א. בייזער — **פיר זענען זיי געווען.** ראָמאַן.

מ. ש. גשורי — **ירושלים עיר המוסיקה** (העברעיש).

אפרים קאַגאַנאָווסקי — **אַ טונקעלע דירה.** דערציילונג.

יהושע גלבוע — **העברעישער ספרים־שאַנק.**

בערטאַ פערדערבער־זאַלץ — **און די זון האָט געשיינט.**

ל. קוסמאַן — **בלעטער רוישן.** לידער.

יעקב כהן — **אין פלאַם פון דאָרן.** לידער.

מ. באַלבערישסקי — **שטאַרקער פון אייזן.**

הרב הובבנד — **קידוש השם בימי השואה.**

**צענטראַלע פאַרשפּרייטונג פאַר דער גאַנצער וועלט פון:**

ש. אַש — **דער נביא.**

מ. צאַנין — **פולער העברעיש־יידישער ווערטערבוך, 2 בענדער.**

מ. צאַנין — **שבתדיקע שמועסן.**

יצחק גרינבוים — **פון מיין דור.**

יהושע שלייען — **איינער האָט זיך געראַטעוועט.**

לעאָן יוריס — **עקזאָדוס, 3 בענד.**

יצחק פּערלאָוו — **מיינע 7 גוטע יאָר.**

לאָרד ראַסעל — **די בייטש פון האַקנקרייץ.**

ז. שניאור — **די משומדתטע.**

ז. שניאור — **אַ טאָג עולם־הזה.**

**אַלמאַנאַך פון די יידישע שרייבער אין ישראל, 1963.**

יוסף שטשאַווינסקי — **אונטער איין דאַך.** דערציילונגען.